וויקטאָר הוגאָ

# דער מענש וואָס לאַכט

ראָמאַן אין צוויי בענד.

באַנד 1.

פערלאג
מאַקס יאַנקאָוויץ, 179 איסט בראָדוויי
ניו־יארק.
1920

# 1טער קאפיטעל.

אין איינעם פון די קעלטסטע אווענדען פון יאנואר 1690, איז אין א ווינקעל פון פארטלאנדער ים־אויסגוס פארגעקומען עטוואס אויסערגעוועהנליכעס. גאנצע מחנות ים פויגעל האבען זיך מיט הילכיגע געשרייען געדרעהט אין דער לופטען ארום איינעם פון די דארטיגע קליינע בוכטעלאך און מורא געהאט אהין אריינצופליען צו זייערע נעסטען אויף די הויכע ווילדע פעלזען.

די בוכטע איז געווען די געפערליכסטע פון אלע אנדערע אין יענעם ווינקעל. דער שמאלער אריינגאנג פון דעם איינגוס איז געווען באזעצט מיט פעלזען אונטערן וואסער. אום זיי אויסצומיידען האט מען געדארפט גענוי וויסען, וואו יעדער שטיין געפינט זיך. דערצו נאך זיין גענוג פלינק צו לאווירען הין און הער, און נאך אלעמען איז דער וועג געווען געפערליך, בפרט נאך ביי א שטארקען ווינט. די בוכטע איז דעריבער געשטאנען וויסט און לער, און זעלטען ווער עס האט געוואגט צו שטערען די רוה פון איהרע איינציגע איינוואוינער, די ים־פויגעל אין זייערע נעסטען. דערפאר איז די דאזיגע בוכטע געווען ווי געוואונשען פאר אזעלכע שיפען וואס דארפען זיך באהאלטען פון פארפאלגער.

אין יענעם אווענד איז דארט אזא שיף געשטאנען. הארט ביים ברעג צוגעשפארט צו א הויכען פעלז. דאס איז געווען אן אורקע — אזא פלאכע זעגעל־שיף, פלינק באוועגליך ווי א פיפיג ים־פויגעל.

די בוכטע איז געווען ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט פעלזיגע ברעגען, וועלכע האבען זיך אויפגעהויבען העכער ווי די גאנצע ברייט איהרע. איצט איז דארט אונטען געווען פינסטער, ווי אויפ'ן דעק פון א טיפען ברונעם. אויבען איז נאר וואס די זון פארגאנגען, פון איינעם א פעלז האט אין מיטען ארויסגעשטרעקט א נידעריג פלאכער

שטיינערנער געזימס, דאָס איינציגע אָרט וואו מען האָט געקענט א פּוס אנידער שטעלן. אהין האָט מען פון שיף אריבערגעוואָרפן א שמאָלע ברעטל — א דורכגאַנג צווישן שיף און ברעג. פינסטערע שאָטנס־סילועטן האָבן זיך באַוועגט הין און הער איבער דעם דאָזיגן שוואַכן באַוועגנדן בריק, און אין דער פינסטער איבערגעטראָגן זייערע פּעקלאַך צום שיף.

שאָטנס־סילועטן באַמערקט מען אין דער פינסטער באַזונדערס שאַרף, זיי קומען אויס בולט, ווי אויסגעשניצט. מען האָט גוט געזעהן די געריצטע ברעגן פון זייערע קליידער, לויטער לאַפּן און שמאַטעס.

איבערן פעלז האָט זיך געצויגן א שמאָל שטעגל, קוים צו באַמערקן אין דער פינסטער. דער באַרג־אראָפּ פון פעלז איז געווען אָפּגעריסן, כמעט ווי א שטעהענדע גלייכע וואַנט, קוים משופּע. דאָס געשלענגעלטע שטעגעלע איז געווען מעהר מסוגל פאַר ווילדע ציגן צו קלעטערן אויף גלייכע ווענט, איידער פאַר מענשען צו קריכן אויף אַלע פיער. דאָס איז אָבער געווען דער איינציגער וועג ווי מען האָט געקאָנט דערלאַנגען פון אויבן ברעג צום שיף איבערן אריבערגעוואָרפענעם שמאָלן ברעט. מיט דעם שטעגעלע האָבן זיך קענטיג אראָפּגעלאָזן די פּאַסאַזשירען וואָס די אורקע האָט אויף זיי געוואַרט דאָ אין בוכטע. זיי האָבן זיך קענטיג שטאַרק געאיילט, וואָס גיכער אָפּצושווימען.

אַכט פּאַרשוין זענען זיי געווען, צווישען זיי איז געווען איינע אדער צוויי פרויען, אויף קלאָר האָט מען זיי ניט געקאָנט באַמערקען אין דער פינסטער. זיי זענען אַלע געווען איינגעהילט אין שמאַטעס וועלכע מען קען ניט אָנרופען ניט מענערשע, ניט ווייבערשע קליידער. שמאַטעס האָבן ניט קיין געשלעכט. איין שאָטען א קלענערס האָט זיך געפּלאָנטערט צווישען די גרויסע. דאָס האָט געקאָנט זיין א שאָטען פון א קאַרליק אדער פון א קינד.

דאָס איז געווען א קינד.

---

# 2טער קאַפּיטעל.

איינער פון דער גרופּע איז קענטיג געווען דער אַנפירער זייערער. זיינע שמאַטעס זענען געווען באַפּוצט מיט גאָלדערנע שנירעלעך, פיינע שמוקלער ארבייט, אויסערדעם האָט ער געטראָגען א זשילעט אויסגע־נייט מיט מעטאל פליטערלאך גלאנציג, ווי א פישען בייכעל, א צוויי־טער האָט געטראָגען א הוט מיט ברייטע ברעגען אראָפּגעלאָזען אויפ׳ן געזיכט. ער האָט זיך געהאלטען שטאָלץ, — קענטיג א געלערנטער. דאָס קינד איז לויטן וואוקס זיינעם, אלט געווען א יאָהר צעהן־צוועלף. איבער די שמאַטעס האָט ער געטראָגען א לייוועטענעם מאַט־ראַזען לייבעל וואס האָט איהם דערגרייכט ביז איבער די קני. די פיס — באָרוועס.

די קאַמאנדע פון דער שיף איז באַשטאַנען פון א באלאבאָס מיט צוויי מאַטראָזען. די פּאַסאַזשירען האָבען צווישען זיך גערעדט שטיל אויף א געמישטער שפּראך פון שפּאַנישע, דייטשע, פראַנצויזישע און ענגלישע ווערטער, — א מין געמיינער זשארגאָן פון פּראָסטען עולם אדער א ספּעציעלער גנב׳ישער לשון. ניכער פון אלץ איז דאָס געווען א קאַמפּאַניע צונויפגעשטעלט פון פארשידענע נאַציאָנען אין איין פאר־ברעכערישער באנדע. און ווי דער שטייגער ביי פארברעכער האָבען זיך אלע, פּאַסאַזשירען און מאַטראָזען, געהאלטען גוט ברידערליך און צו־זאַמען.

איין שבח מוז מען זיי נאָכזאָגען: פרום זענען זיי אלע געווען. זיי האָבען אלע געטראָגען קרענץ־פּאַציערקעס, ווי דער מנהג איז ביי פרומע קאַטאָליקען, אויפ׳ן נאָז פון שיף איז געווען אויסגעקריצט א בילד פון דער הייליגער מוטער מיט גאָלד באַפּוצט. אונטערן בילד א גרויס לאַמטערן, וואָס האָט געדינט א צווייענדיגען צוועק, פאר א נר־תמיד צום הייליגען בילד און צו באלייכטען דעם וועג. איצט איז דער לאַמטערן פארלאָשען — א סימן אז די פארשוינען האָבען מורא פאר דער ליכטיגער שיין. ביי די פיס פון דער הייליגער מוטער איז גע־שטאַנען נאָך א בילד: א מלאך אויף די קני מיט צונויפגעלעגטע הענט.

אונטערן פעלז איז געלעגען אנגעווארפען א בארג מיט באגאזש. עטליכע זעקלעך געטריקענטע ברויט, א קעסטעל בוליאן־עקסטראקט, פיער פעסלעך: איינס — מיט טרוקענע פיש, איינס — מיט זיס וואַסער, איינס — מיט ביער און איינס — מיט פעד. עטליכע פלעשלעך מיט שנאפס, א פאק קלאטשע אויף פאקלען און סיגנאלען. עטליכע קופערטס און קאסטענס און אן לאטער סעפעט, פארצויגען מיט רימענס. א סעפעט איז א סימן פון וואנדערלעבען. אזא בעל־הב'תישקייט פארמאגט יעדער איינער, ער וואלט אפשר אמאל געוואלט אוועקפליהען ערגעץ ווי א פויגעלע — שטערט די דאזיגע קבצנישע בעל־הבתישקייט: יעדער שלעפער האט דאך פארט וועלכע ס'ניט איז פרנסה· די פרנסה ברויכט געוויסע מכשירים, געצייג, אונזערע שלעפער האבען אויך געהאט א פעקעל געצייג.

דאס ביסעל ארעמקייט האבען זיי איילענדיג געטראגען איבערן ברעט צום שיף. דאס קינד האט אויך מיטגעהאלפען, געשלעפט ווי פיעל זיין כח האט נאר ערלויבט. זיך געהיילט, וואוהין? דאס האט ער קענטיג אליין ניט געוואוסט. ער האט נאר נאכגעטאן די עלטערע, קיין קרבים האט ער צווישען זיי ניט געהאט, זיי האבען איהם געצוואונגען טראגען, און ער האט געפאלגט, וואס מען האט איהם געהייסען. אלע האבען זיך מיט איהם געשאפט. ער האט אלעמען באדינט, און קיינער האט מיט איהם ניט גערעדט.

מען האט שוין אריבער געטראגען דעם לעצטען קאסטען. די צוויי פרויען זענען שוין געווען אויפ'ן שיף, די אנדערע פינף מיט'ן קינד זענען נאך געשטאנען אויפ'ן ברעג פעלז, איצט האט זיך אנגעפאנגען א גערודער אויפ'ן שיף, דער בעל־הבית האט זיך גענומען צום רודער, איין מאטראז האט געהאלטען א האק אויף איבערהאקען די שטריק וואס האלט די שיף צום ברעג, נאך א סימן אז זיי אנטלויפען אין איילעניש. ווען מען האט צייט — בינט מען אב די שטריק. דער אנפירער מיט די פליטערלעך האט א קאמאנדע געטאן „אריין"! דאס קינד האט זיך א לאז געטאן צום ברעט, געוואלט צוערשט אריין אין שיף, נאר צוויי עלטערע זענען האסטיג צוגעשפרונגען, פארלאפען איהם דעם וועג, זייענדיג אין געפאר איז וואסער אריינצופאלען. דער דריטער האט איהם מיט'ן עלענבויגען אפגעשטויסען און פארבייגעגאנגען, דער פערטער האט איהם געגעבען א זעץ מיט'ן פויסט און נאכגעלאפען

דעם דריטען, דער פינפטער — דער אנפירער אליין — איז האסטיג אריינגעשפרונגען אין שיף און מיט'ן קנאַפּעל איבערגעקערט די ברעט. א זעץ מיט האק און דער שטריק איז איבערגעהאקט. א דרעה מיט'ן רודער, און דאָס שיף איז אַפּגעשוואומען. דאָס קינד איז געבליבען אויפ'ן ברעג.

## 3טער קאַפּיטעל.

דאָס קינד איז געשטאַנען ווי פארגליווערט אויפ'ן פעלז. די אויגען זיינע אויסגעגלאָצט. ער האָט קיינעם ניט גערופען. ער האָט גאר ניט געבעטען, עס איז ארויסגעקומען אזוי אומגעריכט, אז ער האָט קיין וואָרט ניט געקענט ריידען. אויפ'ן שיף איז אויך געווען שטיל. דאָס קינד האָט ניט געשריען צו יענע לייט זיי אויך ניט גערופען: ביי זיי האָט זיך אויך ניט געפונען קיין איינציג וואָרט פאר איהם. דאָס קינד איז געשטאַנען ווי צוגעשמידט צום פעלז, אונטען איז דאָס וואסער געשטיגען אליץ העכער דער צופלוס האָט זיך אנגעהויבען און האָט שוין דערגרייכט ביז'ן בוייכיגען געזוימס פון פעלז.

פאַרטראַכטערהייט האָט ער די קעלט ניט געפילט. מיט אמאָל האָט איהם דאָס וואסער די פיס באַנעצט. דער צופלוס איז שוין געווען הויך. א ווינטעל האָט איהם די האָר דורכגעגרוילט, א ציטער איז איהם אריבער איבערן לייב, און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

ארומגעקוקט זיך.

ער איז עלענד איינער אליין.

ביז איצט האָט ער קיינעם ניט געהאַט אויף דער וועלט, קיין אנדערע מענשען ניט געקענט, ניט געזעהן א חוץ יענע דאָרט אויפ'ן שיף וועך זיי זענען האָט ער אליין ניט געוואוסט.

איצט האָבען זיי איהם אוועקגעוואָרפען אהן א ברעקעל ברויט אהן א גראָשען געלט.

ווינטער אבענט, קאַלט און פינסטער, וואו ער געפינט זיך איצט — ווייס ער ניט, נאָר איינס האָט ער געוואוסט: יענע דאָרט זענען אוועקגעפאָהרען אהן איהם.

ער האָט זיך געפיהלט ארויסגעשליידערט פון לעבען.

אליין געבליבען אויפ'ן ראַנד פון אַפּגרונט פון דאָרט הויבט זיך די פינסטערע נאַכט.

ער האָט אויסגעצויגען זיינע קליינע מאַגערע הענט און אַ געניין געטאָן.

פּלוצלונג האָט ער זיך געמאַכט האַרץ, מוטיג און האסטיג אַפּגע־קערט דעם רוקען פון בוכטע און גענומען קלעטערען בארג ארויף ווי אַ קאַץ. מען האָט געקאָנט מיינען אז ער האָט אַ קלאָרען מאַרשרוט, באמת האָט ער אפילו ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט.

ער האָט זיך געאיילט אַז אַ צוועק, ווי אַ מענש וואָס אנטלויפט פון זיין מזל.

אַ מענש קריכט, אַ חיה קלעטערט, דראַפּעט זיך. ער איז געקראַ־כען און געקלעטערט מיט אמאָל, פון צייט צו צייט האָט ער זיך אָנגע־שטויסען אויף גלאַטע שיכטען אייז צווישען די פעלזען, אויסגעגליטשט זיך און געפאַלען. איינמאָל האָט זיך אַפּגעברעקעלט אַ שטיינדעל וואו ער האָט אַ פוס געשטעלט, ער האָט זיך געגליטשט און געקייקעלט בארג אראַפּ גלייך אין אַפּגרונט אריין, צום גליק האָט ער זיך אָנגע־כאַפּט אַן אַ גראָב גראָז וואָס האָט געשפּראָצט צווישען פעלז און ער איז געבליבען היינגען אין דער לופטען. ער האָט קיין קול ניט ארויס־געלאָזען, ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ כח און שווייגענדיג ווידער ארויס־געקראָכען וואָס העכער ארויף אַלץ פינסטערער און שרעקליכער האָט דער אַפּגרונט אויסגעזעהען.

ענדליך האָט ער זיך דערקליבען ביז ארויף און באַלד פאַרציטערט געוואָרען פון קעלט, דער קאַלטער צפון־מערב ווינט האָט איהם שאַרף געשניטען אין פּנים. ער האָט זיך פעסט פאַרוויקעלט אין זיין לייוועג־טענעם מאַטראָזען־לייבעל.

אין דער הויך האָט ער זיך פעסט געשטעלט מיט די באָרוועסע פיס אויף דער געפרוירענער ערד און זיך ארומגעקוקט.

הינטען — ים, פאָרענט — ערד, אויבען — הימעל.

נאָר אַ הימעל אָן שטערען, כמעט צונויפגעגאָסען מיט דער ערד.

אונטער איין געדיכטען נעבעל. ערטערווייז באַווייזען זיך בלאַסע, מאַט־גלאַנציגע זיילען געדריידעלטע ווי שרויפען. דאָס זענען הויכע הויפענס געדריידעלטער שטויב אונטערגעכאַפּט אין שטורעם און גע־טראָגען אין ווירבעל ווייט אין אַ גרויסען אונענדליכען מרחק אריין. ארום און ארום אַ טויטע שטילקייט.

דאָס קינד האָט זיך אומגעווענדעט צום ים צו.

דער ים איז אויך אזוי ווייס ווי די ערד: זי איז באַדעקט מיט שניי, ער־מיט שוים. פון ווייטען האָט מען נאָך געזעהען דאָס שיף ווי אַ שוואַרץ דריי עק אויפ'ן בלאַסען בלוי־גרויען גרונט פון אָפענעם ים.

„מאַטונינא" — אזוי האָט דאָס שיף געהייסען — איז שנעל גע־שוואומען. מיט יעדען אויגענבליק האָט מען געזעהען ווי זי ווערט קלע־נער, אַ קורצע צייט שפּעטער האָט מען דאָרט אנגעצונדען די לאַמ־טערנע אויפ'ן נאָז. דאָס דאָזיגע העל־פינקעלדיגע פינטעלע האָט טרוי־עריג הארמאָנירט מיט דער לאַנגער און הויכער שוואַרצער מאַסע פון שיף אונטערן גרוי־ווייסען נעפּעל אויפ'ן וואַסער. עס האָט אויסגע־וויזען ווי איבערן ים בלאָנזשעט אַ גרויסע ווייסע מעווע און אונטער איהר בלאָנדזשעט אימיצער מיט אַ שטערענדעל אין האַנט. אין דער לופט האָט זיך געפילט ווי אָט באַלד ברעכט אויס אַ געוויטער. דאָס קינד האָט דאָס ניט געשפּירט, נאָר אַ שיפעל אין מיטען ים דאַרף מורא האָבען.

דאָס איז געווען די מינוט פון פיינליך אומעדיגען פאַרגעפיהל. עס הויבט זיך אָן דאכטען אז אָט באַלד וועלען די טויטע נאַטור קרעפטען ווערען לעבעדיגע באַשעפענישען מיט פאַרשטאַנד און ווילען. פון דעם ווינט וועט ווערען אַ מורא'דיגער שטורעם און וועט ארויסרופען דעם מענש אויף מלחמה. אָט באַלד וועט דאָס געשעהן און דאָס וואַרפט ארויף אַ שרעק, דער מענשליכער גייסט האָט זיך מורא צו שטעלען אין אַ קאַמף מיט נאַטור גייסטער.

פון אונטער אַלע פעלזען האָבען זיך באַוויזען אַלערליי שיפען, צונויפגעלאָפען פון נאָהענט און ווייט אום צו פאַרבאַרגען זיך אין אַ בוכטע און נצול ווערען פון דעם שטורעם.

אין אזא צייט האָט די „מאַטונינא" געוואַגט אַפּצושווימען. די ערד האָט זי קענטיג מעהר געשראָקען ווי דער שטורעם. זי איז אנט־

לאפען אונטער א ברייט אויסגעשפרייטען זעגעל, דער שטורעם זאל איהר וואס גיכער טרייבען צו דרום צו.

מיט יעדען אויגענבליק האט זי פון ווייטענס אויסגעוויזען אלץ קלענער, ממש צוגאנגען אין די אויגען און פארשוואונדען געווארען אויף אייביג.

אזוי וועניגסטענס האט דאס קינד פארשטאנען. ער האט זיך אפגעקערט פון ים און אנגעהויבען קוקען אויף דער יבשה, וואו ער וועט אפשר ניט צוקומען צו קיין לעבעדיגען מענשען.

און ער איז אוועק אהין אין דער אונבאוואוסטער און פרעמדער וועלט.

---

## 4טער קאפיטעל.

דאס קינד האט זיך געפונען אויפ'ן פרייען פלאך אין דרום זייט פון דעם האלב אינזעל פארטלאנד.

אבער ער האט ניט געוואוסט, וואס עס איז אזעלכעס א האלב־אינזעל, נאר איינס האט ער געוואוסט, אז מען דארף געהן אזוי לאנג ביז פאלען, קיין אנדער פארשטעלונג האט ער ניט געהאט, חוץ דאס איינציגע וואס „זיי" האבען איהם „אהער" געבראכט און „דא" געלאזען. „זיי" און „דא" צוויי ווערטער־רעטענישען האבען זיין גאנצען מזל געשילדערט. „זיי" איז ביי איהם געווען דער טייטש, אלע מענשען אהן אונטערשייד: „דא" האט ביי איהם געהייסען — די גאנצע וועלט. אויף דער גרויסער ברייטער וועלט האט ער ניט געהאט קיין אנדער אנשפאר אויסער דעם קליינעם שטח געפרוירען ערד, וואו ער איז געשטאנען מיט זיינע בארוועסע פיס, וואס האט איהם ערווארטעט אין דער ברייטער און פינסטערער וועלט? — נאר ניט.

צו דעם „גאר ניט" איז ער געגאנגען.

די נאַכט ווערט אַלץ פינסטערער, קוים וואָס מען זעהט אַ פּאָר טריט פאַראויס.

מיט אַמאָל שטעלט ער זיך אָפּ און הערט זיך צו, מיט אַ צופרידע־נער מינע טוט ער אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ, קוים צו באַמערקען און לאָזט זיך געהן צו אַ בערגעל, וואָס ווייזט זיך מטושטש צו דער רעכטער זייט. אויף דעם בערגעל שטעהט עפּעס אַ פינסטערער שאָטען וואָס ווייזט אויס אין נעבעל עהנליך צו אַ בוים. פון דאָרטען הערט ער עפּעס אַ משונה'דיגען גערויש. ניט דאָר פייפען פון ווינט, ניט דאָס ברומען פון ים, ניט דאָס געהייל פון אַ חיה, — א י מ י צ ע ר איז דאָרט פאַראַן, עטליכע שפּרונגען — און ער שטעהט שוין ביים בערגעל.

דאָרט איז ווירקליך אימיצער געווען.

איצט פון דער נאָהענט זעהט מען דאָס קלערער. עפּעס ווי אַ גרויסע האַנט שטרעקט ארויס פון דער ערד. אויבען אויפ'ן האַנט ווי אַ לאַנגער פינגער פאַרבויגען האָריזאָנטאַל. אזוי אז די האַנט מיט פינגער זעהט אויס ווי אַן אונגעהויער גרויסער לאַנגע־כף.

ביים ווינקעל אינווייניג ליעגט דער לאַנגער פינגער ווי אַנגע־שפּאַרט אויפ'ן משופּה אויסגעשטרעקטען גראָבען פינגער דאָרט וואו ביידע פינגער קומען זיך צונויף איז עפּעס געווען פאַרפּלאָנטערט, ווי אַ שטריק, אויפען שטריק איז געהאַנגען עפּעס שוואַרצעס, אומגעלומ־פּערטעס, די שטריק האָט זיך געשאָקעלט פון ווינט, און ארויסגעגעבען אַ הילך, דאָס הילך וואָס דאָס קינד האָט פון ווייטער דערהערט, ווי אַ גריילצען פון אַן אייזען. צוגעקומען נעהענטער, האָט ער דערזעהען אַז עס איז ניט קיין שטריק נאָר אַ שווערע ים־קייט, אויסגעמישט פון שווערע אייזערנע רינגען. אמת און פאַנטאַזיע, אָרט און צייט, נעבעל און ים, נאַכט און ווינט — אַלץ האָט זיך דאָ צונויפגעמישט אין אָט דעם פינסטערען שאָטען און איהם געמאַכט אונגעהויער גרויס, אין די דערשראָקענע אויגען פון דעם איינזאַמען צושויער.

די מאַסע וואָס האָט זיך דאָ געוויגט אויף דער קייט האָט אויס־געוויזען ווי אַ קלומיק, געוויקעלט, ווי אַ קינד, און לאַנג ווי אַ דער־וואַקסענער מענש, אין דער הויך האָט מען געזעהן עפּעס אַ קיילעכיגס, פאַרוויקעלט מיט דער קייט, אונטען איז דער קלומיק געווען ווי צו־שניטען, און פון שפּאַלט האָבען ארויסגעשטרעקט... ביינער.

דאס איז געווען עפּעס אזעלכעס, וואס מען קען שוין ניט פאר־שטעהן.

א קערפּער, א טרופּ וואס עקזיסטירט נאך, די מענשליכע שפּראך פארמאגט גאר ניט קיין פּאסיגען ווארט פאר אזא ווילדען באגריף. שטארבען — און פּארט עקזיסטירען. געפינען זיך איז א תהום, און — אויסער איהם, דאס איז עפּעס אונמעגליכעס און דאך איז עס געשעהן. דעריין ליגט די שווערקייט דאס אויסצודריקען. וואס איז דאס? א שווארצער עדות, א זכר לחורבן, א שרעקליך רעשטעל, פון וואס א רעשטעל? פריהער — פון דער נאטור, דערנאך — פון דער געזעל־שאפט.

איצט — א נול, ניט מעהר, גארניט.

מען האט איהם דא געלאזען אויף הפקר ארומגערינגעלט מיט טויטער פארגעסענהייט פון מדבר, מען האט איהם מפקר געווען פאר אלע צופעליגקייטען פונ׳ם אונבאוואוסטען. ער איז פאר׳משפּ׳ט גע־ווארען צו אייביגע יסורים, שטורעמס האבען ארום איהם געווילדע־וועט, ווינטען האבען זיך ארום איהם געדרייט, און ער האט אלץ גערול־דיג איבערגעטראגען.

א שרעקענס בילד, א געשפּענסט, איז עס דא ארויסגעשטעלט געווארען צו שאנד און צו שפּאט, מען האט איהם באשטראפט מיט דער העכסטער מאס פון לעסטערונג. מען האט איהם פאר׳משפּ׳ט צו פוילען אין דער פרייער לופט, ער איז געווען אויסער געזעץ האט מען איהם צו קבורה ניט געבראכט. דאס הייסט — חרב מאכען און ניט בארוהיגען. פאר׳ן טויט פּאסט א דעק־טוך, פאר׳ן קבר יונגפרוי־ליכע צניעות. דא איז ניטא קיין דעק־טוך, קיין צניעות, אצינד פוילען פאר אלעמען אין די אויגען, פאראן עפּעס חוצפּדיג, אונפארשעמטעס אינ׳ם טויט. ווען ער טוט זיין ארבייט אפּען, פראנק און פריי. ער באליידיגט די שטילע רוה פון חושך, ווען ער ארבייט אויסער זיין לאבאראטאריום, חוץ לקבר.

ביי דעם דאזיגען מת, האט מען אלץ אוועקגערויבט. ניטא קיין מארך, ניטא קיין ביינער, אין בויך—קיין איינגעווייד, אין גארגעל — קיין קול. א לאך אין א קעשענע, וואס דער טויט האט זי איבערגע־קערט און אויסגעליידיגט אויב עס האט אמאל געהאט א באוואוסט־

זיין פון זיין וועזען און זיין קיום — וואו איז דאָס איצט? און אפשר איז דאָ נאָך — א פחד נעהמט אז ווען מען טראַכט דערפון — אפשר בלאָזט נאָך דאָ עפּעס א פאַרוואָגעלטע נשמה, שוועבט אַרום, אַרום דעם צונעשמיטענע אויף דער קיים? קאָן מען אין דער פינסטער זיך פאַרשטעלען עפּעס טרויעריגעס?

אונגעהייערע צושטערענדע קרעפטען האָבען שוויינענדיג געטאָן זייער געהיימניספולע אַרביים. ער האָט געהאַט בלוט — איצט איז עס אויסגעזויפט א הויט — אויפגעפרעסען, פלייש — צונגב'עט, אַלץ וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי איהם עטוואָס אָפּגעריסען, דאָס לאַנגזאַמע פוילען איז געווען א שטראָם וואָס דער בר־מינן האָט גע־צאָלט, שטייער דעם רעגען, צינז — דעם ווינט, אָפּצאָהל דעם טויט שוחד די ווערים, כבוד די פויגעל. אַלע פינסטערע הענט פון דער נאַכט האָבען דעם געוועזענעם מענשען שטיקלעכווייז געצופּט און גע־ריסען.

א תושב פון דער פינסטערער נאַכט איז ער דאָ געווען. ער האָט זיך געפונען אין טאָהל און אויפ'ן בערגעל, און איז גלייכצייטיג דאָ ניט געווען. אַנטאָפּען האָט מען איהם געקאָנט, און איז פאַרט ניט קיין מהות, נאָר א שאָטען, אַ הוספה צום חושך. אין איהם איז געווען דאָס גאַנצע אונבאַגרייפליכעס פון דער ווּיסטעניש, און זיין געהיימניש האָט זיך געפיהלט א מטושטשע אָפּשפּיגלונג פון אַלע וועלט רעטע־נישען.

דער ווינט האָט זיך ניט איינגעשטילט, און דער קערפּער האָט ניט גערוהט, אייביג געציטערט און א שרעק אַרויסגעוואָרפען. עס האָט זיך געדוכט — א מורה צו זאָגען — אַז ער איז דער מיטעל פונקט צום גאַנצען רוים אַרום און אַרום, און עפּעס אונגעהויערס לעהנט זיך אַן אויף איהם. ער האָט זיך באַקלאָגט ביים הימלישען משפּט אויף דאָס ערדישע געזעץ. פאַרלאָזען פון מענשען האָט ער דאָ אויף גאָט געוואַרט. איבער איהם האָבען געשוועבט נעבעלהאַפטע נאַכט גייסטער צונויפגעגאָסען מיט וואָלקענס, און וועלען, און שנײַ שטורעם.

---

# 5טער קאפיטעל.

דאס קינד איז געשטאנען שטיל פארוואונדערט און אנגעקוקט דעם טויטען בוים מיט אויסגעגלאצטע אויגען.

פאר א דערוואקסענעם איז דאס געווען א תליה, פאר'ן קינד — א געשפענסט.

דארט וואו א דערוואקסענער וואלט געזעהן א טויטען, האט ער געזעהן א רוח.

ווייטער האט ער גארנים פארשטאנען.

א געפערליכער אפגרונט האט אזא אונבאגרייפליכע קראפט. עס ציהט אהין אומגערן. דאס קינד האט א שפאן געטאן, נאכ'ן ערשטען א צווייטען, א דריטען, ער האט געוואלט אראפ און איז ניט ווילענדיג, ניט וויסענדיג ארויף. געוואלט אנטלויפען און איז צוגעקומען נעהענטער.

ציטערענדיג פון שרעק האט ער דעם קאפ אויפגעהויבען און באטראכט די תליה.

דער מת איז געווען אויסגעשמירט מיט פעך און ערטערוויין געגלאנצט. דער קאפ — ווי א מיקע, קלעפיג, נאס. אונטען אן אפען מויל — א לאך; צוויי אויגען — צוויי קלענערע לעכער. דער קערפער האט אויסגעזעהן ווי א ריעזען קינד אין וויגדעלאך, ארומגעוויקעלט מיט א גרוים שטיק לייוועגט, איינגעטונקט אין נאפט. דער לייוועגט איז פארשימעלט און צוריסען געווארען. אין איין ארט האט א קני ארויסגעשטעקט: העכער האט מען פון די צוריסענע לייוועגט געזעהן די זייטען. ערטערווייז איז דא נאך געווען א וויסטער זכר פון לייב, ערטערווייז — שוין א סקעלעט, לויטער ביינער, דער פני־ערד קאליר, מיט קרום־געקנייטשטע זילבער־בלאסע שטרייפעלעך. שפור־רען פון ווערים וואס זענען דא אמאל ארומגעקראכען.

מען האט ניט לאנג אויף דאס ניי באשמירט מיט פעך דעם פנים. די קני און די זייטען, וואס האבען זיך ארויסגערוקט פון אונטער דעם צוריסענע לייוועגט, אונטען האבען ביידע פיס ארויסגעשטעקט.

אויף דער ערד האָבען זיך געוואַלגערט צוויי שיך. וואָס האָבען שוין פאַרלאָרען זייער פאָרם פון שניי און רעגען. די שיך האָט דער מת פאַרלאָרען פון זיינע פיס.

דאָס קינד מיט די באָרוועסע פיסלעך האָט זיך אויף די שיך שטאַרק פאַרקוקט.

דאָס קינד האָט איצט אָן ספק געדאַרפט איבערלעבען דאָס איי־גענע וואָס יעדער קינד אין זיין עלטער ווען ער טרעט נאָר וואָס אַריין אין לעבען און פיעלט נאָך דערצו דעם שווערען לאַסט פון זיין ביי־טערען מזל. די יונגע געדאַנקען הויבען אָן צו ערוואַכען און עגבערען אין מח, ווי אַ יונג עפה'לע פיקעט דורך די שאָלעכץ פון זיין מוטער־איי, זיינע יונגע געהירען, האָבען אין דעם מאָמענט, גאָר נים גע־שפירט, גאָר ניט געפיעלט נאָר נשתומם געוואָרען.

קוקענדיג אַזוי האָט זיך איהם אויסגעוויזען אַז דער מת וויינט. פון פעך האָט דער פנים זיינס אויסגעוויזען ווי פייכט. עטליכע טראָ־פען פעך פאַרגליווערט אין די אויגען לעכער האָבען אין דער פינסטער געפינטעלט, ווי טרערען. ווען ניט דער פעך וואָלט שוין דער קערפער צופוילט געוואָרען. עמיץ האָט זיך קענטיג געזאָרגט פיר איהם. לעבע־דיגערהייט איז ער קיינעם אין זינען ניט געלעגען. דערפאַר האָט מען זיך באַמיהט פאַר איהם טויטערהייט.

די תליה איז געווען אַן אַלטע, אָבער געזונט און פעסט. זי האָט שוין געדינט אַ צייט מיט יאָהרען.

אַזאַ אַלט פאַרצייטיגער מינהג איז געווען אין ענגלאַנד — אויס־פעכען די טויטע געשטראָפטע קאַטדיבאַנדיסטען און זיי אויסהענגען ביים ברעג פון ים. ווער עס דאַרף דינען פאַר אַ ביישפּיל, האָט נויטיג אַ פריי פעלד, אַזאַ ביישפּיל ווען עס איז אויסגעפעכט האַלט זיך דאָס לענגער. דאָס פעך האָט געדינט פאַר אַ ביישפּיל פון... מענשען ליעבע. אַ ניט וואָלט מען עפטער געדאַרפט בייטען די געהאַנגענע, באַנייען די תליות מיט פרישע „ביישפּילען“. איצט האָט מען דאָס פאַרשפּאַרט. מען האָט נאָר געדאַרפט באַשמירען מיט אַ פריש ביסעל פעך.

די תליות פלעגט מען צושטעלען רייהען־ווייז איבערן ברעג אָפּ־גערוקט איינע פון די אַנדערע אַ געוויסען מרחק, ווי די גאַס לאַמטער־

נעם ביי דער איצטיגער צייט. דער געהאנגענער פלעגט דינען אנ־שטאט א לאמטערן. ער פלעגט אויף זיין שטייגער לייכטען צו זיינע חברים קאנטראבאנדיסטען, וועז דארטען אויפ'ן ים האבען פון דער וויטען די תליות געזעהען. נאר נאך אלעמען האבען זיי זיך ניט אפ־געשראקען און האבען זייער קאנטראבאנדע־געשעפט ווייטער אנגע־טריבען.

דער מינהג האט אין ענגלאנד נאך געגאלטען אין אנהויב פון דעם 17טען יאהרהונדערט. נאך אין דעם יאהר 1822, האט מען גע־קאנט זעהן אזעלכע תליות מיט פארפעכטע קאנטראבאנדיסטען הענ־גענדיג ביי די ברעגען פון ים.

איינער אזא פארברעכער, האט אויסגעהאלטען, מ'קען זאגען „אי־בערגעלעבט" אויף אט אזא תליה איבער פערצעהן יאהר, שפעטער האט מען איהם שוין געמוזט פארבייטען פאר אן אנדערן. די אלטע עניפטער האבען אפגעהיט זייער באלזאמירטע מומיעס פון זייערע פרעה'ס: לאזט זיך אויס אזא געפעכטע מומיע פון א געוועינליכען בשר ודם קען אויך צוניץ קומען.

## 6טער קאפיטעל.

דער ווינט האט דעם גאנצען שניי אראפגעטראגען אין טאהל און אויפגעדעקט דאס שטעכעדיגע גראז וואס איז אויפ'ן בערגעל גע־וואקסען. אונטער דער תליה איז דאס גראז געווען געדיכטער און הע־כער, חיין וואונדער. ניט ווייניג געהאנגענע האבען שוין דא איבער־געפוילט. דאס קינד איז אליין געשטאנען אויף איין ארט און געקוקט דעם געהאנגענעם גלייך אין צורה אריין. יענער האט אויף איהם אויך געקוקט, דאס איז געווען א צוגומענער אבער שטעכיג דורכדרינגגענ־דער קוק; פון שארבען, פון די ציין, פון די איינגעפאלענע אויגען,

דער גאַנצער קאָפּ פון דעם מת האָט געקוקט. קיין ווייסעל אין די אויגען און דאָך פיהלסטו דעם בליק זייערען, און דאָס איז שרעקליך געווען.

וואָס ווייטער איז דאָס קינד אַלץ מעהר אריינגעפאַלען אין א מין חלשות, געשטאַנען ווי פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט און אנגע־הויבען צו פאַרלירען דעם באוואוסטזיין.

דאָס קינד האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען, אָט פאַלט עס אום אונטער דער תליה און ווערט דאָרט אויף אייביג איינגעשלאָפען.

דער מת האָט עס קענטיג פאַרשטאַנען און זיך פאַרגענומען דאָס קינד צו ראַטעווען. ער האָט זיך פּלוצלונג אנגעהויבען צו ריהרען. ווי ער וואָלט דאָס קינד געוואָרענט.

דער ווינט האָט אנגעהויבען שטאַרקער צו בלאָזען און פאַנאַנדער־געוויגט דעם געהאַנגענעם אויף דער קייט. לינקס און רעכטס, ארויף און אראָב. מען האָט געקענט מיינען אז דאָס שאָקעלט זיך די אומרוה ביי דעם זיינער פון אויביגקייט, און די קייט קלינגט צום טאַקט מיט א פאַרדומפּטען גריליץ.

פון פּחד איז דאָס קינד צו זיך געקומען.

דער ווינט האָט זיך פאַרקערט אין א שטורעם, און דער מת האָט זיך שוין ניט געשאָקעלט נאָר געוואָרפען. די קייט האָט שוין ניט געגרילצט נאָר געהיילט און געשריען.

און דאָס געשריי האָט מען דערהערט פון דער ווייטענס און זיך אָפּגערופען.

פון ערגעץ ווייט טראָגט זיך א גערויש פון פויגלען, א מחנה ראָבען זענען געקומען צולויפען, געקומען און זיך אויסגעזעצט אויף דער תליה. זיי האָבען זיך קענטיג באראַטען צו זאָלען זיי באַפאַלען דעם מת צו נייז.

דאָס קינד איז פאַרציטערט געוואָרען.

די ראָבען זענען אנטשוויגען געוואָרען. איינער פון זיי איז אויפ'ן סקעלעט ארויפגעשפּרונגען, דאָס איז געווען דער סיגנאַל. אַלע האָבען זיך מיט אמאָל א וואָרף געטאָן, מען האָט מעהר ניט געזעהן ווי א וואָלקען פון פליגלען, וואָס האָבען אין גאַנצען באַדעקט דעם גע־האַנגענעם. אין דער מינוט האָט זיך דער טויטער גענומען ריהרען.

פון גוטע ווילען אדער דער ווינט האט איהם געטריבען? נאר ער האט זיך האסטיג געשליידערט, געצאפעלט און געווארפען.

פאראן אזא קינדער שפּילעכעל, א מענשעל אויסגעשניצט פון קליי וואס ווארפט זיך מיט די הענט און פיס ווען מען ציהט דאס פאר א שטריקעל· איצט דוכט זיך א כת לצנים האבען דא אזא מין שפּיעל פארפיהרט. נאר טייוואליש, אומגעלומפּערט. אנשטאט א מענשעל פון קליי — א געהאנגענעם, אנשטאט א פאדים שנירעל — א קייט א שווערע. ציהען זיי פאר'ן קייט און דאס מענשעל צאפּעלט זיך און שפּרינגט.

דער מת האט דוכט זיך באקומען א וואונדערליכע קראפט, ער האט זיך געריסען פון דער תליה, נאר די קייט האט איהם איינגעהאל־טען. די ראבען האבען מיט איהם מלחמה געהאלטען: אט באפאלען זיי איהם מיט שטורעם און אט טרעטען זיי אלע מיט אמאל אב, און דער מת זעהט אויס משוגע פון צארן, מיט זיינע אויסגעשטשירעטע ציין טרייט צו בייסען די שונאים, ערווארט שוין ניט אויף זייער אנפאל ער לאזט זיך צו זיי גלייך, גיט א זעץ אין לעהרען רוים און די ראבען צופליהען זיך ווי שטויב אין אלע זייטען. באלד באפאלען זיי איהם ווידער נאך מיט מעהר צארן, דער סקעלעט טאנצט — די קייט קלינגט — א ווילדע מהומה, א שדים־טאנץ, א בלוטיג געראנגעל פון אלע בייזע רוחות פון שאול תחתיה.

און דארט פון אונטען רופט זיך אפּ דער שטורעמדיגער ים מיט א ברומענדיג דומפען גערויש.

דאס קינד האט זיך ווי אויפגעכאפּט פון א בייזען חלום און א ציטער איז איהם דורכגעלאפען איבער אלע ביינער, ער האט זיך גע־כאפּט פאר'ן קאפּ צונייפגעדריקט די שלייפען מיט די דארע הענט ווי ער וואלט מורא געהאט דער שארבען זאל איהם ניט פּלאצען.

ער האט זיך האסטיג אפּגעקערט פון אט דעם געשפּענסט, און זיך געלאזט לויפען פון בערגעל אראפּ, מיט פארמאכטע אויגען און צושויבערטע האר. אליין מעהר ענליך צו א געשפּענסט ווי צו א מענשליכען וועזען.

# 7טער קאַפּיטעל.

ער איז געלאָפען וואו די אויגען האבען איהם געטראָגען. דאס לויפען האָט איהם דערוואַרימט, ווען ניט דאָס לויפען וואָלט ער שוין לאַנג געווען אַ טויטער.

פון צייט צו צייט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. ער האָט אָבער מורא געהאַט זיך אומצוקוקען צוריק, איהם האָט זיך געדוכט אז די ראבען פארפאָלגען איהם, אז דער מת האָט זיך אָפּגעריסען פון קייט און לויפט איהם נאָך.

שוין דריי שעה אז מען האָט איהם פארלאָזט, און ער איז אַלץ געגאַנגען אַליין ניט וויסענדיג וואוהין. פריהער האָט ער געזוכט און איצט אנטלויפט ער. ער האָט ניט געפיהלט קיין הונגער, קיין קעלט. נאָר שרעק. איין געפיהל האָט איהם באַהערשט — אוועק! פון וואָס אוועק? פון אַלץ.

ער איז געלאָפען, וואָס לענגער ער איז געלאָפען, וואָס מיעדער ער איז געוואָרען אַלץ מעהר האָט זיך זיין שרעק אָפּגעטאָן. מיט אמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ווי ער וואָלט פּלוצלונג צו זיך געקומען, און אַ פרישען שטראָם ענערגיע דערשפּירט. ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט, זיך ארומגעקוקט, ניטאָ קיין תליה, קיין בערגעל, קיין ראבען. אַלץ פארשוואונדען, דאָרט ווייט אונטערען געדיכטען נעבעל.

ער האָט זיך ווייטער געלאָזט געהן, שוין טריט ביי טריט. ניט געלאָפען. מיט אמאָל דערפיהלט ער ווי עס נאָגט איהם אונטערן האַר־צען. ער האָט פארגעסען אַהן שרעקליכען געשפּענסט. אַ נייער געדראַנק האָט זיין מח פארנומען — עסען! צום גליק זיצט ביים מענשען אינעווייניג אַ... חיה, זי קעהרט איהם אום צו דער ווירקליכקייט.

אבער וואָס עסען? ווען עסען? ווי עסען?

ער האָט זיך געטאַפּט אין די קעשענעס, מאַשינעל, וויסענדיג אַז זיי זענען ליידיג.

ער איז ווייטער אַוועק מיט שנעלערע טריט. וואוהין? אפשר וועט ער אַנטרעפען אַ מקום מנוחה.

גלויבען אין אזא „אפשר“, האפען אויף אזא מעגליכקייט הייסט — גלויבען אין גאט.

געזעהן האט מען גאר ניט קיין וועג, קיין שטעג, קיין סימן פון ישוב. שארפע שטיינדלעך האבען איהם די פיס צוקראצט ווען עס וואלט ליכטיג געווען וואלט ער אויף די שפורען פון זיינע טריט רויטע פלעקען באמערקט — זיין בלוט.

ער האט ווידער דערזעהן א הויך בערגעל און איז אויף איהם ארויף. פון דער הויך קען מען בעסער זעהן. און ווירקליך ער האט פון דערווייטענס דערזעהן עפעס, ווי א שווארצע שוועבענדיג דארט אונ־טען אין טאהל, דוכט זיך א רויך, א סימן פון מענשליכען ישוב.

ער האט זיך ווידער גענומען געהן, מיט מעהר פרישקייט. ער איז שוין געווען ביים צווייטען זייט פון פארטלאנד. דארט וואו א שמא־לער פאס ערד פאראייניגט די וויסטע האלב־אינזעל מיט׳ן פעסטען לאנד. דער וועג געהט בארג אראפ, נאך אפגעריסענער, משופע׳דיגער איידער דער ארויפגאנג דארט צום ברעג.

ער האט ווידער גענומען שפרינגען און קלעטערען. באפליגעלד מיט דער זיסער האפנונג אז מיט יעדען געפעהרליכען שפרונג קומט ער אלץ נעהענטער צום רעטענדען רויך, וואס ער האט פון ווייטענס געזעהן.

מיט אמאל דערהערט ער פון לינק, ווייט, אן איינגעצויגענעם הילך, ווי פון טרומייט. אזעלכע קולות טראגען זיך אין דער לופט, ווי אן אנזאג פון דעם שטארקען צפון־ווינט. ווי דער שטורעם וואלט פריהער געלאזט וויסען פון זיין אנקומען.

די ערשטע מחנה שלוחים זענען שוין אנגעקומען: גרויסע פע־דערען שניי, וואס האבען דאס וואנדערענדע קינד באשאטען פון קאפ ביז די פיס.

שוין העכער א שעה אז דער שניי שטורעם ווילדעוועט אויפ׳ן ים. איצטער דערנעהענטערט ער זיך צו דער יבשה. יאגט נאך דאס עלענדע קינד, ווען עס האט שוין כמעט דערגרייכט א מענשליכען ישוב.

## 8טער קאַפּיטעל.

צעהן פאַרשוין זענען זיי אויף דער שיף. דריי מאַטראָזען, זיבען פּאַסאַזשירען. אויפ'ן אָפענעם ים איז בין־השמשות פיעל ליכטיגער ווי אויף דער יבשה, קאָן מען די פאַרשוינען גענויער באַטראַכטען, אַגב פאַרבאַרגען זיי זיך שוין איצט ניט. האַלטען זיך פריי, ריידען הויך — אַנטלאָפען און נצול געוואָרען פון אַ סכנה.

צעהן מענשען — צונויפגעשלעפּט פון אַלע ווינקלען פון דער וועלט. די פרויען — איינע אַ באַסקאַיערין, איינע אַן אירלענדערין. ביי־דע פאַרמעטענע פּנים'ער, מיט אַ טעמפּען אויסדרוק פון אַפּאַטישער גלייכגילטיגקייט, זיי זענען געזעסען אויף אַ קופערט ביים זעגעל־בוים און שטיל צווישען זיך געשמועסט. יעדע אויף איהר לשון און זיך גוט פאַרשטאַנען. פון די מאַטראָזען איז איינער — אַ באַסקין פון אייזן פּיערנעישען באַרג, נאָך איינער פון באַרג־אַראַפּ אין צפון־זייט — אַ פראַנצויז און נאָך איינער ביי דער דרום וואַנט — אַ שפּאַניער. דער באַסק ווייס אָבער ניט פון קיין פאַטערלאַנד. „דער באַרג איז מיין מוטערלאַנד“. פון די פינף מענער פּאַסאַזשירען איז איינער אַ גענוע־ער, צוויי פראַנצויזען פון לאַנגעדאָד און פון פּראָוואַנס. דער אַלטער מיט'ן גרויסען שטרויענעם הוט — אַ דייטש. דער פינפטער, זייער הויפּטמאַן מיט די פּליטערלעך ווידער אַ באַסק. ער האָט דאָס ברעטעל אומגעוואָרפען ווען דאָס קינד האָט געדאַרפט דורכגעהן. אַ געזונטער ריהרעווידיגער יונג איז ער אַ מינוט רוהיג ניט געזעסען, אַרומגעגאַנ־גען איבערן אויבער דעק הין און הער, קענטיג שטאַרק באַזאָרגט.

דאָס שיף איז געווען גוט באַזעגעלט און באַשטריקט, אָבער צו־פיעל אָנגעלאָדען פאַר אַזאַ וועטער. ווי האָבען די שיפס־לייט געוואָגט אויפצונעמען פּאַסאַזשירען? האָבען זיי דען אַלע געהערט צו איין באַנדע? קיין ראיה ניט, גענוג איז געווען אַז ביידע הויפּט־לייט — פון שיף און פון די פּאַסאַזשירען זענען געווען באַסקען, העלפען איינער דעם צווייטען, דאָס איז דער חוב פון יעדען באַסק.

דער פראוואנסאלער פראנצויז איז געזעסען אין קאיוטע און גע־קאכט זופּ פאר חברה צום אבענט־ברויט. דאס געקעכטס א משונעדיגע רויטער געמישעכטס. ווי די עסערס אליין. ארבעס, פיש, שוויינען־פעט, רויטער „טערקישער" פעפער. ער האט כסדר צוגעשאטען אין זו־דיגען קעסעל פראוויזיע. פון צייט צו צייט פלעגט ער מאכען אן הפסקה און צושווענקען דעם האלז מיט אביסעל שפירט פון א בויכיגער פלאש וואס איז געווען ארומגעפלאכטען מיט דינע ווייסע ריטלעך.

אלע זענען קענטיג געווען רוהיג צופרידען חוץ דעם אלטען אין שטרויענעם הוט. דאס געזיכט זיינס איז געווען טויט בלאס אפּגעבליאַ־קעוועט, עס שפיגעלט זיך אפ וואס אין הארצען טוט זיך, קוקט אריין אין זיין צורה וועט איהר זעהן אז אינעווייניגסטע מלחמה פון יצר־הרע מיט'ן יצר־טוב, אט איז דאס שלעכטע גובר און ער ווערט פאר־וואנדעלט אין א ווילדע חיה, א טיגער, און אט איז דאס גוטע ביי־געקומען און ער הויבט זיך אויף העכער איבער אלע איבעריגע מענ־שען .אזא כאאס איז אין איין נשמה מעגליך, און זיין געזיכט איז געלעגען עפּעס א רעטעניש, ער האט עפּעס א סוד געהאלטען. דער מאן האט קענטיג געוואוסט וואס איז אזוינס רשעות מיט איהר שכר און צער, דוכט זיך גלייכגילטיג באמת אדער נאר כלומרשט. א שטעמ־פעל פון צווייפאכער פארטריקענטקייט, אז אלט געבאקען הארץ ווי ביי א תליין, אז אלטע געבאקען מוח ווי ביי א מאנדארען. יעדער געלעכ־טער איז אביסעל טויטליך, א שטיק לעבעדיגער מת און דער מאן איז געווען געלערענט, דאס האט מען געקענט ארויסזעהן אין יעדען זשעסט פון זיינע דארע ביינערנע הענט אין יעדען ריהר פון זיין שמאלער פיגור, אז אויסזעהן פון א געלעהרטען מיט א פנים פול מיט קנייט־שען, וועלכע האבען ניט גערוהט, נאר כסדר בויגעוודיג געזוכט זיך און דערמיט געבראכען די ערענסטקייט. נאך אלעמען איז דער אנבליק זיינער געווען שטריינג אז געקוועטשטען אומעט און גראבען ציניזם, א טראגישער בעל חלומ'ניק, א מענש פארטראכט פון פארברעכען. פינפטער פארוואלקענדע ברעמען, און פון אונטער זיי קוקען ארויס אויגען ווי ביי א ארצבישאפ, מען האט אין איהם געפיהלט דעם קריסט־ליכען בטחון אויף הימלישער לייטזעליגקייט, געמישט מיט טערקי־שער אפּהענדיגקייט, געגען דעם פאראויס באשטימטען אונפארענדער־ליכען מזל. ער איז פאמעלעך ארומגעגאנגען אויפ'ן דעק, מיט דעם אנ־

בליק פון א מענשען וואָס ריכט זיך אויף עפּעס אונגעוועהנליכעס, די אויגען זיינע האָבען געבליצט און עדות געזאָגט אז דאס הארץ נאָגט אין איהם און דאס געוויסען פּיקעט טיעף אין דער נשמה.

---

# 9טער קאַפּיטעל.

די ערשטע פרייד פון אנטרונען ווערען איז ביסלעכוויז פאַראי־בער. די אנטלאָפענע האָבען זיך אָנגעהויבען אומצוקוקען וואו זיי גע־פינען זיך אין דער וועלט. אויפ'ן ים אין מיטען קאַלטען ווינטער, ביי אונרוהיגען וועטער. און קאיוטע איז פאר זיי קיין פּלאַץ ניט געווען. איינג פאַרוואַלגערט מיט באגאזש און געפּעק, דער באגאזש האָט גע־הערט צו די פּאַסאַזשירען, די פּעק צו די שיפסלייט. זיי האָבען זיך געמוזט אויסבעטען אויפ'ן דעק — ניט אזא אומגליק פאר שלעפער — זיי זענען געוועהנט צו פאַרברייינגען נעכט אונטערן פרייען הימעל, די שטערען זייערע פריינד, די קעלט פאַרשלעפּערט זיי, טיילמאל ביז אין טויט.

יענע נאַכט האָבען אבער די שטערען ניט געפינקעלט. דער אל־טער איז געשטאַנען ביים נאָז פון שיף און אויפן הימעל געקוקט. דער אייגענטימער פון שיף איז געשטאַנען ביים רודער און אין וואַסער געקוקט. דער הויפּט־מאַן פון די פּאַסאַזשירען איז צו איהם צוגעקומען. דער שיפס־מאַן האָט פאַרבונדען א געשפּרעך. ער האָט מיט'ן פינגער אנגעוויזען אויפ'ן אלטען און געפרעגט:

— אַקערמאַן פון בארג, ווער איז יענער מאַן?

— א מענש.

— אויף וועלכער שפּראַך רעדט ער?

— אויף אלע.

— וואָס ווייסט ער?

— אלץ.

— וואו איז זיין היים ?
— אומעטום און ערגעץ נים.
— וואס איז ער ?
— א משוגענער.
— וואס רעדסטו ?
— א חכם איז ער.
— וואס איז ער ביי אייך ?
— דאס וואס ער איז.
— א הויפט מאן ?
— ניין.
— וואס דען ?
— די נשמה.

אין דער מינוט איז די „מאטוטינא“ אקוראט ארויסגעשוואומען פון פארטלענדער אויסגוס אין פרייען ים אריין.

דאס שיף האט זיך אנגעהויבען שטארק צו וואקלען, דער ים האט געריודערט. די „מאטוטינא“ איז שטאלץ געשוואומען אויפ'ן שרעקליך געשפרענקעלטען ים פלאך. דארט וואו דער שאמבורגער וועלזען געבערג ליעגט פארבארגען אונטערן וואסער ביים סאמע ארויסגאנג פון פארטלאנדדער ים אויסגוס, דאס איז ניט קיין געוועהנליכער פעלזען פלאך אונטערן וואסער, דאס איז אן — אמפיטעאטער, א זאמדיגער צירק אין אבגרונט מיט שטאפלען וואס די רונד געשטורעמטע אינדען שטראמען האבען אויסגעשניטען מיט א קיילעכדיגער סצענע אין מיטען. די לעגענדע דערצעהלט: אז דארט האלט זיך אויף די ריעזען שפין „קראקען“ וועלכע הייסט אויך „פיש-בארג“. ער צולאזט זיינע צוואנגען פינגער און שלעפט אריין די פארבייגעהענדע שיפען צו זיך אין אבגרונד. דארט בלייבען זיי ליגען איינע אויף די אנדערע, און דער אומגעלומפערטער וואסער-טריכטער ווערט אייביג ניט פול און דער מחבל אייביג ניט זאט.

און אויבען איז גארניט, ניט קענטיג, ניט מעהר ווי דאס וואסער פלאך איז צוריצט מיט א געדיכטען קאם פון צובערקעלטע אינדיין שפרינקלעך.

# 10טער קאַפּיטעל.

דער אַלטער איז אַלץ געשטאַנען ביים נאָז פון שיף, ווען זיי האָבען אויסגעמידען די שאַמבורגער קעסעל גרובען, האָט ער געקוקט אויפ'ן ים און אויפ'ן הימעל מעהר פון אַלץ דאָרט אין דער הויך. אין צפון־מערב זייט.

דער אייגענטהימער פון שיף האָט איבערגעלאָזען אַ מאַטראָז ביים שטייער־רודער און איז אַליין צוגעקומען צום אַלטען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט עטוואס אָהן אַ זייט, אַנגעבויגען דעם קאָפּ, אויסגעגלאָצט די אויגען און אויפ'ן פּנים אויסגעשניצט אַ תנועהלע, האַלב שפּאַטיש און האַלב מיט דרך ארץ.

דער אַלטער מאַכט זיך ניט וויסענדיג און רעדט צו זיך אַליין, שטאַמלענדיג, קוים וואס מען הערט. די ווערטער האָבען זיך אויטאָמאַטיש געצויגען, פון מויל געפלויגען, און פאַרשוואונדען אין נעפּעל. זעלבסט געשפּרעך איז אַ רויך — אַ געדאַנק וואס פלאַטערט אינעווייניג.

דער אייגענטימער פּרובירט איהם איבערשלאָגען די רייד.

— מיין הער...

טויבלער אָדער פאַרטראַכט, רעדט דער אַלטער אַלץ צו זיך:

— פּיער גרויסע שטערען דאַרפען דאָ שיינען — דעם וועג ווייזען, איצט זעהט מען קיין איינציגען ניט.

דער אייגענטימער פאַרנויגט זיך. דער אַלטער באַמערקט איהם ניט. ער קוקט אויפ'ן ים, הערט זיך צו צו זיין ברומען, ווי ער וואָלט דערפון זיינע ווערטער געשעפּט. זיי אויסגעטייטשט און אימיצען געגעבען צו פאַרשטעהן. ער איז געוועזן לעהרער און וואַרזאַגער מיט אַמאָל.

ער האָט ווייטער אַנגעפיהרט זיין זעלבסט געשפּרעך:

— צו ווייניג שטערען צופיעל ווינט, מען קען לייכט פאַרלירען דעם וועג.

דער אייגענטימער נויגט זיך ווידער.

דער אלטער דרעהט אום די קאפ, דערלאנגט אויף איהם א קוק. דעם קערפער ריהרט ער ניט פון ארט.

— רוף מיר א דאקטאר.

— הערר דאקטאר, איך בין דער אייגענטימער פון שיף.

— יעכט.

דער דאקטאר — אזוי וועלען מיר איהם שוין רופען — האט איהם גענומען אויף א פארהער, אויסגעפרעגט אלעם וועגען דער שיף. און דערביי ארויסגעוויזען א אונגעהויערען וויסען אין הלכות שיף־פאהרען. און דאן האט ער איהם געווארענט.

— שפיר נאך די ווינטען און שטראמען.

—ביידע פעררעטער.

— רייד ניט קיין בייז ווארט דער ים הערט. באליידיג ניט קיי־נעם, גיב אכטונג.

— איך טו עס.

— האסט א ים קארטע?

— פון דעם ים ניט.

— שווימסטו אויף טרעף, גלאט אין דער וועלט אריין.

— איך האב א קאמפאס.

— א קאמפאס איז איין אויג — א מאפע צוויי.

— א בלינדער אויף איין אויג זעהט אויך.

— אין א שטורעם ווייזט דער קאמפאס ניט ריכטיג. איהר וועט מוזען טרעפען בלינד.

— אבער דער ווינט האט אפילו ניט אין זינען צו ווערען א שטורעם.

— א שיף איז א פליג אין דעם שפינוועב פון ים.

— דערווייל געהט אלץ גוט. לאמיר זיך נאר פארקלייבען אין גאסקאנער איינגוס דארט בין איך ווי ביי זיך אין דער היים.

דער דאקטאר האט איהם שוין מעהר ניט געהערט. ער האט געקוקט אין צפון־מזרח זייט. זיין געזיכט האט אויסגעדריקט אונגע־הויערען שרעק, ווי ווייט עס איז נאר מעגליך געווען צו זעהן דורך דער פארשטיינערטער מאסקע. זיינע ליפען האבען ניט ווילענדיג אויסגע־שריען:

— מילא, עס קומט אזוי.

זיינע ברייט פאַרנאַנדערגעריסענע אויגען האָבען אַלץ געקוקט אויף איין באַשטימטען פּונקט אין הימעל, און זיינע ליפּען האָבען גע־מורמעלט.

— ריכטיג, דאָס איז דאָס, איך נעהם דאָס אַן פאַר ליעב, איך בין גרייט.

דער אייגענטימער האָט איהם פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

דער דאָקטאָר שטעהט אַלץ און ווי ער וואָלט גערעדט צו אימיצען דאָרט אין דער הויך.

— מסכים!

אויף אַ רגע אַנטשוויגען געוואָרען און די אויגען נאָך ברייטער פאַנאַנדערגעעפענט.

— יאָ, עס געהט פון וויט, עס וויים אָבער, עס וועט געשעהן.

ער האָט אַלץ געקוקט אַהין דאָרט צום האָריזאָנט, וואָס איז נאָך געווען העל באַלויכטען מיט'ן אָפּשיין פון דער ערשט פאַרגעהענדער זון, דער דאָקטאָר האָט אָנגעוויזען מיט'ן פינגער און געזאָגט:

— זעהסט?

— וואָס?

— דאָרט דאָס בלויע.

— אַ שטרייפעלע הימעל.

— פאַר אַזעלכע וואָס קלייבען זיך אין הימעל. פאַר די אָבער וואָס מען וועט אַהין ניט אַריינלאָזען באַדייטעט דאָס גאָר עטוואָס אַנדערש.

דער אייגענטימער האָט מיט די אַקסלען געקוועטשט. וואָס איז דאָס פאַר אַ שלאַק, אַ חכם אָדער אַ משוגענער? צוקוקענדיג זיך שטאַרק האָט ער געמוזט מודה זיין.

— אמת אַ וואָלקען ניט קיין הימעל.

— אַ בלויער וואָלקען ניט קיין שוואַרצער, דאָס ווייזט אויף אַ שניי טורעם.

— אַ שטורעם פון שניי, האָט דער אייגענטימער פאַרטייטשט אויף זיין שפּראַך.

— ווייסט וואָס דאָס באַטייט?

— ניין.

— וועסט שוין באַלד וויסען.

דער אייגענטימער האט ווידער ביי זיך איין האַרץ געפרעגט.

— חכם צו משוגענער.

דער דאקטאר הערט ניט אויף צו קוקען מיט זיינע פארגלעזערטע אויגען.

— בעל־הבית, ביזט שוין אמאל געשוואומען דא איבער'ן קאנאל כלאמאעט?

— ס'ערשטע מאל.

— טא הער זשע:

ער האט דאס ארויסגעזאגט אזוי באפעלעריש, אז יענער האט זיך פארנויגט און געענטפערט, מיליטעריש.

— כ'הער!

— נעהם גלייך און דרעה אוים די שיף מיט'ן נאז צו מערב זייט.

— וואס?!

— יא בעל־הבית.

— געגען ווינט?

— יא בעל־הבית.

— אונמעגליך.

— ווי דו ווילסט. איך זאג דאס צוליב אנדערע. מיר איז שוין אלץ איינס.

— אבער הערר דאקטאר, עס וועט דאך אונז אויסטרייסלען. דער זעגעל קען צובראכען ווערען.

— אפשר.

— כ'קאן ניט.

— טו ראנגעל זיך מיט'ן ים ווי דו פארשטעהסט.

— אפשר וועט זיך דער ווינט בייטען.

— ניין, ער וועט א גאנצע נאכט בלאזען אויף גאנצע צוויי־אונצוואנציג הונדערט מייל.

— אונמעגליך צו געהן קעגען ווינט.

— דעם נאז צו מערב זאג איך דיר.

— איך וועל פרובירען.

— געהט ניט אויף מזרח.

דער דאקטאר האט אויפ'ן בעל־הבית אזא בליק געטאן ווי ער זאל

איהם וועלען אריינהאַקען אין קאָפּ דעם געדאַנק וואָס איז איצט אין זיין קאָפּ אריין.

— דערהערען מיר היינט ביינאַכט ווי עס קלינגט א גלאָק, זענען מיר פארפאלען.

— וואָס באַדייט דאָס ?

דער דאָקטאָר האָט איהם שוין מעהר ניט געענטפערט. נאָר צו זיך אליין געזאָגט.

— געקומען די צייט צו טובל זיין די שווארצע נשמות.

דער אייגענטימער איז אוועק, געזעצט זיך צום שטייער־רודער און גענומען קערעווען די שיף.

דער ווינט ווערט שטאַרקער, דער ים הויבט זיך.

---

## 11טער קאַפּיטעל.

געדיכטע קנוילען נעבעל האָבען זיך נעהילט איבער'ן ים און דעם האָריזאָנט פארצויגען. עס האָט זיך געדאַכט אז אן אומזעהבארע קראַפט, עפּענט פאנאַנדער זיינע אומזיכבאַרע מיילער און בלאָזט אַז די בלאָז זעק פון שטורעם.

דאָס בלויע וואָלקענדעל האָט א האַלבען הימעל פארצויגען. עס האָט זיך צולאָזען אויפ'ן מזרח און מערב, און דערנעהענטערט זיך אנטקעגען ווינט.

א מינוט פריהער איז דער ים געווען באַדעקט מיט גלאַנציגע שופּען איצט איז ער געווען באַדעקט ווי מיט א פעל. דיק און גע־קנייטשט אויפ'ן אויבערפלעך האָבען זיך געוויזען אונגעהויערע בלעז־לער עהנליך צו הייטערדיגע בלאַטערען אויפגעשוואָלען און געפּלאַצט.

דער שוים האָט געהאַט אַן אנבליק ווי אן אויסשיט פון קרעץ.

אין דער מינוט האָט דאָס פארלאָזענע קינד פון דערווייטענס

דרעזעהען ווי מען האט אנגעצונדען דעם לאמטערן אויפ'ן שיף.

פארביי א פערטעל שעה.

דער אייגענטימער האט מיט די אויגען דעם דאקטאר געזוכט, ער איז שוין אבער ניט געווען אויפ'ן דעק.

באלד נאך יענעם געשפרעך מיט בעל־הבית, האט ער איינגעהויקערט די פיגור זיינע און האט זיך אראפגעלאזען אין קאיוטע.

דארט האט ער זיך געזעצט אויף א קלעצעל נעבען אייוועלע, ארויסגענומען פון קעשענע א לעדערנעם טינטער, און א גענזען פעדער און א קליינעם צונויפגעפלאכטענעם פארטפעל. פון פארטפעל האט ער ארויסגענומען א שטיק פארמעט, צונויפגעלייגט אין פיערען, אלט, געל, דורכאוים אין פלעקען, ער האט אויסגעלייגט דעם פארטפעל אויף די קניה, אויסגעשפרייט דאס בלעטעל פארמעט אויף דער לינקער זייט, און גענומען שרייבען ביים שיין. פון לאמטערן וואס האט די קאויטע באלויכטען. שרייבענדיג האט ער באמערקט די בייכיגע פלעשער פון וועלכע דער קאכער האט אלע וויילע געטרונקען, אינטערעסירט האט איהם ניט די משקה נאר די ריטער געפלעכט אויף דער פלאש. אויתיות האט ער דארטען דערזעהן אויסגעפלאכטען פון רויטע וויצעס אויפ'ן ווייסען גרונט, ער האט זיך גוט צוגעקוקט און האלב — לניט איבערגעלייענט.

— הארדקוואנאן.

איבערגעלייענט און געווענדעט זיך צום קאכער.

איז דאס הארדקוואנאנס פלאש?

— יא, אונזער אונגליקליכענס הארדקוואנאן.

— וואס זיצט איצט אין תפיסה?

— יא.

— אין טשאטאמער טורם?

— יא, זיין פלאש אז אנדענק... מיין גוטער פריינד געווען... יא זיין פלאש.

דער דאקטאר האט זיך ווידער גענומען שרייבען. עס איז איהם ניט לייכט אנגעקומען. דאס שיף האט געציטערט פון שטורעם, זיינע הענט פון עלטער און אויפרעגונג, ער האט זיך באמיהט צו שרייבען דייטליך, די שורות זענען ארויסגעקומען קרום, דאך האט ער געשריבען,

געענדיגט אקוראט אין צייט. די „מאטוטינא“ האט זיך פלוצלונג שטארק צוואויעגט.

דער דאקטאר האט זיך געשטעלט טריקענען דאס געשריבענע ביים פייער אויסגעטריקענט, אריינגערוקט טיף אין פארטפעל און פארוקט אין קעשענע.

דער פראוואנסאלער האט זיך געטאן זיינס אכטונג געגעבען אויף דאס געקעכטס· פארזוכט און קענטיג שטארק הנאה געהאט. דעם דאקטאר א בשורה אנגעזאגט.

— א יאכעל פון פיש.

— א מאכל פאר פיש. ענטפערט ער מיט גיפטיגער איראניע. אפגעזאגט און זיך אומגעקערט אויפ'ן אויבער־דעק.

---

## 12טער קאפיטעל.

דער דאקטאר איז ווידער געשטאנען אויפ'ן אויבער־דעק און געשפירט, געטראכט און פאר זיך גערעדט.

— פון זייט טרייסעלט שטארקער ווי פון הינטען.

און ווידער פארזונקען, איינגעגרונטעוועט אין זיינע אייגענע געדאנקען, ווי א קוילען גרעבער לאזט זיך אראב אין דער שאכטע. אבער די מחשבות האבען איהם נים געשטערט צו זעהן וואס עס טוט זיך אויפ'ן ים, קוקען אויפ'ן ים — הייסט טראכטען.

עס האבען זיך אנגעהויבען שרעקליכע יסורים פון אייביג צורודערטען, אייביג געפייניגטען וואסער עלעמענט. שרעקליכע אנגסט געשרייען האבען זיך געטראגען פון דער טיפעניש. דער דאקטאר האט אויף אלץ געקוקט, קיין קלייניגקייט נים דורכגעלאזען, האט אבער נים געקאנט דורכנעמען מיט טיפען בליק פון א דורכדרינגענדען וואהר זעהער, דער גיהנום לאזט זיך נים דורך נעמען.

אן אונגעהויערער אימפעט האט געבושעוועט אין דער נאטור.

געטריבען. ניטא קיין זאך אויף דער וועלט וואס זאל אזוי לאגיש און אין דערזעלבער צייט אזוי משוג'דיג ווילד ווי דער ברויזענדער ים. זיך אליין צוטראגען, צושלאגען, דאס איז דער זין פון זיין אלמעכטיג־קייט. וואס איז א ווינט? אן אויביגע מלחמה פון צוויי צדדים,ביידע צוזאמען — אין זיך, פאר זיך, נעגען זיך. זי באווייזט זיך אום באלד צו פארשווינדען, מיט איין זייט באפאלט זי, מיט דער אנ־דערער באפרייט זי. ווי שילדערט מען די אלע עראינערונגען וואס שווייבלען און גריבלען פארביי יעדען אויגענבליק? טיפע אפגרונטען, הויכע קאמען, נידעריגע טאהלען — הויכע בערג. עס יאגט און טראגט ארויף און אראב ביז זייערע ריעזען־חברים שלינגען זיי איין און ירשענען זייער ארט. ווי שילדערט מען די פארבעהאלטענע פאר־כשופ'טע פארשיעדענארטיגקייט פון די ריזיגע זיילען, פונ'ם זודיגען שוים? אלץ איז אונבאשרייבליך אין דעם פאנאנדערגעריסענעם מויל פון אבגרונט, אינ'ם ווילד־משונעדיגען גערודער, אין דעם געהיימנים־פאלען חושך.

דער ווינט האט געבלאזען גלייך פון צפון זייט, פון דעם ווילדען כוח זיינעם האבען די שיפס־לייט הילף ערווארטעט. דער ווינט וועט זיי טרייבען וואס ווייטער פון ענגלאנד. דער אייגענטימער האט בא־פוילען אנצוציהען אלע זעגלען אויף דער די „מאטוטינא" באדעקט מיט שוים, ווי א פערד אין גאלאפ, און מיט צושפרייטע פליגלען איז משוגענערהייט געשפרונגען פון אינד צו אינד, געטריבען פון הינטערשטען ווינט פייל פון בויגען. די אנטלאפענע האבען זיך גע־פרעהט, מיט די הענט צוגעפאטשט, אפלאדירט זייערע אויסלייזער, וועלען און ווינט, זעגעל און שטראם, עס טראגט זיי שנעל, טרייבט זיי וויית צום אונבאוואוסטען „שפעטער".

פאלשער בטחון! דער דאקטאר האט עס פארשטאנען. ער איז אלץ געשטאנען ווי פריהער פארזונקען אין זיינע מחשבות.

דער טאג איז שוין אונטערגעגאנגען, שטאק פינסטער.

אקוראט אין דער מינוט האט דאס קינד, דארט ביים ברעג אויפ'ן הויכען שפיץ פעלז דעם לעצטען מאל דאס שיף געזעהען. ווי עס פארשווינדעט פון זיינע אויגען ביז דעם אויגענבליק האט דאס אלץ אויפ'ן ים געקוקט, ווי דער בליק זיינער וואלט געווען צום שיף צו־

געשמיט. וואס פאר א ווירקונג האט דער בליק געקענט האבען אויף זייער מזל? פארלארען דאס שיף פון אויג האט ער זיך אפגעקערט און איז אוועק קיין צפון־זייט. די „מאטוטינא“ איז געשוואומען צו דרום צו.

אלץ פארשוואונדען איז נאטירליכען חושך.

---

## 13טער קאפיטעל.

פרעהליך און לוסטיג האבען די אנטלאפענע געקוקט אויף דער יבשה, וואס איז הינטער זיי געבליבען און איז וואס ווייטער אלץ קלענער געווארען, איינציגווייז, שנעל, נאכאנאנד זענען פארשוואונדען געווארען די פעלזען, שפיצען מיט די הויכע לייכט טורעמס. צו לעצט ווערט ער פון דעם ענגלישען ברעג.

ארום און ארום — לויטער ים.

מיט אמאל איז שטארק פינסטער געווארען — שווארצע געדיכטע פינסטערניש. פארשוואונדען יעדע פארשטעלונג פון רוים און ארט, דער הימעל — שווארץ און דער חושך זיינער האט דאס שיף איינגעשלונגען. עם האבען זיך באוויזען די ערשטע פעדערן שניי שוועבענדיג אין חושך ווי טויטע נשמות. אלע האבען געפיהלט אז זיי זענען געבליבען אויף הפקר, יעדען אויגענבליק מעג מען זיך ריכטען אויף געפאהר.

א גרויסער טריבער וואלקען, ווי אן אונגעהויערער פענאמען היינגט איבערן ים. ערטערווייז פיהלט נאך דער בלייענער בויך זיינער און לאזט זיך אראפ ביז'ן סאמע וואסער, דארט וואו די וואלקענס קריכען נידעריג שפרייטען זיי זיך אוים ווי צושפרייטע זעק, זויגען זיך אן מיט וואסער, לאזען ארוים קנוילען דאמפף און הויבען אויף גאנצע בערג שוים.

דער שניי שטורעם האט זיך אנגעהויבען, כוואליע און שיף האָ־
בען זיך איינע אַז די אנדערע אנגעשטויסען און געפּעכט ווי צוויי
בלוטיגע שונים אויף לעבען און טויט.

דעם ערשטען קלאפּ וואס די שיף האט געקראגען איז געווען אזוי
פלוצלונג, אומגעריכט אַז מען האט קיינע הכנות ניט געמאכט דער
זענגל בוים האט געגרילצט און צוריק זיך געבויגען ווי דערשראָקען.

ווען א ציקלאָן טראגט זיך אין אונזער צפון'דיגען האלב קוגעל,
דרעהט ער זיך פון רעכטס אויף לינקס, ווי די ווייזער פון א זייגער
און בעת מעשה שרייפעלט ער זיך פאראויס מיט דער שנעלקייט פון
זעכציג מייל א שעה. „מאטוטינא" איז געווען איז סאמע מיטען
שרעקליכען דריידעל און געשניטען די וואלען פונקט ווי ארום איהר
וואלט גאר רוהיג געווען. זי האט קונציג לאווירט מיט'ן נאז דער
הויפט ווינט זאל איהר טרייבען אין דער גלייכער ריכטונג.

אויבען ווייט אין דער הויך האט דער אוראגאן געשאלט.

ווען דער אפגרונט ברומט איז דאס מיט דעם דאזיגען שאל קיין
פארגלייך ניט. דאס איז דער שרעקליכער געהיל פון דער פארוואונ־
דעטער חיה וואס הייסט „וועלט". יא, די וועלט איז א לעבעדיגע באַ־
שעפעניש, דאס וואס מיר רופען אַז מאטעריע, פאראייניגונג פון אונ־
ענדליך קליינע אַטאָמען איז אַן ארגאניזם. וואס זיין זין האט נאך
קיין געלעהרנטער ניט אויסגעפארשט. און זיין טאהל פיעלט מען
אבער טיילמאל ווי די ווירקונג פון עפּעס א פארשטאכענעם ווילען.
וואס ווארפט אַן א ציטערניש. אַט דער דאזיגער פינסטערער, אונ־
באגרייפליכער „אלץ" האט זיך זיין געשריי, זיין אייגען הילך, משונדיג־
טויערנד, איינגעשפּארט, אונאויפהערליך, דער דאזיגער הילך איז
וויינינגער ווי א ווארט אבער מעהר ווי א דונער — אַן אוראגאן איז
דאס. אלע איבעריגע קולות — ליעדער, נגונים, יאמער געשרייען
טראגען זיך פון אונזער. דער דאזיגער הילך געהט ארויס פון „נאר־
ניט" וואס איז „אלץ". אלע קולות דריקען אויס די שטים פון א
גשמיותדיגען חומר וועלט, אין דעם הילך אבער קלינגט די שטים פון
עפּעס א וואונדער וועזען.

טיילמאל דוכט זיך דער תהו־ובהו איז געקומען מאכען זיין רעכט
אויף דער וועלט, און לאדעט זי איין צו א העכערען משפט. און דער

מרחק ליינט פאר זיינע תענות, קלאַגט בעל רחמים, דאָ הויבט מען אָן צו פארשטעהן די אורזאכען וואס האבען באשאפען אלע מיטאַ־לאַנישע פארשטעלונגען וועגען געטער און געצען, גייסטער און רוחות.

שווייגט די נאכט ווארפט זי ארויף א שטילע מרה־שחורה: רעדט זי — איז נאָך פינסטערער. פאראן א גרויסער חילוק צווישען נאכט און בין־השמשות. נאכט, איז א באשטימטער באגריף — בין־השמשות — א פארפלאָנטערטער, דאס ווייזט די גראמאטיק, די לאָ־גיק פון ווארט. זי האט ניט קיין איינצאָהל פון דעם ווארט „בין־השמשות": איינע א נאכט, פיעל פארשידענע בין־השמשות. „פאר־נאכט" איז ניט מעהר ווי ערב בין־השמשות, א הקדמה צום פיעל־פאכען פלאָנטער.

אין דעם אומבאשטימטען, אומענדליכען חושך פיעלט זיך דאס לעבעדיגע ביי־זיין פון עפעס אדער אימיצען, א לעבעדיגעס — א טייל פון אונזער טויט, געפּטר'ט די וועלט, ווערט דער חושך אונזער ליכט דערוויייל דוכט זיך שטעלט ער אונז אין נסיון, די נאכט קאָנפיסקירט אונזער נשמה, אין געוויסע פיינליכע מאמענטען דוכט זיך אז מיר הויבען אָן פיהלען דאס דאָזיגע וואס געפינט זיך אויף יענער זייט קבר און ווארפט אויף אונז זיין שליטה ארויף.

דעם דאָזיגען סוד איז מען ערגעץ ניט תופס אזוי באשיינפּערליך ווי אויפ'ן ים אין א שטורעם ביינאכט. דאס פאנטאסטישע מישט זיך צו צום שרעקליכען. דער שטורעם איז א געהיימניספולע קראפט וואס טוט זיך זיין שליחות און פאָלגט דעם געבאט פון אימיצענס מוטווילינען רצון, א ווירקליכען אדער אן איינגעבילדעטען.

פאעטען זאגען — מוטווילינקייט פון אינדען, קיין מוטווילינקייט איז אבער ניטאָ אין דער נאטור.

אלץ וואס איז ניט שטאנדהאפט אין דער נאטור — רופען מיר מוטווילינקייט, אין מזל — צופאל. באמת איז קיין זאך ניט הפקר. ניטאָ קיין מוטווילינקייט, קיין בלינדער צופאל, שטרענגע געזעצליכ־קייט הערשט אומעטום, מען דארף זיי נאר קענען פארשטעהן.

---

# 14טער קאפיטעל.

דער הויפט סימן פון א שניי שטורעם איז וואס ער איז שווארץ. געוועהנליך ביי א גוטען געוויטער זעהט די נאטור אזוי אויס: ערד אדער ים־פינסטער, דער הימעל אפגעבליאקעוועט, צוריסען, שארף געענדערט: שווארצער הימעל — ווייסער אקעאן. אונטען שוים — אויבען חושך, דער געזיכטס־קרייז א שיסעל איבערגעקערט אויף אונ־זערע קעפ: דער אונטערשטער עגוט, דער ראנד האריזאנט — פאר־וויקעלט אין רויך־בלויען טיול, דער מיטען, דער זעניט, אויפ׳ן קאפ — פארשלייערט אין שווארצען קרעפ. דא איז אבער א טעמפעל אז באלייכטונג מען זעהט ניט קיין בלאזענדען פייערעל אויף די אינדרען־קאמען: קיין איינציגער פונק, קיין פאס פאר גלאנץ אפילו. דאס איז דער אונטערשייד פון א טראפישען ציקלאן און א פאלארען. יע־נער דער הייסער צינט אן אלע ליכט, דער, דער קאלטער לעשט זיי אלע אויס. א בלינדער הייל, פארצויגען מיט א נידעריגען פינסטערען גע־וועלב, און אין מיטען צווישען הימעל און ערד טראגען זיך ארום ווייסע פליאמעס, דאס זענען פעדערען שניי וואס שוועבען ארום אין דער לופטען ווי קאלטע שרצים פון שאול־תחתיה.

און עס דוכט זיך: א לויה... א בר מינן באדעקט מיט שווארצען. דאס שווארצע הויבט זיך אויף און טריעפט מיט קאלטע טרערען, וואס ווערען באלד פארגליווערט אין שטעבענדיגען אייז.

די לופט ווערט פול מיט שראט, דער וועטער קאכט געטראפען פון שראטענעם האגעל.

קיין איינציגער דונער שלאק, דער בליץ שווינדעלט בלאנק אהן לשון „שיט מיט פונקען" — שטיל ווי פאר׳גנב׳עט דאס עפענט זיך א פיסק פון א ווילדער חיה, וואס ווייסט ניט פון רחמנות. א שניי שטורעם איז בלינד און שטום, אז מען לעבט עס איבער אויפ׳ן ים. טרעפט אפט נאך דעם אז די שיפען ווערען בלינד, און די מאטראזען שטום, נאר ניט יעדער איינער קען דאס איבערלעבען, דאך זעלטען, זעלטען, גילט דאס איינעם אב.

די „מאַטוטינא" איז געפלויגען אויף אַלע זעגלען. ווי אַרומגע־רינגעלט מיט קנוילען וואָלקענס, אַזוי נידעריג האָבען זיי זיך געקייקעלט איבערן וואַסער און דעם גאַנצען רוים אַנגעפּיהלט, קוים וואָס מען האָט געקענט זעהן אַ שטח פון דריי פיער אינדען נאָכאַנאַנד.

צייטענווייז בלאַנקט דורך אַ בליץ, רוי־טער קופּער קאָליר, און שניידט דורך די וואָלקענס פון אויבען ביז אַראָפּ. אַ העליש פייער אויף איין אויגענבליק. ביי אַזאַ בלוטיגער באַלייכטונג זעהען אויס די פּעדערען שניי ווי שוואַרצע פלעצערלעך. שוועבען אין אַ פלאַקערדיגען קאַלך אייוועז. אַ רגע שפּעטער און אַלץ ווערט ווידער פאַרשוואונדען אין דער פינסטער.

דאָס שיף איז נאָך אַלץ געפלויגען אין אַ משוגענעם גאַלאָפּ, געשוואוימען ווי אין אַ ים פון שוואַרצע טינט, און צווישען פאַנטאַנגען זודיגען שוים, וואָס שפּריצען אויך איבערן זעגעל בוים, גלייך צום נידעריגען הימעל, וואָס זעהט אויס ווי אַן איבערגעקערט ביטעל פון שוואַרצען טינט. די וועלען האָבען באַגאָסען דעם אויבער דעק מיט שטראָמען וואַסער. די שיף האָט זיי צוריק אין ים אַראָפּגעגאָסען. זיך בווינענדיג הין און הער, רעכטס און לינקס. די פרויען זענען אין קאַיוטע אַראָב, די מענער אויבען געבליבען, דער שניי האָט זיך גע־דרייט און זיי די אויגען פאַרבלענד. דער הויפּטמאַן פון באַנדע איז געשטאַנען ביים הינטערשטען ברעג שיף, פּלוצלונג רייסט ער אַראָפּ די הוט פון קאָפּ, פּאַכעט אין דער לופט און שרייט אויס, שטאָלץ און פרעהליך:

— מיר זענען פריי!

— פריי, פריי, פריי, ענטפערען אַלע אָב.

די גאַנצע באַנדע איז אויפגעשפּרונגען. פאַר די פאַרצוויגענע שטריק זיך אַנגעהאַלטען.

— הוראַ! — שרייט דער הויפּט־מאַן. און די באַנדע רייסט זיך אויף די העלזער ווי זיי וואָלטען געוואָלט דעם שטורעם איבער־שרייען.

— הוראַ!

ווען די קולות זענען פאַרשוויגען געוואָרען האָט זיך דערהערט אַ צובייזערטע שטימע פון דער אַנדער זייט שיף, וואָס האָט נאָר איין וואָרט אויסגעשריען.

— שווייגט!

אלע האבען זיך אומגעקוקט.

זיי האבען דערקענט דעם דאקטארס קול. געזעהען האט מען איהם ניט, אזוי פינסטער איז געווען. דערצו האט ער זיך נאך אנגעלעגט אן זענעל בוים, מיט דער מאגערער דראהענדער פיגור זיינער. דאס קול זיינס האט געהילכט ווי פון לעהרען רוים ארויס:

— הערט זיך צו.

אלע זענען אנטשוויגען געווארען און זיי האבען דערהערט א גלאק קלינגט ערגעץ.

---

## 15טער קאפיטעל.

דער בעל־הבית פון שיף האט אויסגעשאסען מיט א געלעכטער.

— א גלאק — וואויל! א סימן פון ישוב.

דער דאקטאר האט מיט געצויגענע ווערטער ווארט ביי ווארט איהם געענטפערט.

— ניטא קיין ישוב, ניטא קיין לאנד.

— וואר־זשע קלינגט דאס?

— אין ים.

ביי די ווערטער זענען אלע פארציטערט געווארען. אין טיהר פון קאיוטע האבען זיך באוויזען א פאר פינסטערע צורות פון ביידע פרויען, ווי אימיצער וואלט מיט שווארץ־קונסט א פאר מכשפות אראפגעבראכט. דער דאקטאר האט געמאכט א טריט פאראויס, און זיין לאנגע שווארצע פיגור האט זיך אפגעטיילט פון זעגעל בוים, און דארטען פון דער פניסטער ארויס האבען אפגעהילכט קלאנגען, האסטיג, אפגעריסען, בים־באם, בים־באם.

דער דאקטאר האט ווייטער ערקלערט.

— אין מיטען ים צווישען פארטלאנד און דעם לאמאנשער אינזעל גרוסע, שווימט א באק, א גרויסע קויף אזעלכע, וואס איז א

וואָרענעש פאַר די שיפען וואָס קעהען פאַרביי. דער באַק האָלט זיך פעסט אויף אַנקער קייטען, עס זאָלען איהם ווייטער ניט פאָרטראַ־גען, האָרט נעבען באַק ציהט זיך אַ זאַמד באַרג וואו דער גרונט איז אויך אויפגעהויבען, און דאָס וואַסער פון אויבען נידעריג פלאַך הויך דורכצושווימען. צו דעם באַק איז צוגעשמידט אַ געשטעל פון געצלמטע אייזערנע שטאַנגען אויף זיי הענגט אַ גלאָק, אין אַ שטורעם וויעגט דער וואַסער דעם באַק הין און הער צושאַקעלט זיך דאָס גלאָק און קלינגט.

דער דאָקטאָר האָט דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט, דער ווינט האָט דער־ווייל אָפּגערוהט, האָט מען נאָך דייטליכער געהערט דעם דומפּען גע־קלאַפּ, בים־באַם, בים־באַם, בים־באַם.

— בלאָזט אַ צפון ווינט און מען הערט אַז דער גלאָק קלינגט איז מען פאַרפאַלען. און אָט פאַר וואָס: איהר הערט קלינגען, ווייל דער ווינט טראָגט אייך די קולות פון צפון־מערב, דער אייגענער ווינט טרייבט אייך צו דרום־מזרח, גלייך צו די ברוק אינדען צווישען די וואַסער פעלזען פון „אָריני“ דאָס שיף נעפינט זיך איצט צווישען די באַק און די ברוך אינדען, באַלד וועט אונז אהין פאַרטראָגען דער ווינט. ווען מיר וואָלטען נעוועזען אויפ׳ן רעכטען וועג, אין פרייען ים וואָלטען מיר גאָרניט געהערט, מיר האָבען זיך פון וועג אָפּגעשלאָגען דער ווינט טראָגט אונז אויף „יענער וועלט“ און די גלאָק קלינגט צו אונזער לויה. איצט ווייסט איהר שוין אַלץ!

אַלע זענען געשטאַנען אונבאַוועגליך און די גלאָק האָט דעם דאָק־טאָרס הספד געקלונגען: בים־באַם, בים־באַם.

---

## 10טער קאַפּיטעל.

דער בעל־הבית האָט נאָך אַלץ דעם מוט ניט פאַרלאָרען און גע־נומען קאָמאַנדעווען.

לאָזט אַראָב די זעגעל! לאָמיר געהן אַנטקעגען ווינט, גלייך צו דער גלאָק צו, אפשר וועלען מיר זיך אַרויסראַטעווען.

— פּרובירט, מאכט דער דאָקטאָר.

אין איין מינוט האָט מען דעם באַפעהל אויסגעפיהרט, אַלע האָבען געהאָלפען.

דער אוראַגאַן האָט זיך אָבער אויך געאיילט, ווי א תּליון וואָס האָט קיין צייט ניט. אין איין אויגענבליק האָט ער פון אַלץ א תּל געמאַכט: א ריס געטאָן מיט׳ן גאַנצען כח — און דער זעגעל בוים איז צובראָכען. דאָס לייוועגט צופליקט, די שטריק צופּלאַצט, די קייטען צוגלידערט. פיער וואַלען ווי בערג האָבען זיך דורכ׳ן שיף דורכגעטראָגען און יע־דער האָט זיין חלק זאָד רויב פאַרטראָגען, דעם קאַמפאַס מיט׳ן וואַכט־הייזעל, דאָס לייכטע גלעט־שיפעל, וואָס איז געגאַנגען ביים זייט שיף דער לאַמטערן מיט׳ן הייליגען בילד פון נאָז שיף זענען אויך פאַר־שוואונדען.

נאָר דער שטייער רודער איז גאַנץ געבליבען. מען האָט ווידער פייער געמאַכט אַנגעגאָסען פעד און אויסגעאוילטען גראָנאַט און אָנ־געצונדען מיט א גראָבען קנויט פון קלאָטשע.

דער בעל־הבית איז נאָך ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלען.

— כל זמן מיר האָבען נאָך א רודער קען מען נאָך דאָס שיף קערעווען! האַקט אונטער דעם צובראָכענעם זעגעל בוים, רייניגט אָב דעם אויבער דעק, וואַרפט בראָק און ברוד אין וואַסער אַריין.

איין אויגענבליק און דער אויבער דעק איז אָפּגערייניגט.

— איצט בינדט מיר צו צום שטייער געשטעל.

מען האָט איהם צוגעבונדען, ער האָט מיט א בייזען געלעכטער צום ים געשריען.

— ברום אַלטער אשמדאי, הייל צוזעצטערחייט, מיר וועסטו ניט איבערשרעקען! כ׳האָב שוין ערגערס געזעהען.

אין געפאַהר ווערט דער מענש אַמאָל מוטיג ווילד און בריהיש האַפערדיג. ער האָט געקלאַפּט מיט׳ן פויסט אַז רודער געשטעל און געשריען.

— אַלץ געהט גוט! מיר וועלען שווימען צו מערב־זייט צו.

מיט אַמאָל האָט זיך א וואַל אויפגעהויבען און פאַרגאָסען דעם הינטער טייל פון שיף.

אזעלכעס קומט פאר גאנץ אפט אין א שטורעם. אזא וואל גנב'עט זיך אונטער, ווי א בייזע חיה, קריכט צו שטילערהייט און טוט זיך אווארף מיט א ווילד געהייל און צוברעקעלט דאס אומגליקליכע שיף אויף שפענדלעך, א הילכיגער קנאק — און די „מאטוטינא“ איז פול באדעקט מיט שוים. דער וואל איז פאראיבער און דער אויבערדעק פון הינטען — פריי, ס'האט אראפגעטראגען דעם רודער מיט'ן געש־טעל צוזאמען מיט'ן צוגעבונדענעם בעל־הבית.

— לאמיר ווארפען אנקער ראטעווען דעם בעל־הבית.

נאר איין אנקער איז געוועזן אויפ'ן שיף, מען האט איהם אראפ־געלאזען אויף א שטריק, דער גרונד איז געוועזן הארט ווי א פלעז, דאס וואסער שטראמיג, געקאכט — האט דאס די שטריק צוריסען ווי א הערעלע, דער אנקער איז אין וואסער געבליבען.

איצט איז די „מאטוטינא“ שוין א צובראכענער שארבען, א נישטיג קארעק וואס ווערט געטראגען, געווארפען וואו וואסער און ווינט שטויסען איהם.

די אומגליקליכע האבען זיך געהאלטען אנגעקלאמערט, ווער אן א קייט, ווער אן א האק, וואו נאר א פעסטער אנהאלט, עס זאל זיי אויך ניט אראפשווינקען אין ים. צייטענווייז האבען זיי זיך צוגע־הערט. די גלאק קלינגט וואס ווייטער אלץ שטילער דומפער. דוכט זיך זי כארכעלט דארט די לעצטע גסיסה. ענדליך — שא! מען הערט שוין גאר ניט. עס האט זיי שוין געוויים ווייט פערטראגען. איצט בענקען זיי שוין נאכ'ן גלאק, איהר קלונג האט זיי געשראקען, איהר שווייגען ווארפט אן אימה. זיי שווימען איי דער פינסטער צו א זיכע־רען טויט.

מיט אמאל באווייזט זיך א שיין.

— א לייכט טורעם!

אפשר — א ישועה. גיכער א — נשמה ליכט.

## 17טער קאפיטעל.

דער לייכט טורם איז געשטאנען צווישען הויכע פעלזען אין מיטען וואסער. אויבען — אן אייזערנע שטייג אנגעפיהלט מיט שטיקער האלץ, וואס האט איצט העל געפלאקערט און געווארענט: הימ זיך. דא ליעגט א נעץ פון ענגע קרום געדרעהטע קאנאל שטראמען, צווישען פעסטע פעלזען, פון דאנען קאן קיין שיף קיין גאנצע ניט ארויס.

אזא ווארנונג איז גוט פאר א שיף וואס האט זעגעל און רודער. און קען שווימען וואוהין מען קערעוועט איהר. פאר אונזער „מאטו־טינא" איז דאס געווען א ביטערע איראניע: באלויכטען דעם וועג צום חורבן.

די אומגליקליכע האבען געהערט דאס דומפע ברומען פון ים און די פעלזען־היילען אונטערן וואסער. אויבען האט נעקנאקט דאס פייער אין די אייזערנע גראטעס און בלוטיג גערויטעלט די קנוילען רויך וואס האבען זיך געצויגען צו די שווארצע וואלקענס און מיט זיי זיך געראנגעלט אין דער לופטען.

צוויי אומגעלומפערטע עקדישען, איינער שווארץ, דער אנדערער רויט, האבען א מלחמה געפיהרט. יעדער איינער פון זיי האט זיין העלפער געהאט. דער — פלעדער־שניי, דער — פליעגען פונקען דער שניי האט זיך איין טרעהרען צוגאסען און זיינע פיינד אין טריי־פענדע טראפטעם דערטרונקען.

די שארפע פעלזען שפיצען טרעטען ארויס אלץ קלעהרער בול־טער, באלויכטען מיט'ן רויטען אפשיין פון פלאקער. שווימט דאס שיף צו זיי? לויפען זיי אנטקעגען שיף? אלץ איינס! דער מרחק ווערט קלענער, דער צוזאמענשטויס — נעהענטער.

דער הויפטמאן פון דער באנדע האט איבערגענומען די קאמאנדע נאכ'ן דערטרונקענעם בעל־הבית.

דאס וואסער האט אפגעריסען א באלקען ביים ראנד פון שיף, עס האט זיך נאר מיט איין עק געהאלטען אויף עטליכע טשוועקלער.

— רייסט אב!

אַלע פינף מענער, אויסער דעם דאָקטאָר האָבען זיך אַרויפגע־וואָרפען אויפ'ן באַלקאָן און איהם באַלד אָפגעריסען.

— דאָס קאָן אונז נאָר ראַטעווען.

זיי האָבען זיך אין זעקסען געשטעלט האַנט ביי האַנט. איינעק באַלקען אָנגעשפאַרט אַן אָפגעבראָכענעם זעגעל בוים, דעם צווייטעןעק האָריזאָנטאַל אויסגעשטרעקט פון זייט שיף אום אַ זעג צו טאָןהאַסטיג אין פעלז, ער זאָל פון אימפעט אָפּשטויסען צוריק.

דאָס איז געווען אַ געפעהרליכער מאַנעווער. אַליין אַנפאַלעןאויפ'ן פעלז איז אַ געוואַגטע חוצפה. דער שטויס צוריק האָט זיי אַלעגעקאָנט אין וואַסער אַריינשליידערען.

דאָס איז געווען איינע פון יענע מינוטען ווען די האָר אויפ'ןקאָפּ ווערן גרוי מיט אַמאָל, אָט באַלד קומט פאַר דער שרעקליכערקלאַפּ.

אַ פעלז איז אַ סבלן. דער שטיינערנער ריף האָט געדולדיג גע־וואַרט.

ליופט אַן אַ וואַל און מאַכט אַנ'עק צום וואַרטען. ער האָטאונטערגעכאַפּט די „מאַטוטינאַ" זי אַ הויב געטאָן און איהר צוטריי־סעלט, ווי מען צוואַוויגט אַ שטיין איידער מען טוט איהם אַ וואַרף.

— האַלט! — שרייט דער הויפּטמאַן — עס איז דאָך ניט מעהרווי אַ פעלז, און מיר זענען מענשען.

זעקס מאָן האַלטען זיך אָנגעקלאַמערט אָן באַלקען. ווי צוגעשמיד־טע. פון באַלקען שטעקען אַרויס שאַרפע אייזערנע טשוועקעס — קייןצייט ניט געווען זיי אַרויסצוציהען. עס שטעכט בלוטיג די הענט, זייפיהלען ניט קיין וועהטאָג.

דער ווינט האָט די שיף צום פעלז צוגעטראָגען.

אַ געוואַלדיגער שטויס אונטערן געדיכטען שלייער פון קאָכיגעןשוים — און די אינדען האָבען דאָס שיף צוריק אָפּגעטראָגען פון שטייןדי זעקס מאָן זענען געלעגען אומגעוואָרפען אויפ'ן אויבער־דעק. די„מאַטוטינאַ" איז געשוואָומען פאַרביי די ריפען. דער באַלקען האָטזיי עהרליך געדינט — צו דער רעכטער צייט אָפּגעוואָרפען. עטליכעמינוט האָט די „מאַטוטינאַ" געטאַנצט פון וואַל צו וואַל און זי האָטשוין דעם ליכט טורעם הינטער זיך, אַרויס פון דער ערשטער געפאַהר.

אָבער מעהר קען שוין אַזאַ נס ניט געשעהן. דער שטויס האָט

דעם באלקען אין וואסער אריינגעשליידערט אפרייסען נאך איינעם אזעלכען איז אונמעגליך — סיידען די שיף רואינירען.

דער געפערליכער לייכט טורעם האט זיך אלץ דערוויטערט און איז פארבלייכט געווארען. דער געדיכטער נעבעל האט ביסלאכווייז פארצויגען דעם שיין פון פייער, די פלאם איז זיך צושוואומען געראנגעלט, געהויבען, געצונדען, ווי זי וואלט זיך געטרונקען אין שווארצען אפגרונט. דעם ליכט האט מען קוים באמערקט אין דעם רויטליכען אפשיין אויף די פינסטערע נעבעל וואלקענס.

די גלאק מיט איהר בייזער בשורה איז אנטשוויגען געווארען. דער געפערליכער טורעם פארשוואונדען, פון ביידע געפאהרען אויסגעמיט זיך. די לאנגע אבער איז נאך שרעקליכער געווארען: פריהער איז געוועזען וויניגסטענס א קול, א פאקעל — עטוואס לעבעדיגעס. איצט גארניט: א פינסטערער אפגרונט ניט מעהר.

---

## 18טער קאפיטעל.

געקומען צו זיך האבען די שיפס־לייט ווידער גענומען צו האפען. אזוי איז שוין דעם מענשענס נאטור. „אפילו ווען א שארפער שווערד ליעגט שוין אויפ'ן האלז — זאל מען זיך ניט מיאש זיין." די אומגליקליכע האבען גע'חלומ'ט בלויז פון איין זאך, און איצט מיינען זיי. אז זיי זענען שוין געראטעוועט. „געראטעט" דער ווארט איז זיי שוין אויפ'ן צונג געלעגען.

מיט אמאל איז געגען זיי אין דער פינסטער אויסגעוואקסען א נייעס, א שרעקליכעס. פון דער לינקער זייט פון שיף האט זיך געגען גערוקט, א הויכע שווארצע מאסע מיט גלאטע ווענט, א מין פיערעקיגער שארף־קאנטיגער טורעם וואס הויבט זיך פון אפגרונט.

דאס איז דער פעלז ארטאך.

ביי נאַכט זעהט ער אויס ווי אַן אונגעהויערער עשאַפאָט, וואָס ליעגט אויף אַ שוואַרצער שטיק מאַלעריע.

צו דעם עשאַפאָט האָט זיך די מאַטוטינאַ שנעל געטראָגען ווי פאַר׳משפּ׳ט צום טויט. געשמידט — מיט קיין אָבער ניט צו ריהרען. די אויגען — פאַרבונדען, פאַרוויקעלט אין חושך, און אויבען שטעהט דער תליון און וואַרט. דער שטורעם מיט זיין שאַרפער האַק, דער דונער שלאַק.

די קאַסקעטען זענען געגליכען צו אַ ריב־אייזען מיט טויזענד געריצטע ציין. פאַלט אַהין אַ שיף אַריין ווערט עס צוריבען. אַרטאַד איז אַ וועלנער ברעט דאָ ווערט עס צודריקט און צוקוועטשט.

איין שאַנס אויף רעטונג איז פאַרט געבליבען, אויב אַ פּאַליע שטויסט זיך אָן אויף אָט דער גלייכער שטיינערנער וואַנט, ווערט זי אָפּגעשטויסען צוריק צובּרעקעלטערהייט, ווענדעט זיך נאָר אין דעם ווי זי טרעפט די שיף אויב אַהין איז שלעכט, אויב צוריקוועגס קען זיך אָפּטראָגען פון שטיין.

אַ מינוט פון פיינליכען טויט שרעק, די אומגליקליכע זעהען ווי עס הויבט זיך אָן אונגעהויערע כוואַליע און טראָגט זיך גלייך אויף זיי, באַגעגענט זי די שיף מיט איהר באַרג אַרויף, זענען זיי פאַרלאָרען. מאָמער אָבער טרעפט זי מיט איהר באַרג אַראָפּ און גראָבט זיך אונטער אונטערן שיף...

די פּאַליע איז דורך פון אונטערן שיף.

זיי האָבען אָפּגעלעבט.

ווי וועט זי זיך אָבער אומקערען?

עס האָט זיי צוריק אָפּגעטראָגען.

עטליכע מינוטען שפּעטער איז שוין די „מאַטוטינאַ“ ווייט, ווייט פון דעם געפערליכען פעלז — נצול געוואָרען פון נאָך אַ געפאַהר.

## 19טער קאפיטעל.

זיי זענען ווייטער געשוואומען, געיאגט פון וואסער און ווינט. פון אויבען האט געשאטען א געדיכטער האגעל, דאך זענען די פרויען איינגעשפארטע געבליבען אויפ'ן אויבער־דעק, אויף קיין פאל ניט גע־וואלט אראפגעהן אין קאיוטע. יעדער וואס לעבט דורך די געפאהר פון שיפס־ברוך וויל בעת מעשה זעהן דעם פרייען הימעל איבער זיך. וואס נעהענטער צום טויט אלץ שווערער דריקט די סטעליע.

די אינדען זענען געווארען קורץ, אבער אונגעהויער הויך — א סימן אז זיי געפינען זיך אין א שמאלען דורכגאנג, זיי זענען ווירק־ליך געווען ניט ווייט פון אריני. ביי יענעם געפעהרליכען ארט וואס מען רופט „מאלפע“. דאס וואס ער שטראמט דארט מיט א ווילדער שנעלקייט, אונטען קאכט ווי קעסעל גריבער אין אויבען גיסען זיי זיך צונויף אין א אונגעהייערען קעסעל גרוב. פאלט אהין א שיף אריין ווערט עס זיך אזוי לאנג ביז עס שלאגט זיך אן א פעלז און נעהט צו גרונט. קרייזען שוים באוועגען זיך צווישען די כווליעס. נאר ער־טערוייז זעהט מען ווי בלעזעלעך אויפן אויבערפלעך — די לעצטע סמנים פון די לעבעדיגע באגראבענע.

זיי האלטען שוין ביים גרענעץ פון די קעסעל גריבער, נאך איין אויגענבליק און די „מאלפע“ שלינגט זיי איין.

מיט אמאל איז די שיף צוריק אפגעשפרינגען, א וואל האט עס אונטערגעהויבען און אפגעווארפען. די „מאטוטינא“ איז ווידער בשלום ארויס, אויסגעמידען דעם ארײנישען ברעג און ווידער אריין אין ים.

וואס איז דא געשעהן ? דער ווינט האט זיך פלוצלונג געביטען.

יעם ים'ס קאפריזען איז ניט צו באנרייפען אלץ איז דארטען „אפשר“ און „טאמער“. אמאלווארפט ער זיך אויף זיין קרבן ווי א בלוט דורשטיגע חיה און אמאל שפילט ער זיך ווי א קאץ מיט א מויז.

דער מזל איז געווען אויף דער זייט פון אונזערע שיפס־לייט. שטראם און ווינט האבען זיך געראנגעלט, און דער ווינט האט גובר געווען, מיט געוואלד זיי ארויסגעריסען און אוועקגעשליידערט. דער

וויגט האט אנגעכאפט די „מאטוטינא“ ביי די אפגעריסענער עשטען שטריק, ווי מען שלעפט א דערטרונקענעם פאר די האר. די אומגליק־ליכע האבען זיך קוים געהאלטען אויפ'ן אויבערפלעך. יעדער האט אנ־געכאפט וואס ער האט נאר געקאנט.

שטורעמדיגע כוואליעס האבען זיך איבערן אויבער דעם געטראגען און דער ים האט געקאכט ווי א גיהנום.

מיט אמאל — ווידער א ישועה.

---

## 20טער קאפיטעל.

דער שטורעם איז פלוצלונג אנטשוויגען געווארען. זעלטען ווען ענדיגט זיך אזוי א שניי שטורעם. דער האגעל האט אויפגעהערט אנ־שטאט איהם איז א געדיכטער שניי געפאלען, אין לופט — קיין ווינט, אין וואסער — קיין שוים, קיין אינד, רוהיג שטיל, פינסטער. „מא־טוטינא“ שווימט איינגעהילט אין חושך. ס'טוט זיך קיין טרייסעל ניט.

די אומגליקליכע קאנען שוין דעם אטעם אפכאפען, די ביינער אויסגלייכען. זיי הויבען אן ווידער צו האפען. נאך א שעה דריי און עס ווערט טאג, א שיף וועט פארביי געהן און זיי אויפנעמען און א סוף צו אלץ.

מיט אמאל דערוויסען זיי זיך, אז עס איז ווירקליך א סוף.

איינער א מאטראז איז אראב אין אונטערשטען דעק נאך שטריק און איז ארויפגעקומען מיט דער בשורה.

— ס'איז אנטען פול.

מיט וואס?

— מיט וואסער.

— וואס הייסט?

— דאס הייסט אז אין א האלבער שעה ארום געהן מיר אם גרונט.

---

# 21טער קאפיטעל.

דאס שיף האט באקומען א קלאפ און איז דורכגעלעכערט געווארען, אין אונטערן וואסער טייל. ווען, וואו? ווייס מען ניט. גיכער פון אלץ אויף ערגעץ א ריף ביים אריני. אין טומעל האט קיינער דעם זעץ ניט באמערקט. איצט איז שוין ניט צו העלפען.

דער הויפט כאן האט אויסגעשריען:

— אויספאמפען.

— ניטא קיין פאמפעס.

— לאמיר זיך לאזען שווימען צום ברעג.

— וואו איז א ברעג?

— אלץ איינס לאמיר אויסקערעווען די שיף.

— ניטא קיין שטייער רודער.

— דארף מען מאכען א נייעם פון א באלקען, א קלאץ, ניט אהער א האמער מיט טשוועקעס.

— דאס קעסטעל געצייג איז אין וואסער.

— וואו איז די רעטונג שיפעל?

— שוין לאנג פארטראגען.

— לאמיר אויסרייסען ברעטער, באלקאנס און אויף זיי שווימען.

— ניטא קיין רודער.

— א זעגעל שטעלען.

— ניטא קיין זעגעל.

— דארף מען מאכען פון א ברעזענט! שווימען מיט'ן ווינט.

קיין ווינט ניטא.

איצט בייגקען שוין די אומגליקליכע נאכ'ן שטורעם, ווינטשטראם, האגעל, מיט זיי קאן מען זיך וויינינגסטענס ראנגלען. איצט האלט זיי דאס „שטיל“ אין דער קלעם, ווי צווישען צוואנגען פון א תליון. קיין ריהר זיך ניט צו טאן.

שטיל פאמעלעך זינקען זיי, מען קאן אויסרעכענען די רגע ווען זיי וועלען פון אפגרונט פארשלונגען ווערען.

דער שניי האָט זיך באַצייטענס גענומען צו דער גוס׳ער „מאַטור־טינא“ באַדעקט זי מיט ווייסע תכריכים.

זיי האָבן זיך נאָך אַלץ ניט אונטערגעגעבן, אונטערגעצונדענע עטליכע פאַקלען און גענומען שעפּן דאָס וואַסער. מען האָט אויפגע־זוכט עטליכע עמער, אַפּגעשפּאָלטענע, צובראָכענע, דאָס ביסעל וואַ־סער וואָס מען האָט אין זיי אַנגעשעפּט האָט זיך כמעט צוריק אויס־געגאָסען, אומזיסטע אַרבייט, עס קומט צו אַ טאָן וואַסער און מען שעפּט אויס אַ פינגערהוט צוריק.

דער הויפּטמאַן האָט באַפוילען — גרינגער מאַכען די שיף.

מען האָט אַנגעהויבען וואַרפען די קאַסטענס און קופערטס אין וואַסער, איין קופערט האָט געהערט צו דער באַסקישער פרוי, זי האָט זיך ניט ווילענדיג צושריען:

— ניטאָ מיין נייער מאַנטעל מיט׳ן רויטען אונטערשלאַק! פאַר־פאַלען מיינע זילבערנע אוירינגלעך! וואָס וועל איך אַנטאָן יום־טוב צו גאָטעס דיענסט?!

מען האָט אויסגעליידיגט די קאַיוטע, אַלץ אַרויסגעוואָרפען: סחורה, באַגאַזש, פּראָוויזיע, דעם לאַמטערן, אַפילו דאָס אייוועלע מיט׳ן קעסעל זופּ. פון צייט צו צייט איז דער הויפּטמאַן מיט׳ן פאַקעל אין האַנט צוגעגאַנגען צום נאָז פון שיף און דאָרט אויף די געקאָרבטע ציפער נאָכגעזעהען ווי שיף עס זיצט שוין אין וואַסער.

---

## 22טער קאַפּיטעל.

דאָס פאַרגרינגערטע שיף זינקט פאַמעלעך אָבער זיכער.

— אפשר איז נאָך דאָ וואָס אַרויסצוּוואַרפען, פרעגט דער הויפּטמאַן.

— יאָ, ענטפערט דער דאָקטאָר אַרויסגעהענדיג פון קאַיוטע.

— וואָס?

— אונזער פארברעכען.

אלע זענען דערציטערט געווארען און אין איין קול געענטפערט

— אמן!

דער דאקטאר איז געשטאנען א בלייכער. די רעכטע האנט צום הימעל און גערעדט:

— לאמיר אונזערע זינד איז וואסער אריינוואַרפען, זיי דריקען אונז. לאמיר אויפהערען טראכטען וועגען רעטען די שיף בעסער די נשמות אונזערע רעטען. דעם לעצטען פארברעכען וואס מיר האבען געטאן נעגען דאס אונשולדיגע קינד איז די גרעסטע משא אויף אונזער געוויסען. מיר האבען געמוזט אנטלויפען דאס ווייס איך גוט מיר זענען אבער אוועק אויף א זיכערען טויט.

— דער שטורעם האט געזעהען אונזערע פינסטערע זינד — איז ער געקומען מיט אונז זיך אפרעכענען, און רעכט אזוי! באדויערט עס ניט. מיר האבען געוואלט אנטלויפען קיין שפאניען דאס איינציגע זיכערע ארט פאר אזעלכע ווי מיר. מיר האבען אבער פארבלאנדזשעט. איצט שטעהען מיר פאר'ן פראנצויזישען ברעג, דארט איז פאר אונז ניט זיכערער ווי ענגלאנד. ווען מיר זאלען נצול ווערען פון ים, ווארט אויף אונז די תליה. ניטא קיין אנדער ברירה, נאט האט פאר אונז אויסגעוועהלט דעם בעסערען טויט. לאמיר איהם דאנקען. ער גיט אונז א קבר וואס קאן אונז אויסרייניגען פון אונזערע זינד, ברידער מיינע דארט ווארט מען שוין אויף אונז. דערמאנט זיך אז היינטיגען אבענט האבען מיר געטאן אלץ וואס מענליך אוועקצושיקען אהין אן אנדערען. א קינד, און ווער ווייס אפשר איז עס שוין געשעהן אין דער מינוט ווען איך רייד צו אייך, אפשר שוועבט דא זיין נשמה איבער אונזערע קעפ און רופט אונז צו חשבון.

טא לאמיר טאן וואס מיר קאנען אום די שולד אונזערע ווי ווייט מענליך צו פארגלעטען. טאמער וועט ער אונז איבערלעבען וועט עס איהם נוצען ברענגען, שטארבט ער וועט ער אונז אפשר מוחל זיין פאר אונזער לעצטער גוטער מהאט. לאמיר די עבירה איז ים אריין ווארפען, זאלען אונזערע נשמות ניט פארזונקען ווערען פון נאט, ווייל דאס איז דער שווערסטער שיפס־ברוך, אונזערע קערפערס וועלען אנ־קומען צו די פיש, די נשמות צו די מלאכיחבלה, האט אויף זיך אליין רחמנות, פאלט אויף די קני תשובה און חרטה זענען די שטארקסטע

שיפען וואָס זינקען נים. איהר האָט נים קיין קאָמפּאַס? א טעות! איהר האָט — תּפלה.

פון די וועלף איז געוואָרען שטילע שאָף. אַזעלכע איבערקערונגען טרעפען אָפט פאַר'ן טויט. אין דער לעצטער מינוט ווערט מען נים ווי־לענדיג ענטציטערט. נאָכ'ן טויט הויבט זיך אָן עפּעס אַנדערש... דאָס דריקט דעם גוסס.

נסיסה איז דער לעצטער טערמין פון אַלע שולדען וואָס מען האָט געמאַכט אין לעבען. אין דער מינוט דערפיהלט דער מענש זיין חוב, זיין אחריות. דאָס פאַרגאַנגענע קערט זיך אום און טרעט אריין אין דער צוקונפט. דאָס באַוואוסטע ווערט אַזאַ אַפּגרונט ווי דאָס אומבאַוואוסטע ביידע אַפּגרונטען באַגעגענען זיך מיט זייער אָפּשפּיגלונגען.

די אַנטלאָפענע האָבען פאַרלוירען יעדע האָפנונג צו רעטען דאָס לעבען, האָבען זיי געפּרובירט דאָס גליק אויף יענער זייט לעבען.

— דו, דו, קיינער חוץ דיר. זאָג וואָס דאַרף מען טאָן און מיר פּאָלגען.

דער דאָקטאָר האָט געענטפערט.

— מיר דאַרפען אריבער אַן אַפּגרונט. פון דער וועלט איז אַנאַנ־דערער. איך ווייס מעהר פאַר אייך שטעה איך אין א גרעסערער סכנה. רעכט האָט איהר געטאָן וואָס איהר האָט מיר געלאָזט אויסוועהלען די בריק אויף אריבער צו געהן, ווייל מיין משא איז די שווערסטע.

— רייד, הײם, באַפעהל.

— פיעל צייט איז אונז נאָך געבליבען?

— א פערטעל שעה.

— רעכט.

דער דאָקטאָר איז געשטאַנען אַנגעלעהנט אויפ'ן נידעריגען דעק־בעל פון קאַיוטע. ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע דעם פּאַרטפעל מיט די שרייב־געצייג, אויסגעשפּרייט די צוואה וואָס ער האָט פריהער אין קאַיוטע געשריבען.

דער ווינט האָט אַלע פאַקלען אויסגעלאָשען נאָר איינער איז גע־בליבען, א מאַטראָז האָט צוגעלויכטען און דער דאָקטאָר האָט אויסגע־רופען.

— האָרכט.

אַלע זענען אַרום איהם געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. ער

האט געלייענט אויף ענגליש איבערזעצט אויף פראנצויזיש, שפאניש, באסקיטיש און איטאליעניש.

די צוהערער האבן שטיל געוויינט מיט אנגעהאלטענעם שלוכ־צן, און זיך אין הארצן געשלאגן. דאס שיף איז אלץ נידעריגער געזונקען.

אפגעלייענט האט דער דאקטאר זיך צוערשט אויפ׳ן פארמעט אונטערגעשריבן און אלע נאך איהם. די אירלענדערין קען ניט שריי־בען האט זי צוגעשטעלט א צלם און דער דאקטאר האט פאר איהר אונטערגעשריבן.

דערנאך ווענדעט ער זיך צום קאכער.

— גיב אהער דיין הורבעם פלאש.

יענער האט אויסגעטרונקען דעם לעצטען טראפען בראנפען און דעם דאקטאר די פלאש אפגעגעבען.

דאס וואסער האט דערגרייכט דעם ראנד אויף די ברעגען פון דעם האלב־קיילעכדיגען אויבער־דעק.

דער דאקטאר האט אפגעטריקענט די אונטערשריפטען ביים פייער פון פאקעל, צונויפגעלייגט דעם פארמעט און אריינגעלייגט אין פלאש.

— א קארעק.

מען האט איהם דערלאנגט אן אפגעשניטען שטיקעל גראבען שטריק.

— פעך.

מען האט איהם דערלאנגט דעם נאר וואס אויסגעלאשענעם גראַנאט מיט נאך צושמאלצענעם פעך.

דער דאקטאר האט אריינגעטונקט דעם העלזעל פון פלאש דער־נאך ארויסגענומען, באקוקט:

— פארטיג.

און קולות מיט אויסרופען האבן איהם אפגעענטפערט אויף פאר־שידענע שפראכען.

— בלייבט אזוי.

— מיין שולד.

— אין א גוטער שעה.

— אמן.

דער דאָקטאָר האָט אומגעקערט דעם רוקן צו זיינע חברים, גע־מאַכט עטליכע טריט צום ראַנד פון שיף, און אויסגערופן מיט א ציטערדיגן קול:

— ביזט דו ביי מיר?

עס האָט אויסגעוויזן אז ער רעדט מיט עמעצן אן אונזיכבאַרן געשפּענסט.

הינטער איהם זענען אַלע געשטאַנען פאַרזונקען אין שטילשוויי־גען, זיי האָבן געקניעט, דאָס איז געטאָן געוואָרן ניט ווילענדיג. עס האָט זיי דערצו געצויגן מיט א געוואַלדיגער קראַפט, זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני ווי א זעגעל לאָזט זיך אַראָפּ פון זיך זעלבסט ווען קיין ווינט איז ניטאָ.

די דאָזיגע פינסטער־גרופּע האָט געקניעט, די קעפּ אַראָפּגעלאָזן. די הענט — געצלמט אויפ׳ן ברוסט און אַלע דורכגעדרונגען מיט פאַר־צווייפעלטען בטחון אויף גאָט.

דער דאָקטאָר איז צו זיי צוגעקומען, וואָס דער אַלטער איז שוין געווען אין זיין פאַרגאַנגענהייט. איצט איז דער שרעקליכער מינוט איז ער געווען דערהויבען, גרויס, אויפגערעגט, פאַרטאָן אָבער ניט אויר־רודערט. ער האָט זיך ניט פאַרלאָרען ביי דער קאַטאַסטראָפע, ער האָט פאַרשטאַנען גאָט׳ס גערעכטען משפט און עס פאַר ליעב גענומען. דער אַלטער פאַרטראַכטער באַנדיט האָט אַליין ניט געוואוסט אז ער האַלט זיך ווי א צדיק.

ער האָט געזאָגט:

— ניט אכט.

א רגע זיך אומגעקוקט און ווייטער געזאָגט.

— איצט לאָמיר שטאַרבען.

גענומען דעם פּאַקעל און עטליכע מאָל איהם אויסגעפּאַכעט איז דער לופטען. א פלאַם האָט זיך אָפּגעריסען און פאַרפלויגען אין נאַכט אריין, דער דאָקטאָר האָט דעם פּאַקעל אין ים אריינגעוואָרפען.

אויסגעלאָשען די לעצטע שיין, מעהר ניט געבליבען ווי דער אונענדליך אונבאַקאַנטער פינסטער. דוכט זיך זייער קבר ווערט פאַר־שאָטען.

— תפלה.

און אין דער פינסטער דערהערט זיך דעם דאקטארס קול.

אלע האבען געקניעט: שוין ניט אין שניי נאר אין וואסער, בליבען נאך א פאר מינוט צייט.

דער דאקטאר אליין איז געבליבען שטעהן, ער האט זיך איבער־גע׳צלמ׳ט, און די שטים אויפגעהויבען. אונטער זיינע פיס האט מען געזעהן יענע קיים באמערקבארע ציטערניש. וואס זאגט אז אטא געהט די שיף צו גרונט.

ער האט אנגעהויבען פארזאגען אויף לאטיין די לעצטע תפלה.

— פאטער נאסטער, קווי עס אין קעלים.

און אלע ארום האבען איהם נאכגעזאגט ווארט ביי ווארט. יעדער אויף זיין שפראך.

— פאטער אונזערער, דער דא אין הימעל...

— סאנקטיפיצעטור נאמען טואום.

— געהיילט זאל זיין דיין נאמען.

— אדוועניאט רעגום מואום.

— דיין קיניגרייך זאל קומען.

— פיאט וואלונטאס טוא...

— זאל געשעהן דיין...

— סיקול אין קעלא עט אין לערא...

קיינער האט זיך מעהר ניט אפגערופען.

ער האט די אויגען אראפגעלאזען. אלע קעפ זענען געווען אונ־טערן וואסער. זיי האבען זיך אזוי געלאזט דערטרינקען קניענדיג.

דער דאקטאר האט גענומען די קורבעס־פלאש אין דער רעכטער האנט און דאס אויפגעהויבען איבער׳ן קאפ.

זינקענדיג מיט דער שיף האט ער שטיל געמורמעלט די לעצטע תפלה.

מען האט נאך געקענט זעהן זיין ביזעפ איבערן וואסער, א פאר־מענט שפעטער זיין קאפ. און דאן זיין האנט אויפגעשטרעקט האל־טענדיג די פלאש. ווי ער וואלט זי געוויזען דער אונענדליכקייט.

די האנט איז אויך פארשוואונדען.

דער שניי האט נאך אלץ געשאטען.

עפעס האט זיך באוויזען און איז באלד פארשוואונדען. און דאן זיך נאך אמאל באוויזען. דאס איז געווען די פארפעכטע פלאש, וואס האט זיך געהאלטען פון אויבען אויף איהר לייכטען געפלעכט פון דינע רימלעך.

---

## ערשטער קאפיטעל.

### I.

ווער זענען געווען די דערטרונקענע דארט אויפ'ן שיף? גנבים? גזלנים? ניין! זיי זענען געווען קאמפראטשיקאס.

ווער קען דאס איצט אט דעם ווארט? ווער ווייס וואס דאס באטייט?

די קאמפראטשיקאס זענען געווען מיטגלידער פון א משונה־פיאוסער וואנדער באנדע וואס האט עקזיסטירט אין 17טען יאהרהונ־דערט. אין אכצעהנטען יאהרהונדערט זענען זיי שוין געווען פארגעסען און היינט צו טאג זענען זיי אין גאנצען אונבאקאנט. די קאמפראט־שיקאס זענען א מין „ירושה־שטויב“ א כאראקטעריסטישער סאציא־לער פראט פון פארצייטיגע דורות. פאר'ן גרויסען היסטארישען בליק זענען די קאמראטשיקאס פארבונדען מיט א לאנגער געשיכטע פון שקלאפעריי. די מעשה מיט יוסף'ן וואס זיינע ברידער האבען איהם פארקויפט איז איין קאפיטעל אין דער דאזיגער לעגענדע. די קאמפ־ראטשיקאס האבען געלאזען שפורען אין די שטראף קאדעקסען פון ענגלאנד און שפאניען. דא און דארט געפינט מען, אין דעם מיש־מאש פון די ענגלישע געזעצען, שפורען פון זייערע מעשים. ווי מען געפינט דעם אפדרוק פון א ווילדען מענשענס טריט אין וואלד.

די קאמפראטשיקאס פלעגען האנדלען מיט קינדער. זיי פלעגען זיי קויפען און פארקויפען.

אבער ניט גע׳גנב׳עט, גנב׳ענען קינדער איז שוין אן אנדער פאך געווען.

פארצייטענס זענען אלע פרנסות געווען שטרענג צוטיילט אויף פארשידענע „צעכען“.

און וואס האבען זיי געמאכט פון די קינדער?

פארזעהענישען, הויקערס.

צו וואס?

פון עהרליכקייט וועגען.

דער המון האט גויטיג א פרעהליך שפיעל די קעניגין — אויך. די גאס דארף האבען א פאיאץ, די קעניגליכע הויפען א ליץ. דער הייסט קלאון מארשאליק, יענער הויף־נאר.

די אנשטרענגונג וואס א מענש מאכט דורך, אום צו פארשאפען זיך פארגעניגען זענען אמאל ווערט די אויפמערקזאמקייט פון א פי־לאזאף.

וואס האבען מיר דא פארצייכענט אין די עטליכע שורות? דעם ערשטען קאפיטעל פון דעם שרעקליכען בוך וואס מעג הייסען: „גליק־ליכע עקספלואטירען די אומגליקליכע.“

II.

א קינד, באשטימט צו זיין א שפילכעל פאר דערוואקסענע — דאס האט אמאל עקזיסטירט. (דאס עקזיסטירט נאך היינט אויך) איז די נאאיווע און גרויזאמע צייטען איז דאס א גאנצע פראפעסיע גע־ווען. דער 17טער יאהרהונדערט, דער אזוי גערופענער „גרויסער דור“ איז אזא צייט געווען, א דור פון אונוויסענדיגער פארדארבענהייט, און דעליקאטער גרויזאמקייט. א מערקווירדיגע פארשידענארטיגקייט פון ציוויליזאציע. א טיגער קייט זיין קרבן בנעימות, ווי א סעודת מצוה. פארנעמע דאמען גלאצען אויס זייערע אויגען קוקענדיג ווי מען ברענט א מענשען אויפ׳ן שייטער־הויפען און ווי מען פייניגט זיי אויפ׳ן „ראד“ איז דעם דאזיגען דור האט מען קינדער שטארק עקס־פלואטירט. די היסטאריקער האבען דעם דור געחנפעט און זיינע וואונ־דען פארדעקט, דערפאר אבער האבען זיי שטארק געריכמט די דאקטוי־רים און די רפואות.

ווייל מען אז פון א מענשען זאל ארויסקומען א גראַטעסקעס שפּיל־צייג, מוז מען זיך צו איהם נעמען באצייטענס, א קארליק דארף מען גלייך פון אָנפאנג לאָזען וואקסען ווי א קארליק. און דערפאר האט מען „בעארבעט“ קינדער פון קליינערהייט אָן. א גלייך קינד איז ניט אינ־טערעסאנט, א הויקער איז פרעהליכער.

דער האָט געמאכט דערפון א גאנצע קונסט. געווען ספּעציעלע ערציהרע, מען האט גענומען א קינד און געמאכט פון איהם א קאַ־ליקע. גענומען א געזיכט און געמאכט דערפון א פּרצוף־פּנים, מען האט איינגעהאלטען דעם וואוקס פארקרימט דעם פּנים, מען האט קינסטליך פאבריצירט משנהדיגע באשעפענישען לויט באשטימטע כללים. דאס איז געווען א ספּעציעלע וויסענשאפט א מין כירורגע־קאַפּויר. דאס וואָס גאָט האט געמאכט גלייך און פאכמאניש, פּאַלקאָם און פיין האט מען דאס איבערגעמאכט פאר קרום און פארהויקערט. און מבינים האָבען דעריין געפונען א באזונדערען חן. דער מענש באַמיעט זיך שטענדיג צו ענדערען גאָטס באשעפעניש, אמאָל צו בעסער, אמאָל — צו ערגער. א הויף נאר איז ניט מעהר ווי א פּרוב צו פארוואנדלען מענשען אין א מאַלפּע, א טריט צוריק, א מייסטער ווערק קאַפּויר. אין דערזעלביגער צייט האָט מען זיך באמיעט מאַלפּעס אויסצומענשלען, גרעפינס, הערצאגינס, באראָנעסעס האָבען שטאָלצירט מיט זייערע באדינער — מאַלפּעס, אנגעטאָן ווי לאקייען אין זיידענע גאָלד גע־שטריקטע ליווריען. און די וואָג־שאָל האָט זיך אויסגעגליכען, מאַלפּעס דערהויבען צו א העכערער מדרגה, מענשען — דערנידעריגט, צו בעס־טיעס געמאַכט. גרויסע לייט האָבען געשטעלט מענשען און חיה געגען איינאנדער, אונטערגעשטריכען די שייכעס זייערע אויף א לעבעדיג ביישפּיל, מען האָט זיי שטענדיג געהאלטען צוזאמען, ווי צוויי הינט אויף איין קייט. דער אמת׳ער הונט געוויקסיגער ווי זיין חבר.

געשטעלט א מענשען אויף א נידעריגער מדרגה — דארף מען איהם איבערגיסען אין אן אנדער פורעם, פארענדערען זיין געשטאלט. עס זאָל פּאסען צו דער נידעריגער מדרגה זיינער. די כירורגען פון יע־נער צייט זענען געווען גרויסע קינסטלער אין דעם פּרט, ממש וואונ־דער געוויזען. ווי מען נעמט אראָפּ דעם צלם אלקים פון א מענשליך געזיכט, איינער א גרויסער רעגירונגס בעאמטער דאקטאר סעקוועס־טער, אן אויפזעהער איבער די אַפּטייקען פון לאָנדאָן האָט אָנגעשרי־

בען א בוך אין לאטיין וואו ער באשרייבט גענוי ווי אזוי אזעלכע אפע־ראציעס דארפען געמאכט ווערען. א סברא אז דער ערפינדער פון אזעל־כע אפעראציעס איז געווען א הייליגער מאנאך מיט'ן נאמען אוועז מאר. דער טייטש דערפון אויף אירלענדיש „דער גרויסער טייך."

אזוי ארום האט מען פאבריצירט אומגליקליכע באשעפענישען און מיט אומגעלומפערטער אפענהערציגקייט פאר זיי פעסט געשטעלט א געזעץ: ערלויבט זיי צו לײדען און באפוילען — משמח צו זיין.

III.

מען פלעגט פאבריצירען קאליקעס אויף אלערליי אופנים צו פאר־שידענע צוועקען.

דער סולטאן האט זיי געברויכט — דער פאבסט — אויך. דער צו היטען זיינע פרויען, יענער צו — גאטעס דינסט. דאס זענען גע־ווען א באזונדער ארט קאליקעס וואס קענען פון זיך קיין אנדערע נים שאפען. די דאזיגע האלב מענשען האבען געדינט אי דעם יצר הרע, אי דער אמונה. דער הארעם האט געברויכט דעם איינענעם סארט קאליקעס וואס די סיקסטינער קאפעלע. דא פאר פינסטערע שומרים, דארט פאר בנעימות'דיגע משוררים מיט קוויטשענדיגע קולכלאך.

פארצייטענס האט מען געקענט אזעלכע קונסט שטיק וואס מען פארשטעהט זיי גאר היינט נים ווי צו מאכען, נים אומזיסט באקלאגען זיך די פיינע בריות, אז דער מענשליכער גייסט איז היינט נידעריגער געפאלען. אמאל האט מען פארשטאנען ווי אויסצושניצען פיינע סקולפטור ארבייט פון דעם איידעלסטען מאטעריאל — דעם מענש־ליכען קערפער, די קינסטלער האבען געהאט רייכע פראקטיק — אין אינקוויזיציעס און עשאפאטען. איצט האט מען די דאזיגע קונסט וואכעדיג געמאכט, אזוי פאראיינפאכט אז עס וועט גאר אין קורצען אונטערגעהן. נעמען א מענשען און מיט איין קלאפ איהם דעם קאפ ארא פהאקען איז דאך גאר קיין קונץ נים, כמעט ווי א בהמה, אמאל איז נעווען אנדערש מען האט געשניטען גלידערווייז, לעבעדיגערהייט דעם בויך צושניטען, נאכגעקוקט, שטודירט און ענטדעקונגען געמאכט. דער תליון האט געדינט דער וויסענשאפט, דער עשאפאט איז געווען דער בעסטער קליניק פאר כירורגען.

חאט מען געמאכט אלערליי ערפינדונגען, פאבריצירט סאליקעס פאר נאסען יונגען, הויף נארען פאר קעניגליכע פאלאצען, סריסים פאר סולטאנען און פאבסטען. די גרעסטע קונץ שטיק פון די סארט אפעראציעס איז געווען אויסצואורבייטען א „האהן" פאר'ן ענגלישען קעניג אזא מנהג איז געווען אין ענגלאנד: האלטען אין קעניגליכען הויף א באזונדער מענשען צו קרעהען ווי א האהן, אזא מין וועכטער. ביינאכט ווען אלע שלאפען האט ער געדארפט אומגעהן איבערן פאלאץ און אלע שעה אויסקרויען אזוי פיעל מאל קוקירעקו וויפיעל דער זייגער דארף שלאגען.

אט דער מענשען האהן האט געדארפט קינדווייז איבערטראגען א שווערע אפעראציע אין גומען. דערפון האט איהם שטענדיג פון מויל געגאוועט, איינע א הויף דאמע פון קארל דעם צווייטענס צייטען האט זיך געעקעלט דערפון האט מען דאס געמוזט אפשאפען, אבער נים אין גאנצען, כדי נים צו פארדונקלען דעם גלאנץ פון דער קעניגליכער קרוין, איז מען איינגעגאנגען אויף א פשרא: קריגען א נאראמלען מענשען וואס זאל קרעהען. אמת נים אזוי פוינעלדיג אבער דאך צו דערליידען, פאר אזא בכבודיגען אמט פלעגט מען געוועהנליך באשטימען א געוועזענעם אפיצער, אין יאהאן דעם 2טענס צייטען האט דער קרעהער געהייסען וויליאם טאמפסאן האהן און געהאלט האט ער געקראגען נייז פונט, צוויי שילינג זעקס פענס יעהרליך.

מיט הונדערט יאהר צוריק איז אזא מנהג געווען אין קייזערליכען הויף אין פעטערבורג. האט זיך א פרינץ פארזינדיגט האט מען איהם פאר'משפט אין א קאמער אויף עטליכע טעג. דארט האט ער געדארפט מיאבען ווי א קאץ אדער קוואקען ווי א הוהן, און פיקען דאס עסען פון דער ערד, אזוי דערצעהלט קייזערין יעקאטערינא די צווייטע אין איהרע זכרונות.

די מנהגים האבען זיך איצטער געביטען אבער נים אזוי פיעל ווי מען מיינט. ווילען די הויפלייט געפינען חן שעמען זיי זיך איצט אויך נים צו מואקען און קוואקען, נאר דער נגון איז אביסעל אנדערש. נים איינער פון זיי דערנערט זיך פון ברעקלעך וואס ער קלייבט פון דער ערד, אויב נים פון בלאטע איז פון אויסגעפלאסטערטע דילען.

א גליק וואס קעניגע קאנען קיין טעות נים האבען, וואס זיי טוען איז רעכט, יעדער אויף זיין אופן אזוי למשל האט לודוויג דער פער-

צעהנטער ניט ליעב געהאט צו זעהן אין ווערסיילער פאלאץ קיין אפי־
צער, וואס קרעהעט ווי א האהן, ניט קיין פרינץ וואס האלדערט ווי
איין אינדיק. דאס וואס באשיינט און באקרוינט דעם כבוד פון די
קייזערליכע הויפען אין לאנדאן און פעטערבורג, איז פארעכענט גע־
ווען פאר ניט שעהן אין פראנצויזישען הויף. מען ווייס די מעשה ווי
ער איז ברויגעז געווארען אויף מאדאם הענריעט, דערפאר וואס זי
האט אמאל איז חלום געזעהען א... הוהן, באמתן. דאס איז דערצעהלט
געווארען פון א מענשען וואס געהערט צום הויף. הויכגעשטעלטע
פערזאנען טארען אפילו ניט חלום'ען פון אזעלכע נידעריגע ענינים,
ווי היהנער.

IV.

די קאמפראמשיקאס זענען געווען ניט נאר הענדלער פון קינדער
נאר אויך פאבריקאנטען. זיי האבען געקויפט רויהע סחורה — גע־
וועהנליכע קינדער, זיי „בעארבייט" און איבערפארקויפט — שוין קא־
ליקעס.

פארקויפערס זענען געווען גענוג. ארימע עלטערען האבען זייערע
אייגענע קינדער גע'פטרט, אייגענטימער פון שקלאפען האבען יעהרליך
פארקויפט א טייל צואוואקס פון זייער טשערעדעס מענשען, ווי מען
פארקויפט קעלבלעך פון א סטאדע רינדער. פארקויפען קינדער איז
געווען א געוועהנליכע וואכעדיגע זאך, אפילו איז אונזערע טעג איז
ניט לאנג צוריק געווען א מלחמה אום אנצוהאלטען די דאזיגע רעכט.
(דער בירגער קריג אין אמעריקא) גענוג צו דערמאנען אז מיט בלויז
הונדערט יאהר צוריק פלעגט דער קורפירסט פון העסען פארקויפען
זיינע אונטערטאנען צום ענגלישען קעניג און יענער פלעגט זיי שיקען
קיין אמעריקע. צום העסענער קורפירסט פלעגט מען געהן ווי צו א
קצב נאך קאנאנען פלייש. דער דאזיגער פרינץ האט אויסגעשטעלט
זיינע אונטערטאנען, ווי „שטיקלעך" אין א יאטקע. „קומט קויפט ווי־
פיעל אייער הארץ גלוסט".

אין ענגלאנד האט מען פאר יאהאן דעם צווייטען, געהעלפט און
געפערטעלט מאסען הויכגעשטעלטע פערזאנען. זיי האבען איבערגעלא־
זען פרויען און טעכטער, אלמנות און יתומים. דער קעניג האט זיי

אַלע אוועקגעשענקט זיין פרוי, דער קעניגין, יענע האָט זיי פאַרקויפט. יונגע ליידים. זייער טייער אַלטע הערצאָגינען — כמעט ווי אומזיסט. דורכשניטליך האָט דער קויפער אויך אַ גוט געשעפט געמאַכט.

אַ צייט מיט יאָהרען האָבען זיך די קאָמפּאַרטשיקעס כמעט ווי ניט פאַרבאָרגען. פאַראַן אַזעלכע פינסטערע צייטען ווען די רעגירונג שטיצט אַזעלכע יונגע לייט, און די סטוּאַרדס צייטען האָבען זיי געהאַט אַ שטאַרקען צד אין הויף, די רעגירונג האָט זיי נייטיג געדאַרפט האָבען, יאָהאַן דער צווייטער האָט זיי באַנוצט ווי אַ נייטיג געצייג אין זיין רעגירונג מאַשין. די דאָזיגע מאַשין האָט געהאַקט קעפּ, דערווייטערט און באַזייטיגט די אונגעוויינשטע און ווידערשפּעניגע, אונרוהיגע און פאַרדעכטיגטע. אַמאָל האָט מען געדאַרפט אַ וועלכען יורש פּטרן, האַרגעגנען איז ניט שטענדיג געווען באַקוועם, בעסער פאַרקויפען. די קאָמפּאַרטשיקאָס האָבען דאָס אַזוי קונציג געמאַכט אַז אַ אייגענער פאָטער וואָלט זיין קינד ניט דערקענט.

זיי פלעגען ביים קינד ניט נאָר דעם צלם אלקים אַראָבנעמען, נאָר דעם זכרון אויך אָבטאָן.

עס האָט נאָר געדיינקט, ווי דורכ'ן שלאָף אַז אימיצער האָט איהם געכאַפּט, דערנאָך — אַ לאַנגער שלאָף. מען האָט איהם לאַנג געהיילט און אויסגעהיילט, ניט צו דערקענען צו דער מוֹם איז פון געבאָרען אָדער פון אַ קרענק. פאַר דער אָפּעראַציע האָט מען איהם אַ שלאָףטראַנק איינגעגעבען. דעם סוד האָט מען שוין אין כינא לאַנג געוואוסט.

די כינעזער ווייזען נאָך היינט אַפילו אַזעלכע קונצען מיט קינסטליך־פאַרענדערטע מענשען. ווי אויסגעגאָסען פון אַ פורעם. זיי נעמען אַ קינד פון צוויי דריי יאָהר און טוען דאָס אריין אין אַ פאַרצילייענע וואַזע אָן אַ דעק, אויבען שטעקט ארויס די קעפּעל אונטען די פיסלעך. בייטאָג שטעהט עס, ביינאַכט לייגט מען עס אַוועק, אַזוי וואַקסט דאָס קינד אין וואַזע — ניט אין דער לייננ נאָר אין דער ברייט, לייב און ביינער ווערען אויסגעקרימט און דער גאַנצער קערפּער נעהמט אָן דעם פאָרעם פון פאַרצעלייענער וואַזע.

דאָס געדויערט עטליכע יאָהר, דערנאָך צוברעכט מען די וואַזע קומט ארויס אַ בולטע קאָפּיע פון דער כלי — אַ פאַרטיגער קאַליקע.

אזוי ארום קאן מען זיך באשטעלען א קארליק פון וועלכען מארם דאס הארץ גלוסט.

יאהאן דער צווייטער האט געדולדעט די קאמפראמשיקאס, ווייל ער האט זיך אין זיי געגוימיגט. נידעריגע פראפעסיעס קומען שטארק צוניץ יענער הויכער פראפעסיע, וואס הייסט פאליטיק, מען מאכט זיך נים זעהענדיג, די קאמפארטשקאס פלעגען זיך שטענדיג ארומשלעפען. דעם וואס מען דולדעט נאר, קאן אויף איין ארט קיין ווארצעל נים לאזען, אפילו דארט וואו דער קעניגליכער הויף האט מיט זיי געשעפטען געהאט זענען זיי אויך נים זיכער געווען. אויסגענוצט זייער קונסט האט מען זיך נים געשעהמט צו פארשיקען די קינסטלער אויף קאטארגע. א „הויף" דארף נים אפגעבען קיין חשבון, אויף א „הויף פרעגט מען קיין קשיות נים. „אזוי וויל איך און פארטיג."

א שטיין וואס קייקעלט זיך ווי א מענש וואס וואלגערט ארום קאנען נים וואקסען. די קאמפראטשיקעס זענען געווען ארים — זיי האבען זיך קוים געהאלטען אין יאהאנ'ס צייטען מיט זייער.. פרומ־קיים, זיי זענען אלע געווען שטריינג גאטס פארכטיגע קאטויליקען, ווי עס פאסט פאר אזא פרנסה וואס פאבריצירט משוררים פאר'ן פאבסט.

יאהאן דער צווייטער איז אויך געווען א שטריינגער קאטאליק. ווי די גאנצע סטואַרט דינאסטיע, אין יאהר 1668 איז ער געשטארבען אין גלות אויף זיין קבר זענען מופתים געשעהן. א באשיינפערליכער באווייז אז ער איז געווען „פרום און גוט."

אין אזא „מלך של חסד" האבען די ענגלענדער פארטריבען אראפ־געווארפען די גאטספארכטיגע סטואַרדישע דינאסטיע און געקרוינט דעם אפיקורעס וויליאם דעם 3טען.

א נייער מלך, נייע גזרות. האט מען גענומען פארפאלגען די קאמפארטשיקאס. זיי האבען געמוזט צולויפען ווי די מייז. די ענגלישע געזעצע זענען איבערהויפט שטרענג צו פארדעכטיגע מענשען. און פארטעכטיג איז יעדער שלעפער, אזוי ווי וועלף אין וואלד האבען אויך קיין שטענדיגען מקום מנוחה — האט דאס ענגלישע געזעץ באפוילען קורץ און שארף: ארויסטרייבען אלע וועלף פון לאנד. דאך האט מען געשווינט אזעלכע שלעפער וואס קאנען באווייזען אז זיי האבען א באַשטימטע באשעפטיגונג, מעג זיין א וואלף צו א מענש, ווי מיר וועלען זעהן אין קומענדען קאפיטעל.

# 24טער קאַפּיטעל.

צוויי חברים זענען זיי געווען. איינער א — מענש, און דער צווייטער א — וואָלף. דער מענש האָט געהייסען אורסוס, דער וואָלף האָמאָ. אזוי איז דעם מענשען געפעלען, פארבייטען זייערע נעמען. ער האָט אויסגעפונען אז די פארקערטע צונעמענישען פּאַסען פאַרביידען בעסער. (אין לאַטיין איז אורסוס א בער און האָמאָ א מענש.)

זיי זענען געווען א באַשערט פּאָר מען האָט זיי געזעהן אויף אלע עפענטליכע פלעצער, וואו נאר א יריד וואו א שייד-וועג, וואו עס קלייבען זיך נאר צונויף א סך מענשען. מען איז געלאָפען אויף בייז־וואונדער, מען האָט אַנגעקוקט די חידושים, ווי דער וואָלף דינט טריי דעם בעל־הבית זיינעם, געהאַרכזאַם און גראַציעז. מענשען האָבען איר־בערהויפּט א פארגעניגען צו זעהן יענעמס הכנעה. דאס גרעסטע פאַר־געניגען אונזערס איז צו זעהן א בילד פון אלערליי אונטערטעניגקייט. דינערשאַפט, שקלאַפעריי, דעריבער לויפט מען מיט אזא מין חשק נאך יעדער הויף פּראָפּעסיע.

אורסוס האָט געוואוינט אין א בריקע — א בויד אויף רעדער. האָמאָ האָט דאס ארומגעפיהרט בייטאָג און געהיט ביינאַכט. פלעגט אויסקומען צו שלעפּען בארג ארויף אדער אזוי אין א שלעכטען וועג פלעגט אורסוס זיך אויך איינשפּאַנען און געהאָלפען שלעפּען.

אזוי האָבען זיי כסדר געוואַנדערט· אַנגעקומען אויף א יריד אדער אזוי א דאָרפישער קירכען יום־טוב, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויס־געשפּאַנט און גענומען זיך צו דער ארבייט, אורסוס הויבט אן צו ברייען טרייבען קאַטאָוועסלעך, און ווייזען פארשידענע קונצען און האָמאָ העלפט איהם אונטער. דער שעהנסטער נומער פלעגט זיין צו־לעצט: האָמאָ טראָגט צווישען די ציין א הילצערנע שיסעלע און געהט ארום צווישען עולם קלייבען געלט, ווער עס איז גוט אויפגעלייגט וואַרפט אריין א גראָשען.

דער וואָלף האָט זיך קיינמאָל ניט געביסען. דער מענש גאַנץ אָפט, מיט שטעכווערטלעך. בטבע איז ער געווען א מיזאַנטראָפּ, א

מרה'שחורה'דיגער מענשען־פיינד, דעריבער האט ער זיך אויסגעקליבען אזא פרעהליכע פרנסה פון א בדחן. דערצו איז ער נאך געווען א רופא א טרעפטער, א פותר חלומ'ניק. „איך — פלעגט ער זאגען — האנדעל מיט אבערגלויבען. דער גאנצער חלוק צווישען מיר מיט ארצביסקופ פון קאנטאבערי איז, וואס איך בין.... אפענהערציג.“

מען האט דאס דעם ארצביסקופ דערצעהלט איז יענער געווארען אנגעצונדען, און געלאזען רופען דעם עזות־פנים. אורסוס האט איהם אבער פארעדט די ציין. ער האט אויפ'ן ארט אפגעזאגט, עקספראמט די דרשה וועלכע איז דעם ארבביסקופ אזוי געפעלען געווארען, אז ער האט איהר זיך אויסגעלערנט אויף אויסווענינג און איהר אליין גע'דרשענט פון דער בימה און שפעטער איהר אבגעדרוקט אויף זיין אייגענעם נאמען. דערפאר האט ער אורסוסען דעם חטא מוחל געווען.

אורסוס איז ווירקליך געווען א גרויסער קענער, גערעדט לאטיין „ווי וואסער“. אליין פארפאסט מעשות מיט קאמעדיעס, אליין זיי דעקלאמירט און געשפיעלט. איין מאל האט ער געהאט דעם כבוד ארייננעמען צו ווערען איין.. דול הויז, מען האט זיך באלד ארומגעקוקט אז ער איז ניט קיין משוגענער נאר א פאעט. נאך אלעמען איז עפעס די גאנצע מעשה א ליגען ניט אויף איין דיכטער האט מען שוין אזעלכעם אויסגעטראכט.

אורסוס איז געווען א גרויסער בריה אויף זעלבסט־געשפרעכען מאנאלאגען. בטבע א שווייגער א מרוק און אין דער זעלבער צייט א פלוידער־זאק. ער האט קיינעם ניט געוואלט אנקוקען און דערביי געפיהלט א באדערפעניש צום ריידען מיט אימיצען. פלעגט ער ריידען צו זיך אליין. ווען עס איז אויסגעקומען צו זיין א לאנגע צייט איינער אליין, ווייס דעם טעם דערפון, דאס ריידען ווירקט ווי א שטילער פאנטאן. עס צושלאגט די רעיונות. אורסוס פלעגט היבש פארברייינגען מיט זיך אליין. אליין זיך פרעגען קשיות אליין זיך ענטפערען. טיילמאל פלעגט ער זיין ביין אויף זיך, זידלען קריטיקירען, שטראפען. טיילמאל פלעגט ער זיין מיט זיך צופרידען, געלויבט זיך אין טאג אריין, אז אטעסטאט זיך ארויסגעגעבען אויף אלע שבע חכמות, אפשר איז עס געווען אביסעל איבערטריבען. טא זאל קומען דער געלעהרטער וואס איז דעם פארברעכען ניט באגאנגען און ווארפען דעם ערשטען שטיין. אורסוס וועט לאנג האבען צו ווארפען.

ער האָט באמת פיעל קענטעניש געהאט, ער האָט געהיילט קראַנקע און אויסגעהיילט, ווייל ער איז געווען א דאָקטאָר. אדער — ריכטיגער געזאָגט — טראָצדעם וואס ער איז געווען א דאָקטאָר, שטענדיג גע־וואָגעלט איבער פעלדער און וועלדער, האָט ער געקליבען גראָזען און קרייטיכער, אליין זיי געקאָכט און רפואות געמאכט. ער איז דערמיט באריהמט געוואָרען, מען האָט איהם געהאַלטען פאר א גרויסען מומחה שיער־שיער — פאר א כשוף מאַכער, צום גליק נאר פאר א שטיקעל צייט אַניט וואָלט ער מאוס אַפגעשניטען. אין יענע קאַטספּארכטיגע צייטען האָט מען געפיהרט א ביטערע מלחמה מיט'ן טייפעל און אַלע זיינע דיענער, זיין גליק, וואָס אין ענגלאַנד האָט מען ניט געהאט קיין קלאָרע סמנים, וועד עס פאַרנעמט זיך מיט דער שווארצער קונסט וועד ניט. אין האָלאַנד איז שוין געווען אנדערש, דאָרט האָט מען יעדען פאַרדעכטיגען מכשף באַלד שטעלען אויף פּראָבע, די פּראָבע איז געווען א פשוטע. קלוגע און פרומע לייט האָבען אליין באשטימט וויפיעל א מענש דאַרף וועגען און אויב ער האָט די וואָג ניט געהאַלטען איז ער א מכשף האָט מען געוועגען מעהר פלעגט מען הענגען — וויניציגער — פאַרברענען.

אין אוֹאַדערוואַלטער שטעהט נאָך היינט אויך אזא וואָג, נאר איצט וועגט מען אויף איהר קעז. אזוי איז געפאַלען די רעליגיאָן ביי דעם היינטיגען זינדיגען דור.

ווי די מעשה איז, אורסוס איז אין האָלאַנד ניט געווען; דערפאַר האָט ער גאַנץ ענגלאַנד דורכגעוואַנדערט אין דער לייגג און אין דער ברייט. איינמאָל האָט ער אין וואַלד געטראָפען א קליין וועלפעל, און באַלד באַשלאָסען מאכען פון איהם א „לייט". ער האָט איהם גענומען לעהרנען, דרעסירען, צאַמען, און איז געוואָרען מיט איהם שטאַרק חבר, ער האָט איהם איינגעשפּאַנט אין א בריקע אנשטאט אן אייזעל און — אויף זיין שטייגער זיך אליין ערקלערט דעם טעם; זיין אייזעל איז א פילאָזאָף אויף פיער פיס, הערט ער ווי א פילאָזאָף אויף צוויי פיס פלוידערט נארישקייטען — שאָקעלט ער מיט די אויערען, און איז שטאַרק אונצופרידען. און עס איז טאַקע א רחמנות, א שטומע צונג צו פיינינען.

אנדערש איז די חבר'שאַפט מיט א וואָלף, האמא האָט ביי אור־סוסען איבערגענומען זיינע מענשליכע מעלות. איינהאַלטען דעם צרוז,

מורמלען ווען עס ווילט זיך היילען, און שטעהן ווען מען דארף אויף די הינטער פיס, דערפאר האט אורסוס איבערגענומען אלע וואלפישע מעלות: זיך צוגעוועהנט צו לעבען אהן א דאך, אהן ברויט און פיהלען זיך בעסער א הונגעריגער אין וואלד איידער א קנעכט אין פאלאצען.

דאס איז געווען מיט 184 יאהר צוריק. אין יענע צייטען זענען מענשען געווען עהנליכער צו וועלף ווי איצט.

אמת — ניט פיעל עהנליכער.

די בריטשקע איז געווען צונויפגעשלאגען פון דינע ברעטער אויף א געשטעל פון פיער געזונטע רעדער, א גלעזערנע טיר און א גאניק וואס האט אורסוסען געדינט ווי א קאפעדרע אדער טריבונע און סצענע ווען ער האט געוויזען זיינע פארשטעלונגען, הינטער א בלינדע טיר, זי איז שטענדיג געווען פארשלאסען און פאריגעלט, זעלטען ווען אורסוס פלעגט זי עפענען. ער פלעגט אראפלאזען א איינג בריקעל אויף דריי טרעפעלעך און פארלאזען די וואוינונג וועלכע ער פלעגט אויף שפאס רופען לויט אן ענגלישען שפריך ווארט: מיין הויז — מיין פעסטונג.

אינווייניג איז די פעסטונג געווען אויף אזוי פיעל ברייט און לאנג, אז ער האט געקענט ליעגען אנגעלעגט אויף א קופערט, וואו ער האט געהאלטען זיין ארעמען גארדעראב זיינעם.

ער האט נאך אויך פארמאגט א לאמטערנע, עטליכע פאריקען און די סאמע נויטיגסטע כלים אין א ארמיער בעל־הבתישקייט, דאס איז געהאנגען אויף צוועקעס אנגעקלאפט אויף די ווענט, אויסערדעם האט ער נאך געהאט א בערען פעל, וואס ער פלעגט ארויף ווארפען אויף זיך בעת א געהויבענער פארשטעלונג, און דערביי זאגען גלייכווערטלעך. ער האט זיך נאך פארגונען צו האבען א פלייט מיט א פידעל און ניט שלעכט געשפיעלט אויף זיי. אין מיטען הייזעל איז געשטאנען א אייזערנער אויוועלע מיט א קוימען דורכ'ן סטעלע.

דאס אויוועלע האט געהאט צוויי אפטיילונגען, איינע — צו קאכען זיינע רפואות, די צווייטע — א קיך. קיין איבעריגע פאטראוועס האט ער ניט געקאכט. ער האט זיך ערנעהרט מיט קארטאפעל, דאמאלסט האט מען דאס נאך געהאלטען פאר אן אומריינעם מאכל, דערמיט געפיטערט חזירים. ביי אזוי פיעל טאלאנטען האט ער אמאל פארדינט אין אבעזט ברויט אויך, ער האט אבער פון דער אכילה קיין

גרוים וועזען ניט געמאַכט. אַלט און גרוי, הויך און מאָגער איז ער שטענדיג ארומגענאַנגען איינגעבויגענ און פאַרטראַכט.

איהם איז שווער געווען צו לאַכען, אונמעגליך צו וויינען, ביידע טרייסטען האָבען איהם געפעהלט. ניט פרעהען זיך, ניט אויסגיסען דעם אומעט אין טרערען, פלעגט ער די האַרץ אויסגיסען אין פלאַפּ־לעריי. אַן אַלטער מאַן איז אַ חורבה, וואָס טראַכט, אורסוס איז געווען אַזא חורבה, פלאַפּלענדיג ווי אַ שאַרלעטאַן, מאָגער ווי אַ נבי און קאָ־פּאַבעל זיך אנצוצינדען ווי אַן אנגעצונדענע פּולווער מינע, אַזא איז אורסוס געווען.

אורסוס האָט געלעבט מיט אורסוסען, מיט זיך, פאַר זיך. נאָר איין וואָלף האָט געהאַט אַ צוטריט צו איהם. ער האָט אמאָל פאַנטאַ־זירט צו ווערען אַ ווילדער אינדיאנער, אַזוי ווי דאָס איז אונמעגליך געווען, איז ער געוואָרען אַ התבודדות׳ניק, דאָס איז איינגענטליך אַ ווילדער מענש אין אַ פאַרקלענערטען גראַד. אַ ציוויליזירטער פּרא. וואַנדערלעבען ברייגנט אויך צו התבודדות׳ פרעמד, עלענד, איינזאַם — התבודדות, דערזעהן אַ שטאָדט האָט ער זיך נאָך שטאַרקער פאַר־ביינקט נאָכ׳ן וואַלד, נאָך צווייגען און דערנער, נאָך היילען און פעלזען. אין וואַלד איז ער געווען, ווי ביי זיך אין דער היים. אין אַ געוויסען זין האָט ער זיך געפיהלט היימליך צווישען דער מאַסע אויף אַ יריד, דאָס גערודער פון טויזענדער מענשען האָט איהם דערמאַנט אַן דעם גערויש אין וואַלד, אַ גרויסער המון איז אויך אמאָל ווי אַ וויסטער מדבר. דאָס הייזעל זיינס איז איהם מעהר פון אַלץ ניט גע־פעלען, דערמיט וואָס עס האָט פענסטער און טירען. זיי אידעאַל איז געווען, נעמען אַ הייל אוועקשטעלען עס אויף פיער רעדלעך און אַזוי ארומוואַנדערען.

געשמייכעלט האָט ער קיינמאָל ניט, זעלטען — געלאַכט, און דאָס מיט אַ ביטער געלעכטער. צו שמייכלען הייסט מסכים זיין, לאַ־כען הייסט שטענדיי — אָפּגעזאָגט.

זיין הויפּט אויפגאַבע איז געווען — פיינט האָבען מענשען. די גאַנצע וועלט אין זיינע אויגען איז געווען איין קייט, געשמידט פון אַלערליי שלעק און צרות. איין נעץ, געפלאָכטען פון קאָנטשיקעס מיט בייטשען, און איין בייטש געוועלטיגט איבערן צווייטען. קעניגע — אויף פעלקער, מלחמות — אויף קעניגע. מגפות — אויף מלחמות.

הונגער — אויף מגפות, און נאַרישקייט אויף אַלץ מיט און אנדער. נאר איין טויט לייזט אוים פון שרעקליכעז גיהנום וואס הייסט „לע־בען“.

און אויף צו־להכעים האט ער מענשען געהיילט און אויסגעהיילט. „לעב, שוטה איינער, און ווער פארשווארצט“. באַגעגענט א הונגערי־גען האט ער איהם דעם לעצטען ביסען אוועקגעגעבען. „פרעס צו־זעצטערהייט, איך בין ניט מחויב דיר צו העלפען שטארבען“. און באַלד אויפ׳ן אָרט צוגעגעבען:

„איך בין זיך אַן זיי נוקם. זוך שלעכטס צו טאַן ווי ווייט איך קען נאַר.“

אט דער שטריינגער גזלן האט געשפּיעלט א גרויסע ראָלע אין דעם מזל פון פארלאזטען קינד.

---

## 25טער קאַפּיטעל.

דער שטורעם אויף דער ערד איז געווען אזוי שטאַרק ווי אויפ׳ן ים.

דער אייגענער ווילדער גרימצארן האט באוויזען זיין שליטה אויף דאס פארוואַגעלטע קינד.

דער ווינט איז אייגענטליך געווען א קליינער. דאס קעלט האט אין זיך געהאט עפּעס אונבאוועגליכעס, פארגליווערטעס, קיין האגעל. דער שניי איז געפאלען מורא׳דיג געדיכט.

האגלען קנאַקט, ברעכט, באַטויבט, שרעקט. — שניי איז נאָך ערגער. ער פאלט אין לייכטע פעדערלעך, ווייך, ניט אנצונעמען, און זיי טוען אָב זייער צושטערענדע ארבייט שטילערהייט. טוט זיי א ריהר, צוגעהען זיי. קלאר־ווייס מלכים קאליער: רייז ווי אונשולד און אפּענ־הערציג. א פעדער נאך א פעדער און פון דער אונשולדיגער ווייסקייט ווערט א קויל שניי, זי קייקעלט זיך בארג אראָב און וואַקסט. ווערט

פון איהר א לאווינע, וואס פארשיט גאנצע דערפער. אזוי וואקסט זיך די אונשולד פארנאנדער אין קרימינעל.

דאס קינד איז געגאנגען אלץ ווייטער אין נעבעל, אליין ניט ווי־סענדיג, אויפ'ן שמאלען ערד־פאס, טשעס־היל צווישען צוויי אפגרונ־טען.

איין פאלשער טריט און ער פאלט אריין. רעכטס איז די טיפע וואסערען פון אייגנור — לינקס, אין די ווילדע כוואליעס פון אפענעם ים.

זינט מען האט אנגעהויבען צו האקען די פארטלענדער שטיינער אויף צעמענט, איז די ווילדע געגענד אויפגעלעבט געווארען. איצט האט מען אויף דעם שמאלען פאס־לאנד א באהן דורכגעפיהרט ביז'ן שטעדטעל טשעסהילטאן. פאראן דארט א סטאנציע „פארטלאנד". וואו ים פרעד זענען אמאל ארומגעקראכען, איצט לויפען דארט וואגא־נעס היין און הער.

מיט צוויי הונדערט יאהר צוריק האט דער פארטלענדער לאנד־פאס אויסגעוויזען, ווי אן אייזעלשער רוקען פון זאמד, מיט פעלזען פון אויבען.

די געפאהר פאר'ן קינד האט געענדערט איהר פארמע. דארט, ביים אראפשטייגען האט ער יעדע רגע ריזיקירט — אט גליטשט ער זיך ארונטער פון דעם משופעדיגען בארג: דא אט פאלט ער אלע מינוט אין אן אנדער גראבען אריין. דארט — ווייטער מרחק. דא נאַ־הענט טיפעניש.

דער ים איז ניט קיין גאסטפריינדליכער. די פעלזען אויפ'ן ברעג — אויך ניט בעסער. דער ים זארגט זיך נאר פאר זיינע פיש און פויגעל. די שמאלע צווישען־פאסען זענען מייסטענס פעלזיג. דער צופלוס פון ים שווינקט אונטער זייערע ברעגען פון ביידע זייטען. אומעטום שטרעקען ארויס בולטע פעלזען, פארשארפטע שפיצען, צייז־זענען ווי ס'דאפעלט געבים פון א היי־פיש, אויף יעדען טריט גריבער באדעקט מיט פייכטען מאָד, וואס פלייצט אראב פון די פעלזען און פארשווינדט אין דעם שוים. דא און דארט באגעגענט מען שטיינערנע מאסען, גרויס ווי א הויז, איז געשטאלט פון אונגעהויערע קנאכען. דוכט זיך איהר זעהט בולט, אט זענען די הענט, אט די פיס פון דעם ריזען־סקעלעט אויף וועלכען איהר טרעט.

הייט שטעלט אייך פאר אז א קינד דארף דורכמאכען אזא וועג. וואלט דא ליכטיג געוועזן וואלט דאס געוועזן א רעטונג — איז אבער שטאק־נאכט. א פיהרער איז נעהטיג — איז ער אבער איינער אליין. די גאנצע גבורה פון א דערוואקסענעם מענשען וואלט געוועזן צו קארג — און עס איז געוועזן ניט מעהר ווי א שוואך אויסגעמאטערט קינד: אהן א פיהרער, וואלט כאטש א שטעגעלע געוועזן — איז ניט געוועזן קיין שפור, קיין סימן פון א וועג.

דאס קינד האט געהאט נאר איין פיהרער — זיין לעבעדיגען אינסטינקט. אינסטינקטיוו איז ער געגאנגען, געהאלטען זיך וואס נע־העגטער צום ברעג. דרייערליי גראבענס האבען איהם יעדע ווייל־דעם וועג איבערגעשניטען: גראבענס מיט וואסער, גראבענס מיט שניי. און גראבענס מיט זאמד, ריהרעוודיגען צושאטענעם זאמד. דאס לעצ־טע די געפעהרליכסטע. אין וואסער ווערט מען דערטרונקען, אין שניי פארקראכען, אין שטויביגען זאמד ארייגצוגעהן, פאמעלעך איינגעזונ־קען און לעבעדיגערהייט באגראבען ווערען.

דאס קען מען ניט טראכטען, דאס קינד האט אינסטינקטיוו גע־שפירט. מיט׳ן „שפיר" האט ער געטראפען ווי אויסצומיידען א גע־פאהר. א פוס ארייגעשטעלט אין זאמד און באלד מיט כח איהם ארויס־געצויגען, ארויסגעכאפט זיך פון גראבען און דעם שניי אפגעטרייסעלט. טיילמאל האט איהם דאס וואסער ביז די קני דערגרייכט, קוים פון וואסער ארויס און זיינע נאסע שמאטעס זענען שוין פארגליווערט פון פראסט. און ער שפאנט ווייטער ווי געפאנצערט אין קלעפערדיגען גלאז, נאר דער קורצער לייבעל זיינער איז נאך, ווי דורך ניסים געבלי־בען טרוקען און געוואַרעמט זיין לייב. דער הונגער האט איהם די גאנ־צע צייט געמומשעט.

ווי האט דאס קינד געהאט זי דורכשלאגען אין נעבעל און שניי. וואס האט איהם די אויגען פארבלענדעט, דאס וואלט ער אליין ניט געקאנט זאגען. ער איז געקראכען און געקלעטערט, געפאלען און אויפ־געשטאנען, געזוכט און איינגעשפארט געלאזען זיך ווייטער אין וועג, בייגעקומען א שטערונג נאך א שטערונג מעהר גארניט. אין א שעה ארום האט ער דערפיהלט אז דער וועג געהט ווידער בארג ארויף, ער האט דערגרייכט צום עק פאס, געפטר׳ט טשעס־היל און א פוס גע־שטעלט אויף פעסטע באדען.

גערונטעווועט געוואָרען פון דעם געפערליכען שמאָלען לאַנד־פּאַס. איצט שטעהט ער פּנים אל פּנים אנטקעגען שטורעם, ווינטער און נאַכט.

פאר זיינע אויגען ליגט אויסגעשפּרייט א אונענדליכער פלאַד־וויסט ווי ווייט די אויג קען כאַפּען.

ער האט זיך צוגעקוקט צו דער ערד, א שטעג געזוכט.

מיט אמאל בויגט ער זיך איין.

ער האָט באַמערקט אין שניי עטוואס עהנליכעס צו א שפּור, אַן אָפּדרוק פון טריט האָט שאַרף ארויסגעקוקט פון ווייסען שניי. ער האָט באַטראַכט: א טריט פון א נאַקעטען פוס קלענער פון א מענשען און גרעסער פון א קינדס.

קענטיג — א פרויען פוס.

עטוואס ווייטער א צווייטער שפּור, א דריטער און אזוי ווייטער. די טריט האבען זיך געצויגען רעכטס צו, זיי זענען נאָך געווען פריש, ווייניג באדעקט מיט שניי, קענטיג א פרוי האָט ניט לאַנג צוריק גע־מוזט דורכגעהן.

די פרוי איז קענטיג געגאַנגען אין דער ריכטונג וואו דאָס קינד האָט נאָך פריהער געזעהן א רויך.

דאָס קינד האָט גענומען נאכגעהן די טריט.

---

## 26טער קאַפּיטעל.

די טריט זענען וואס ווייטער אלץ מעהר פאַרדעקט געוואָרען, דער שניי האָט געשאַטען האַסטיג און געדיכט. דאָס איז געווען אקוראַט אין דעם מאָמענט ווען די שיף האט זיך געראַנגעלט אין גסיסה אין דעם אָפענעם ים.

דאָס קינד האָט זיך נאָך אויך געראַנגעלט אין דער פינסטער אַנ־

געכאפּט זיך אַז די שפּורען ווי אַן דעם איינציגען שנירעל וואָס קען איהם ארויספיהרען פון דעם וויסטען לאבירינט אין ישוב אריין.

מיט אמאָל איז די לעצטע שפּור פארשוואונדען געווארען. צו דער שניי האָט זיי פארדעקט, צו אַן אנדער אורזאכע, נאָר מען זעהט שוין ניט קיין סימן פון טריט.

אלץ איז ווידער געווארען פלאַך, גלייך, נאַקעט. א ווייסע סעווע אויף דער ערד, א שווארצער טוך אויפ׳ן הימעל.

מען האָט געקענט מיינען אַז די דורכגעגאנגענע זענען ערגעץ פארלוירען. דאָס קינד האָט געזוכט, קריכענדיג אויף אלע פיער אבער אומזיסט.

ווידער זיך אויפגעהויבען, דוכט זיך איהם ער הערט עפּעס א שטים, ניט א שטים, א — קרעכץ, ניט א קרעכץ, עפּעס אונבאשטימ־טעס, משונ׳דיגעס. מעהר טויט ווי לעבעדיג, א ברום — ווי פון חלום.

ער האָט זיך אומגעקוקט און גאָר ניט געזעהן.

ארום איהם א ברייטער מדבר, נאַקעט, וויסט, און לעהר — מעהר גאָרניט.

ער האָט זיך איינגעהערט, דאָס וואָס זיין אויער האָט פריהער פארנומען איז איצט פארשוואונדען, אפשר האָט ער טאַקע גאָר ניט געהערט.

ער האָט זיך ווייטער איינגעהערט שטיל.

דער נעבעל האָט איהם קענטיג גענאַרט.

ער האָט זיך ווייטער געלאָזט געהן.

געגאנגען אויף גאָטס באראט, אויף בלויזען טראַף, ניטאָ שוין קיין שפּור וואָס זאָל איהם פיהרען.

קוים זיך אביסעל דערווייטערט. — הערט ער ווידער א הילך, דאָס מאָל שוין אהן שום ספק, דאָס איז געווען א קרעכץ, כמעט א שלוכצען. ער האָט זיך אומגעקערט געזוכט מיט די אויגען ארום, מ׳זעהט גאָר ניט.

דער הילך האָט זיך ווידער געלאָזט הערען.

ניטאָ קיין שוואכערעס, איידעלערעס, דורכדרינגענדערעס, פּאַק־ענדערעס, ווי דאָס דאָזיגע קול׳כען, דאָס איז געווען א קול פון א לע־בעדיגעם באשעפעניש, א פּלאַטערניש איז דערין געלעגען. ס׳האָט גע־

שיינט צו זיין אונבאוואוסט. ווי די לײדען אליין וואלטען געשריען. ניט וויסענדיג וואס זיי זענען און וואס זיי שרייען, א קול — דער ערשטער אויסרוף פון א נייגעבארען קינד אדער גאר פון א שטארבענ־דען, אלענפאלס ביי דעם גרענעץ צווישען לעבען און טויט האט גע־טעמט, געשטיקט זיך, געוויינט. עטוואס אונזיכבארעס האט רחמים געבעטען.

דאס קינד האט מיט די אויגען געזוכט, ארום אויבען, אונטען, נאהענט, ווייט — קיינער, גאר ניט.

ער האט די אויערען אנגעשטריינגט, עס לאזט זיך נאך הערען עטוואס עהנליכעס צו דעם מעקען פון א לעמעלע.

ער האט זיך דערשראקען, געוואלט אנטלויפען, ווידער הילכט, דאס שוין דאס פערטע מאל נעבאכדיג, פיינליך. מען האט געפיהלט ס׳איז די לעצטע אנשטריינגונג, באלד וועט עס אויף אייביג פארשווינדען. א אינסטינקטיווער געוואלט געשריי רופט צו הילף, דאס קינד האט זיך געלאזען נאכ׳ן קול נאך.

ער האט ארניט געזעהן, געשפאנט און געהערט.

עס דויערט נאך וואס ווייטער אלץ קלארער, דייטליכער, עס דארף זיין גאר נאהענט.

אבער וואו ?

ווי ער קוויינקעלט זיך דא צווישען צוויי געפיהלען : דאס שרעק וואס הייסט איהם אנטלויפען און דער רחמנות, וואס הייסט איהם דא בלייבען, באמערקט ער עפעס ווי א בערגעל לאנג און שמאל ווי א קבר באדעקט מיט שניי.

איצט ווערט ער קלאר, דער קול קומט פון אונטערן בערגעל.

ער בויגט זיך איין נעמט צושארען דעם שניי.

ער גראבט אפ, א מענשליך געזיכט א בלייכע.

ניט דאס האט געשריען, די אויגען פארמאכט דאס מויל אפען פול מיט שניי.

עס האט זיך ניט געריהרט. ער האט אנגעטאפט מיט די פינגער און א בייסענדע קעלט דערפיהלט. דאס איז געווען א קאפ פון א פרוי. די צושויבערטע האר איז שניי דורכגעקנאטען. די פרוי איז גע־ווען טויט.

דאס קינד האט ווייטער געשארט, עס האט זיך באוויזען א

האלז, אַן אַקסעל, מיט אַנטפּלעקטען לייב פון צווישען צוריסענע שמאַ־טעס.

פּלוצלונג דערפיהלט ער עס צאַפּעלט זיך עפּעס א לעבעדיגעס א קליינס, א נאַקעטס. ער האָט שנעל צושארט דעם שניי און אָנגע־טאַפּט א קערפּערעל פון א זויג־קינד, מאָגער, אויסגעדאַרט, קאַלט, אבער נאָך לעבעדיג. נאַקעט אויפ'ן שויס פון דער טויטער מוטער.

דאָס איז געווען א קליין מיידעלע.

זי איז געווען שלעכט איינגעוויקעלט אין שמאַטעס און צאַפּ־לענדיג זיך האָט זי זיי אָפּגעוויקעלט. פון איהר מאָגערען וואָרעמען קערפּערל, פון איהר אָטעם איז דער שניי אַרום איהר אביסעל צו־גאַנגען. אז אָם וואָלט זי געשאַצט 5—6 מאָנאַטען. ס'האָט אָבער גע־קאָנט אַלט זיין א יאָהר אויך, אין דחקות וואַקסען ניט שנעל קיין קינדער. דערשפּירט אויפ'ן פּנימעל די פרישע לופט, האָט זי זיך שטאַר־קער צושריען.

דאָס קינד האָט די קליינע געגומען צו זיך אויף די הענט.

די פאַרפרוירענע מוטער האָט אויסגעזעהן שרעקליך, ווי מיט א טונקעל צויבער שיין באַצויגען. דער בלייכער שיין פון דעם פראָס־טיגען פלאַך האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אויף איהר טויטען געזיכט, מען האָט געקאָנט זעהן דעם שטערען איהרען, יונג אונטער ברוינע האָר, צאַנדיג־געוועבטע ברעמען, צודריקטע נאַז־לעכער, פאַרמאַכטע אויגען. און פון די אויגען־ווינקלען ביז די ליפּען — א גלאַנציג געשלענגעלט שלענגעלע פון טרערען פאַרגליווערט. דער שניי האָט די טויטע באַ־לויכטען. ווינטער און קבר — צוויי טרייע קברים.

די נאַקעטע בריסט האָבען געמאַכט א ריהרענדען איינדרוק, זיי האָבען זייער שליחות געטאָן, אויף זיי איז געלעגען דער זיגעל פון פּרוכטבאַרען לעבען, וואָס איין מענשליך באַשעפעניש האָט באַקומען פון צווייטען. אויפ'ן שפּיץ פון איין ברוסט האָט א ווייסער פּערעל געפינקעלט, דאָס איז געווען א טראָפּען מילך פאַרגליווערט.

לאָמיר דאָ גלייך דערצעהלען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. דאָ אויפ'ן זעלבען אָרט וואו דאָס קינד האָט איצט געוואָגעלט, איז מיט א קאַרגער שעה צוריק דורכגעגאַנגען א בעטלערקע מיט איהר קינד. זי האָט אויך געזוכט א נאַכט־לעגער, א פּלאַץ וואו זיך אויסרוהען און

זי האָט פארבלאָנדזשעט. פארמאטערט און אָפּגעשוואַכט, איז זי גע־פאַלען און קיין כח ניט געהאט אויפצושטעהן. דער שניי האָט זי פאר־שאָטען זי האָט ווי ווייט מעגליך דאָס קינד צו זיך געטוליעט און די נשמה אויסגעהויכט.

די קליינע האָט געפּרובירט זויגען מילך פון מירמעלשטיין. זי האָט אָבער מיט׳ן מיילכעל ניט געקענט געפינען די ברוסט, ויאו דער לעצ־טער טראָפּען מילך פון טויט גע׳גנב׳עט איז פארגליווערט געוואָרען, און די זויגלינגע מעהר געוואוינט צו וויג ווי צום קבר, האָט אונטערן שניי נאָך הילף געשריען.

דאָס פארוואָגעלטע איינגעל האָט דערהערט דעם געשריי פון דער גוססער מיידעלע.

ער האָט זי פון קבר ארויסגעגראָבען און אויף די הענט גענומען.

דערפיהלט זיך אויף זיינע הענט האָט זי אויפגעהערט וויינען. צוויי פּנימלעך פון צוויי יונגע קינדער האָבען זיך געריהרט, דער זויג־לינג האָט זיך מיט די ליפּעלעך צוגעטולעט צו דעם אינגעלס באַק ווי צו דער מוטערס ברוסט.

די קליינע האָט שוין געהאַלטען דערביי, אַז די גערינכט געוואָרענע בלוט זאָל אָפּשטעלען דאָס הארץ. די מוטער האָט איהר שוין עטוואָס אוועקגעגעבען פון איהר אייגענעם טויט. א מת קאָמיוניקירט זיך, זיין קעלט גיט זיך איבער. הענטלעך און פיסלעך זענען ביי דער קליינער געווען ווי פּאַראַליזירט פון פראָסט. דאָס אינגעל האָט געפיהלט די ביטערע קעלט.

איין מלבוש איז נאָך אויף איהם געווען טרוקען און וואַרים — דער לייבעל. ער האָט דעם זויגלינג געלייגט אויף דער מוטערס ברוסט. אויסגעטאָן דעם לייבעל און אין דעם די קליינע איינגעוויקעלט, און זי ווידער אויף די הענט גענומען, האַלב נאַקעט דורכגענומען פון קאַלטען ווינט האָט זיך דאָס אינגעל ווייטער געלאָזען געהן.

אויסגעזוכט דעם אינגעלס באַק, האָט זיך די קליינע אהין מיט׳ן מיילכעל צוגעטוליעט און א דערוואָרימטע איינגעשלאָפען. דאָס איז איז געווען דער ערשטער קוש פון צוויי יונגע נשמות אין דער פינס־טער.

די מוטער איז געבליבען ליגען אין שניי. ס׳געזוכט צו דער

נאכט, אבער אין דעם מאמענט ווען דאס קליינע אינגעל האט אראפ־געווארפען פון זיך דאס ליבעל און דעם זויגלינג אין דעם איינגעווי־קעלט, האט זי אפשר זיי געזעהן און זייביידע איהר מוטערליכע ברכה געגעבען.

שוין פיער שעה אריבער זינט דאס שיף איז אפגעשוואומען און דאס קינד אויף'ן ברעג איבערגעלאזען. פיער לאנגע שעה איז ער כסדר געגאנגען און געזוכט מענשליכע געזעלשאפט. און דערווייל האט ער אונטערוועגענס דריי פארשידענע באגעגענישען געהאט. א מאן, א פרוי און א קינד. א מאן — דעם געהאנגענעם דארט אויף'ן בערגעל, א פרוי, די דערפרארענע אין שניי און א קינד, די קליינע יתומה'לע, וואס ער טראגט אויף די הענט.

די כוחות זענען איהם אויסגעגאנגען פון מיעדקייט און הונגער.

ער איז געגאנגען דאך אנטשלאסענער ווי פריהער. די כחות אפ־געקומען, א משא צוגעקומען.

ער איז איצט געווען כמעט הייל נאקעט. דאס ביסעל שמאטעס וואס איז איהם נאך פארבליבען, הארט פארגליווערט, האט געשטא־כען ווי גלאז און איהם דאס לייב געשניטען. איהם איז אלץ קעלטער געווארען, דערפאר האט זיך דאס צווייטע קינד דערווארעמט, דאס האט זי פון טויט לעבעדיג געמאכט. ער איז ווייטער געגאנגען, פון צייט צו צייט האט ער זיך איינגעבויגען, אנגענומען א הויפען שניי און זיך די בארוועסע פיס געריבען זיי זאלען ניט אנפריהרען.

טיילמאל דערפיהלענדיג ווי עס ברענט איהם אין האלז פון דארשט האט ער גענומען שניי אין מויל און עס געזויגען, דאס האט דעם דארשט געשטילט, אויף איין מינוט שפעטער האט איהם נאך מעהר גענומען דארשטען. עס האט איהם אין האלז געטריקענט, געפיבערט.

דער שטורעם האט געוואלטיג געריסען, געגאסען א מבול פון שניי, אין דער מינוט האט זיך דאס שיף אויף'ן ים אויך מיט די לעצטע כחות געראנגעלט.

ער איז געגאנגען צו מזרח צו, דארט האט ער מיט א שעה פריער א רויך געזעהן, אפשר האט ער זיך גאר גענארט, אפשר איז גאר קיין ישוב נימא אין דער זייט וואו ער געהט. ער איז אבער אלץ געגאנגען.

א פאר מאל האט די קליינע אנגעהויבען צו שרייען האט ער זיך צושאקעלט און איהר צוגעוויגט, און זי האט זיך בארוהיגט און אנט־

שווייגען געוואָרען. ענדליך איז זי איינגעשלאָפען, ער האָט געפיהלט איהר וואַרעמקייט און אַליין געציטערט פאַר קעלט.

ער האָט אָפט די פּאָלדען פון לייבעל פעסט פאַרשטעקט אַרום איהר האַלז, דער פראָסט זאָל ניט קענען דורכגעהן, קיין טראָפּען צו־שמאָלצענער שניי זאָל ניט דורכגעהן.

דער פלאַך האָט זיך געצויגען העכער און נידעריגער. ערטערווייז האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזען אין אויסגעהיילטע טאָהלען, וואוהין דער ווינט האָט מאַסען שניי אַראָפּגעטראָגען און אַלע טיפעניששען פאַר־שאַרט, א דערוואַקסענעם וואָלט דער שניי ביז'ן גאַרטעל דערגרייכט — איהם כמעט ביז'ן האַלז. דאָרט האָט ער זיך געמוזט דורכשניידען, ווי האַלב באַגראָבען אין אַנגעהויכטע בערג, שניידענדיג די מאַסע מיט די קניע.

אַרויס פון טאָהל קומט מען אַרויף אויף א פרייען אויסגעברייטעטן פלאַך, וואו דער ווינט האָט כמעט דעם גאַנצען שניי פאַרקערט. דאָרט איז א גליטש.

דער פייכטער אָטעם פון דער קליינער האָט איהם א רגע די באַק דערוואַרימט, ביז צו די האָר זיך פאַרדעמפט און דאָרט פאַרגליווערט געוואָרען אין ענגלעד אייז.

ער האָט באַטראַכט די פאַרפלאָנטערטע לאַגע זיינע. ער האָט ניט געטאָרט פאַלען, ווייל ער וואָלט ניט געהאַט קיין כח אויפצושטעהן. אויסגעמאַטערט ווי ער איז געווען, וואָלט דער בלייענער חושך איהם צוגעדריקט צום באָדען ווי יענער פרוי דאָרט, און דער אייז וואָלט איהם לעבעדיגערהייט צו דער ערד צוגעלייגט. ער איז שוין געשפּרונ־גען איבער אָפּגרונטען, געקראָכען איבער גראָבענס, איצט אבער א געוועהנליכער פאַל און — ער איז טויט. איין פאַלשער טריט עפענט דעם קבר, מען טאָר זיך ניט אויסגליטשען — ער וואָלט קיין כח ניט געהאַט אויף די קני זיך צו שטעלען.

און גליטשיג איז געווען אַרום און אַרום, אַלץ פאַרגליווערטער שניי, אייז.

די קליינע וואָס ער האָט געטראָגען האָט איהם דעם גאַנג געמאַכט אומגעהויער שווער. דאָס איז ניט נאָר געווען א משא, דאָס איז געווען א שטערונג. זי האָט איהם בײדע הענט פאַרנומען, און ווען מען געהט

אויף א גליטש דינען די הענט ווי א נאטירליכער באַלאַנסיר שטאָק צו האלטען גלייכגעוויכט.

מען האָט זיך געמוזט באגעהן אָהן א באלאַנסיר שטאָק.

ער איז געגאַנגען, געשפּאַנט אונבאהאָלפען אונטער זיין משא.

די קליינע איז געווען דער לעצטער טראָפּען וואס האָט פול געמאַכט די מאָס פון זיינע צרות.

ער איז געגאנגען, זיך געוואָרפען, געבויגען, געוויזען וואונדער פון עקווילבריסטיק, ווי אַן אקראבאַט טאַנצט אויף א שטריק, נאר אָהן צושויער, אפשר האָט איהם דעריבער אַפּגעהאַלטען — מיר זאָגען עס נאָך אמאָל — ווייל אויף זיין געפערליכען וועג האָבען איהם צוויי פּאר אויגען באגלייט, און אויף איהם אכטונג געגעבען. די מוטערס אויג און גאָטס.

ער האָט זיך געוואקעלט, געבויגען, געגליטשט, און ווידער זיך אויסגעגלייכט, דער ווינט האָט איהם פון הינטען געטריבען.

ער האָט געמוזט פיעל וועג אָנלעגען. ער איז קענטיג געווען אין יענעם געגענד וואו מען האָט שפּעטער אויסגעבויט די בינקליוור־פירמע, צווישען די צוויי ערטער וואס הייסען איצט „פריהלינגס־גערטנער" און „האָטעלען" זעהר אָפט טרעפט אַז צווישען סטעפּ און שטאָדט ליגט אין גאַנצען א מרחק פון הונדערט יאָהר.

מיט אמאָל דערזעהט ער פון וויטענס א גרופּע הויכע קוימען שפּיצען קלאר באַגלאַזט מיט שניי. א מין שאָטען פּארקערט, א שטאָדט געצייכענט מיט ווייסען אויף'ן שווארצען האריזאָנט, עטוואס אזעלכעס וואס מען וואָלט איצט אָנגערופען א נעגאַטיוו פון א פאָטאָגראַפּיש בילד.

דעכער, הייזער א ישוב, א מקום מנוחה איז נאָך ערגעץ פאראַן באפליגעלט פון האָפענונגען, האָט ער פרישע קרעפטען דערשפּירט. די מענשען פון א פארבלאָנדזשעט שיף ווען זיי דערזעהען און שרייען אוים — ערד" מוזען האָבען אזא געפיהל. ער איז אוועק מונטער און שנעל.

# 27טער קאַפּיטעל.

ענדליך קומט ער צו לעבעדיגע מענשען. ניטאַ וואָס מורא צו האָבען. ער האָט איין זיך אַ פרישע וואַרימקייט דערפיהלט. הילף! שוין נאָך אַלע סכנות, אוים ווינטער, אוים שטורעם, אַלץ וואָס איז דאָ שלעכטס און געפערליכעס, איז שוין הינטער איהם. די קליינע איז שוין מעהר קיין משא ניט. ער איז געלאָפען.

ער האָט זיך ניט געקענט זאַט אָנקוקען אויף די דעכער, דאָרט איז לעבען. ער האָט פון זיי קיין אויג ניט אַראָפּגענומען. אַ מת וואָלט אַזוי געקוקט אויף דער ליכטיגער וועלט ווען מען עפענט איהם אַ שפּאַרינע אין קבר, דאָס זענען געווען די קוימענס פון וואַנען ער האָט פריער רויך געזעהן.

איצט איז קיין רויך ניט געגאַנגען.

באַלד איז ער צוגעקומען צו די הייזער. ער איז אַריין אין פאַר־שטעדטעל. פאַרשלאָסענע אין פאַרינגלען די שטאָדט אויף ביי נאַכט איז שוין אין יענער צייט אַרוים פון דער מאָדע.

קיין ליכט איז ניט געווען אין דער גאַס ניט אין דער גאַנצער שטאָדט ווי ווייט דאָס אויג האָט געקענט כאַפּען.

אָנהויב גאַס זענען געשטאַנען צוויי הייזער, רעכטס, אַ חורבה, מעהר דאָך ווי הויז, די ווענט לייזענע — דער דאָך אַ שטרויענער. די שטיבעל האָט געהאַט איין טיר, גרוים ווי אַ פענסטער, און איין פענסטער אין דער הויך, ווי אַ לופטשיק, דערביי אַ חזיר שטעלכעל באַוואוינט, אַ סימן אַז אין שטיבעל וואוינט מען אויך.

לינקס, אַ געמויערט הויז. הויך און ברייט מיט אַ דאַך פון אַס־פּוד, אויך פאַרמאַכט, אָרעם און רייך, איינס נעבען אַנדערן.

דאָס קינד האָט זיך ניט געקווינקעלט ער איז גענאַנגען צום גרוי־סען הויז לינקס, אַ מאַסיווע צוויי פליגעלדיגע טהיר, באַשלאַגען מיט צוועקעס און געשמידט פון אויסוויינינג, און פעסטע ריגעל־שלעסער אינוויינינג. אויף דער טהיר איז געהאַנגען אַן אייזערנער האַמער אַנ־שטאָט אַ גלעקעל ווי דער מנהג איז אין אַלט ענגלאַנד.

ער האט קוים דעם האמער אויפגעהויבען מיט זיינע פארפרארענע הענטלעך. ער האט איין מאל א קלאפ געטאן.

מען ענטפערט ניט.

ער האט ווידער אנגעקלאפט — צוויי מאל.

מען ריהרט זיך דארטען ניט.

ער האט צום דריטען מאל אנגעקלאפט. גאר ניט.

ער האט פארשטאנען אז מען שלאפט דארט הארט.

אדער מען האט גלאט ניט קיין חשק אויפצושטעהן.

ער האט זיך אומגעקערט צום ארימען הייזעל. ער האט אויפגעהויבען א שטיין פון שניי און דערמיט אנגעקלאפט אין נידעריגען טהירעל.

מען ענטפערט ניט.

ער האט זיך אויפגעהויבען אויף די שפיץ פינגער און אנגעקלאפט אין לופטשיק, גענוג לייכט ער זאל די גלאז ניט צוברעכען, גענוג שטארק מען זאל דערהערען.

קיין קול האט זיך ניט געלאזט הערען, קיין טריט— ניט געריהרט, קיין ליכט — ניט אנגעצונדען.

דא וויל מען אויך ניט אויפשטעהן, אין שטיינערנעם האטעל, ווי אין ליימענעם שטיבעל איז אלץ איינס פאר'ן אומגליקליכען.

דאס קינד האט באשלאסען צו געהן ווייטער צווישען די צוויי ציילען הייזער, איינג און פינסטער, ווי א טונעל. ער איז דורכגעגאנגען א גאס, א צווייטע, א דריטע, ער האט אויפגעהויבען די אויגען אויף די אויבערשטע אטאזשען צו זעהן צו עס איז ליכטיג. אלץ איז געווען אויסגעלאשען און געשלאסען. פון צייט צו צייט האט ער אין טהירען אנגעקלאפט, קיינער האט ניט געענטפערט פון די קלעפ האט זיך די קליינע אויפגעכאפט, ער האט דערפיהלט ווי זי זויגט זיין באק. זי האט ניט געוויינט, זי האט געמיינט אז עס איז איהר מוטער.

אזוי ארום איז ער נאך עטליכע געסלעך אדורך און איז געקומען צו א בריק, איצט איז אויף יענעם ארט א גרויסע אייזערנע בריק, וואס פאראייניגט די שטאדט מיט'ן פארשטעדטעל מעלקאם-רעדזשים. דעמאלט איז די בריק געווען ניט מעהר ווי א הילצערנע גאלעריע.

ער איז אויף דער בריק ארויף.אונטערן אפדעכעל איז קיין שניי

ניט געווען, ער האָט זיך אויף א ווײַלע דערקוויקט דערפיהלענדיג טרוקענע דילען אונטער זײַנע באָרוועסע פיס.

אריבער די בריק איז ער אריין אין מעלקאָם־ערזשים.

דאָ איז געווען מעהר מויערען ווי הילצערנע הייזער, דאָ איז שוין ניט געווען קיין פאָרשטאָדט נאָר סאמע צענטער שטאָדט. די בריק איז ארוים אין א שעהנער גאָס מיט הויכע, מיט שעהנע קראָמען. ער האָט ווידער גענומען קלאַפּען אין די טהירען, שרייען, רופען. ער האָט שוין קיין כח ניט געהאַט.

דאָ האָט זיך אויך קיינער ניט געריהרט אלע טהירען — פאַרזיגעלט, אלע לאַדען — געשלאָסען. מען האָט זיך גוט באַוואָרענט. אלערליי מיטלען אנגענומען מען זאָל זיך ניט אויפכאַפּען.

ארומצואוואָגלען ביי נאַכט אין א שלעפערדיגער שטאָדט — איז ווי בלאָנדזשען אין א וואלד. דאָס הארץ ווערט פאַרקלעמט, מען שפּירט עפּעס א שרעק אליין ניט וויסענדיג וואָס די הייזער זעהן אויס ווי גייסטער־געשפּענסטער, דוכט זיך אז איבער זיי שוועבען נשמות אין עולם התהו, צווישען לעבען און טויט, וואָס הייסט — שלאָף.

וואָס קיינער האָט זיך ניט געוואָלט אָפּרופען לאָזט זיך ערקלערען. אין יאַנואר 1690, האָט אין לאָנדאָן געבושעוועט די פּעסט, האָט מען אין גאַנצען לאַנד מורא געהאַט אויפצונעמען א רייזענדען. ער זאָל די פּעסט ניט פאַרשלעפּען. מען האָט אפילו קיין פענסטער ניט געעפענט אויס מורא ניט ארײַנצולאָזען זײַן לופט.

די קאַלטקייט פון מענשען האָט דאָס קינד געפיהלט נאָך פיינליכער ווי די קעלט פון דער נאַכט. דאָס איז א קעלט מיט ווילען. דאָס הארץ האָט איהם פאַרקלעמט פיעל מעהר ווי אין וויסטען פעלד. איצט איז ער אין א שטאָדט צווישען מענשען און דאָך איז ער עלענד איינער אליין. אז אכזר'שען מדבר — דאָס איז נאָך צו פאַרשטעהן. א גאַנצע שטאָדט אָהן רחמנות דאָס איז שוין צופיעל.

ער איז געבליבען שטעהן אָפּהענטיג. ער האָט אפשר א טראַכט געטאָן, צי וואָלט ניט געווען גלייכער אויסצוציהען זיך דין און שטאַרבען, דערווייל האָט די קליינע איהר קעפּעל אויף זײַן אקסעל אנגעלעהנט און איז איינגעשלאָפען. דער דאָזיגער בלינדער צוטרוי האָט איהם געטריבען צו געהן.

אליין הילפלאָז אָהן שום אנהאַלט ארום און ארום — האָט ער

דאך געפיהלט אז ער איז דער איינציגער אנשפאר פאר אן אנדער באשעפעניש הילפלאזער, שוואכער פון איהם. און ער האט געוואוסט וואס ער האט צו טאן. א טיפער באוואוסטזיין פון פליכט, אזעלכע אידעען און געפיהלען, ווי די גאנצע לאגע זיינע, איז געוועזן ניט נאך זיינע יאהרען נאך, מעגליך אז ער האט עס גאר ניט געוואוסט, אז ער האט דאס געטאן אינסטינקטיוו, אליין ניט וויסענדיג פארוואס.

ער האט זיך ארומגעדרעהט צווישען די גאסען און געסלעך, ניט געגאנגען איז ער שוין, געשלעפט זיך.

ענדליך איז ער ווידער ארויס אויף א פרייען פלאץ, רעכטס דער ים, לינקס עק שטאדט.

וואס טוט מען, ווייטער זיך לאזען איבערן פרייען פעלד אדער זיך צוריק אומקערען אין שטאדט? וואס טוט מען צווישען די צוויי שטיל־קייטען, שטומער פלאך — טויבע שטאדט? ביידע שטויסען אב, ביידע טרייבען פון זיך. פלוצלונג דערהערט ער א קול.

---

# 28טער קאפיטעל.

עפעס א ווילדער הילך האט ארויסגעברומט פון שאטען און צו איהם דערגרייכט.

געוועזן פון וואס צו אנטלויפען. ער איז עס, אבער, אנטקעגען געגאנגען.

ווען די שטילקייט איז שווער דעם געפעלט א ברום אויך.

דאס דאזיגע ווילדע געשריי, האט איהם זיכער געמאכט דאס דאזיגע ברום, איז א צוזאג געוועזן: פאראן דא א לעבעדיגע באשעפע־ניש ,לעבעדיג און וואכעדיג, מעג עס זיין א ווילדע חיה אפילו, ער איז געגאנגען נאכ'ן קול.

ער איז פארביי די לעצטע וואנט פון שטאדט, און דערזעהן עפעס אזעלכעס, א וואגען — אדער ניט א וואגען, א הייזעל — אדער ניט

א הייזעל. ס'איז געשטאַנען אויף רעדער הייסט דאָס א וואָגען. ס'האָט געהאַט א דאַך, הייסט דאָס א וואוינונג. פון דאַך איז ארויס א קוימען און פון קוימען א רויך, דער רויך איז געווען רויטלעך, א סימן עס ברענט א פייער. הינטען א גאַניג מיט א טהיר. אין מיט'ן טהיר א ליכ־טיגער פיער־עק, קענטיג א שייבעל. ער איז צוגעקומען נעהענטער.

דאָס וואָס האָט געברומט, האָט געשפּירט ווי ער קומט. ווען ער האָט שוין געהאַלטען נאָהענט ביים הייזער איז דער בייזער געוואָרען גאָר מאַימדיג, דאָס איז שוין געווען ניט קיין ברום — א ווילד גהייל איז דאָס געווען, ער האָט דערהערט א טרוקענעם הילך, ווי פון א שטאַרק אנגעצויגענעם קייט, און פּלוצלונג אונטער דער טהיר צווישען די הינטערשטע רעדער דערזעהט ער צוויי ציילען ווייסע שאַרפע... ציין.

אין דער זעלבער צייט ווען דער אָפענער פּיסק מיט די אויסגע־שטירעטע ציין איז איהם אנטקעגען ארויס פון צווישען די רעדער, האָט דאָרט פון לופטשיק אין טהיר א קאָפּ זיך באַוויזען.

רוהיג דאָרט, זאָגט דער קאָפּ, דער פּיסק איז אנטשוויגען גע־וואָרען.

דער קאָפּ פרעגט:

— איז אימיצער דאָ?

דאָס קינד ענטפערט:

— יא.

— ווער.

— איך.

— דו? ווער ביזטו? פון וואַנען קומסטו?

— איך בין מיעד.

— ווי שפּעט איז איצט?

— מיר איז קאַלט.

— וואָס טוסטו דאָ?

— איך בין הונגעריג.

דער קאָפּ האָט געענטפערט:

— די גאַנצע וועלט קען ניט לעבען אזוי גליקליך ווי א לאָרד. געה דיר.

דער קאָפּ איז צוריק פאַרשוואונדען. דער לופטשיק פאַרמאַכט.

דאס קינד האט זיך אומגעקערט, די איינגעשלאָפענע קליינע אין זיינע הענט צוגעדריקט, און געזאמעלט די לעצטע כחות ווייטער זיך צו לאָזען אין וועג, ער איז שוין אפגעגאנגען עטליכע טריט.

דערוייל, ווי דער לופטשיק, האט זיך פארמאכט האט זיך א טהיר געעפענט א הענג־בריקעל האט זיך אראפגעלאזען. דאס קול וואס האט נאר וואס געערדט צו איהם האט איצט געשריען מיט כעס.

— וואס־זשע געהסטו ניט אריין?

דאס קינד האט זיך ווידער אומגעווענדעט.

— קום שוין אמאל אריין, געזעהן אזא אנשיקעניש? הונגעריג, דערפראָרען, און וויל ניט אריין.

דאס קינד איז געבליבען שטעהן צומישט, אט טרייבט מען, אט בעט מען.

דער קול האט ווידער געשריען.

— אריין זאגט מען דיר דו שייגעץ איינער.

ער האט זיך געמאכט הארץ און געשטעלט א פוס אויף דעם ערשטען שטאפעל פון בריקעל.

ווידער א געברום פון אונטער'ן וואגען.

ער איז אפגעשפרונגען, דער פיסק מיט די ציין האט זיך ווידער באוויזען.

— רוהיג, שרייט די מענערשע שטים.

דער פיסק האט זיך צוריק געצויגען און אויפגעהערט צו ברומען.

— קריך.

דאס קינד האט קוים, קוים בייגעקומען די דריי טרעפעלער, דאס צווייטע קינד אויף די הענט האט איהם געשטערט, זי איז געוועזן אזוי פארוויקעלט און פארדרעהט, אז מען האט גאר ניט ארויסגעזעהן, נאר א פארמלאזע מאסע, ווי א פעקעל שמאטעס.

ארויף די דריי טרעפ איז ער געבליבען שטעהן אויף דעם שוועל. קיין ליכט האט ניט געברענט אין שטיבעל, געווים צוליעב שפארזאמקייט, דער באראד איז געוועזן באלויכטען מיט א רויטען אפשיין פון אן אייזערנעם אייוועלע, אויף'ן אויוועלע האט זיך עפעס געדעמפט אין א טעפעל, קענטיג א געקעכטץ, מען האט געפיהלט דעם זיסען ריח דערפון.

דאס מעבעל איז באשטאנען פון א קופערט, א ביינקעל און א

לאַמטערן איצט ניט אָנגעצונדען, ארום די ווענט זענען געהאנגען עט־ליכע פּאַליצעס אָנגעשטעלט מיט פלעשלעך און גלעזלעך, אביסעל קור־פּערנע כלים, און גלאַט זאכען פון א כעמישער קיך. דאָס קינד האָט אַלץ אָנגעקוקט, ניט ווייסענדיג וואָס דאָס באדייט. די קאַיוטע איז געווען לאַנג און שמאָל, דאָס אויוועלע כמעט ווי אין מיטען, דאָס איז געווען ניט קיין קליינער חדר — גיכער א גרויסער קאסטען. אין דרויסען איז געווען ליכטיגער פון שניי ווי אינווייניג פון אויוועלע. אַלץ איז דאָ געווען משונה׳דיג, ניט קלאָר, נאָר א שמאָלער פּאַס ליכט האָט אָפּגעשלאָגען דורך דעם האַלב־געעפענט טהירעל פון אויוועלע און האָט באלויכטען אן אויפשריפט אויפ׳ן דיל. דער אויפשריפט איז געווען מיט גרויסע אותיות: „אורסוס פילאָסאָף.“ !

דאָס קינד איז טאַקע אָנגעקומען צו יענע צוויי חברים. דאָס האָ־בען זיי איהם אַזוי אויפגענומען. האמא מיט זיין געהייל, אורסוס מיט זיין געשריי.

— אריין! זאָגט דער מענש, אורסוס הייסט דאָס.

דאָס קינד האָט דערזעהן א לאַנגען דאַרען אַלטען מאַן, ווי ער שטעהט ביים אויוועלע עטוואָס איינגעבויגען, און דער גלאַנציג גלאַטער שאַרבען זיינער שפּאַרט אונטער די סטעליע. אויסציהען זיך שטאַרק האָט ער ניט געקענט, דאָס קעסטעל איז געווען אקוראַט צוגעפּאַסט צו דער מאָס.

אריין! הייסט אורסוס נאָך אַמאָל.

דאָס קינד איז אריין.

— לייג אנידער דיין קלומיק אָט דאָרט.

דאָס קינד האָט זיין פּעקעל אראָפּגעלאָזען אויפ׳ן קופערט שטיל און פאַרזיכטיג, די קליינע זאָל זיך ניט אויפכאַפּען פון שלאָף.

דער אַלטער האָט זיך צובייזערט.

זעה נאָר ווי דאָס ציטערט איבערן אוצר זיינעם, פון די שמאַטעס זאָל חלילה א האָר ניט געקרימט ווערען, א טויגניכטס אביסעל, אין די גאַסען זיך ארומגעשלעפּט אַזוי שפּעט! ווער ביזטו ענטפער! אבער ניין זאָלסט ניט וואגען צו ענטפערען, לאָמיר זיך נעמען צו בילכערע זאכען, דיר איז קאַלט דערוואָרים זיך.

און ער האָט איהם ביי ביידע אקסלען געשטויסען צום אויוועלע.

אוי, ווי נאַס דו ביזט, ווי דערפראָרען, מעג מען דען אַזוי אריינ־

קומען אין א לייטישע שטוב? ווארף אראפ דיינע פריצישע קליידער תכשיט מיינער.

און האסטיג ווי אין פיבער, טוט ער מיט איין האנט א ריס אראפ זיינע קליידער, וועלכע צופאלען באלד אויף שטיקרע, און מיט דער צווייטער האנט שלעפט ער אראפ א העמד זיינע מיט א זשאקעט.

— נא, אט האסטו דיר תכשיט איינער.

ער האט גענומען א שטיק טוך און דערמיט דעם אינגעל די גלי־דער אנגעריבען אנטקעגען פייער, יענער איז געשטאנען א פארוואונדע־טער און אין דעם מאמענט פון נאקעטער ווארימקייט, זיך געפיהלט ווי אויפ'ן זיבעטען הימעל. אפגעריבען די גלידער האט איהם דער מאן די פיס טרוקען געווישט.

איצט יונגאטש איינער ביזטו שוין ניט דערפראהרען, און איך בהמה האב געציטערט ער זאל ניט האבען אפגעפרארען די פאדערשטע לאפעס, צו די הינטערשטע. איצט וועט איהם שוין דער רוח ניט נע־מען, טו זיך אן.

דאס קינד האט ארויפגעכאפט אויף זיך די העמד און דער אלטער האט איהם איינגעשפאנט אין דזשאקעט.

— איצט...

דער אלטער האט מיט א פוס צוגערוקט דעם ביינקעל צום אוי־וועז און זיין גאסט אוועקגעזעצט, אויך מיט א שטויס אין אקסעל. ער האט איהם געוויזען וואס אין טעפעל טוט זיך, ווידער אמאל א ליכטיגער הימעל, דאס הייסט קארטאפעל מיט חזיר־שמאלץ.

— ביזט הונגעריג, עס!

דער אלטער האט פון פאליצע אראפגענומען א ריפטעל שווארץ ברויט און א בלעכענעם לעפעל און עס דערלאנגט דעם אינגעל. יענער האט זיך אביסעל געשעהמט.

— זאל איך דיר נאך צום טיש גרייטען, זיידענע טישטוכער דיר אונטערשפרייטען? — אנדערש ווילסטו ניט?

און ער האט איהם די שיסעל אויף די קני געשטעלט.

ביים ווי עס שטעהט און געהט.

דאס קינד האט זיך גענומען עסען, ער האט געפרעסען, געשלונ־גען, ניט געגעסען, ער האט געמאלען דאס ברויט מיט אזא לעבעדיגען קנאק אז עס האט געהילכט איבערן גאנצען בויד.

דער אַלטער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען.

ניט אַזוי האַסטיג דו פּרעסער דו, סאַר אַ מיין עסען. אָט די קאַנאַ־ליעס אַז זיי זענען הונגעריג פרעסען זיי אַזוי אַז די גאַל קערט זיך. מ׳דאַרף זעהן ווי אַ לאָרד עסט. איך האָב זיך שוין אין מיין לעבען אָנגעזעהן ווי דיוקען (קניאַזען) עסען, זיי עסען גאָר ניט, אָט דאָס הייסט איידעלקייט, אַ טרונק כאַפּען זיי יע, מלא אַרבייט שטאָפּ דעם טרפ׳נעם האַלז דיינעם, פּיטער זיך.

אַ הונגעריגער בויך האָט ניט קיין אויערען, דאָס קינד איז גע־זעסען אונטער אַ מבול פון זידלעריי און געטאָן זיינס — געגעסען. אַגב איז דאָס ניט אַזוי שרעקליך געווען, דאָס מויל האָט אויסגערעדט אַל־דאָס־בייזע און די הענט האָבען גוטעס געטאָן. עס איז איהם ווארים און ער עסט, און אורסוס האָט ווייטער גערעדט.

איך האָב געזעהן דעם קעניג יאַהאַן אַליין, מיט זיין אייגענעם כבוד אין באַנקעט הויז, וואו מען באַוואונדערט די באַריהמטע בילדער פון רוקענס, זיין מאַיעסטעט האָט זיך צו קיין געריכט ניט צוגעריהרט. און דער נפש דאָ רייבט דאָס אביסעל, דער רוח האָט מיר געטראָגען אַהער אין ווייטמוט, אַ סדום פון אַ שטאָדט פון אין דער פריה אַז גאָר ניט פאַרדינט, רייך צום ווינט, שפּיל פליט צום שטורעם, און קריגען ניט אַ פּרוטה! און אין אָבענט נאָ דיר שנאָרערס, געסט אויף מיין קאָפּ, אַ פאַרשאָלטענער ווינקעל, אַ ראַנגלעניש און אַ וועטעניש צווישען מיר מיט׳ן בהמה׳שען עולם, איך הייליג זיך און גיב זיי ספּעציעלעס און זיי מאַכען זיך תמעוואַטע און זוכען אויס פון מיינטוועגען האַרטע פייאומס, און היינט — גאָר ניט, קיין איינציגער שוטה אויפ׳ן פלאַץ, קיין צובראָכענע פּעני אין קאַסע. עס, שוואַרץ יאָהר מיט הערנער, בראַמסקע און קנאַק מיט׳ן כשר׳ן מיילכעלע דיינעם. מיר לעבען איז אַזאַ צייט ווען דער ציניזם און טעלער לעקער האָט זיין גלייכען ניט. ווער פּעט אויף מיין חשבון דו פּאַראַזיט איינער! איך זאָל בעסער הונגערען אַבי דער דאַ זאָל זיך לאָזען וואויל געהן, ס׳איז גאַרניט קיין מענשליכער אַפּעטיט, אַ גלגול איז עס, אַן אַקס מיט הערנער וואָלט ער איינגעשלונגען, וועלכע בייזע רוחות האָבען אַהער געבראַכט. ווער ווייסט אפשר האָט ער גאָר די שוואַרצע מגפה. האַסטו די פּעסט גזלן איינער? צו האָט זיך שוין האַמאַ אַמאָל ניט אַנגענומען פון איהם? בעסער פּגר צו נעם איין אַ מיתה משונה אויפ׳ן אָרט, איידער מיין

וואלף זאל עפעס שאדען. אהא, איך ערקלער אז איך בין אויך טויט הונגעריג. איך ערקלער אז איך האב היינט אריינגעארבייט ביז שפעט אין דער נאכט. פאראן מאמענטען אין לעבען ווען מען האט קיין צייט ניט מען מוז זיך צוויילען, הייגטיגען אבענט האב איך אזא מוז געהאט. איך בין איינער אליין, איך מאך פייער, איך האב מעהר ניט ווי א פאר קארטאפעל, א רופטעל ברויט, א קאפ שמאלץ און א טראפען מילך. שטעל איך דאס ווארימען און טראכט: גוט, איך שטעל מיר פאר, אט וועל איך זיך דאס אביסעל אנפאשען. פלוצלונג — בוץ, דארף אזא מיין קראקאדיל אריינפאלען אין סאמע מיטען. ער זעצט זיך אויס ברייט, ווי ביין טאטען אין ווייגהויז, אקוראט צווישען מיר און מיין נאהרונג, און אונזער האב איז פארקערט געווארען צו פרעמדע, אונ־זערע פעלדער צו זייטיגע". פרעס דו הערסט? פרעס דו פיפערנאטער איינער, פיעל צייטען ציין האסטו אין דעם טרפה'נעם פיסק דיינעם? פארצוק דעם ארעמאנס שעפעלע דו ווילדער לעמפערטאק, בערילא, וואלפוץ! ניין, איך נעהם מיין ווארט צוריק, דרך־ארץ פאר וועלף. שלינג מיין שפייז, איך האב היינט געארבייט, דער מאגען ליידיג, די געדערים פארשרומפען, די אונגעוויד ברומט אזוי ביז שפעט אין דער נאכט אריין. איצט האסטו דיר דיין שכר אויף דער וועלט, שלינג די שפייעכץ און קוק אן ווי יענער פרעסט דיר די קאפ. מילא איין שווארץ יאהר מיר וועלען זיך מוזען טיילען, דיר קארטאפעל מיט'ן ברויט און שמאלץ און מיר די מילך.

אין דעם מאמענט האט זיך געלאזט הערען א דין קול'כעל, נע־בעכדיג־וויינענדיג און לאנג אויסגעצויגען. דער אלטער האט אויסגע־שטעלט מויל און אויערען.

איצט הייסטו שוין כלב איינער, וואס שרייסטו דארט.

דאס אינגעל האט צו איהם די קאפ אויסגעדרעהט. עס איז געווען קלאר אז ער האט ניט געשריען. דאס גאנצע מויל איז געווען ביי איהם אנגעשטאפט.

עס האט ניט אויפגעהערט צו שרייען.

דער אלטער איז צו צום קופערט.

— קוויטשעט עס גאר דער קלומעק? ! נא דיר א ניי פעקעל אויף מיין קאפ, א פעקעל מיט א קול! וואס שרייט זר נאך אויף מיר? וואס האט ער נאך צו מיין קאפ, דער טייערער באגאזש דיינער?

ער האָט אָנגעהויבען פונאַנדערוויקלען, א קינדערש קעפּעל האָט זיך באוויזען, דאָס מיילכעל אָפען און עס שרייט.

— וואָס איז דאָס פאר אן אָנשיקעניש? נאָך איינס? א מעשה אהן אן עק! ווער — דא? געוואלד ראטעוועט. צו געווער, וואַך־גוואר־דיע אדער דונער און בליץ, וואָס האָסטו מיר דא געבראכט גזלן איינער. זעהסט דאָך אז דאָס איז דאָרשטיג דארף מען דאָך דאָס געבען א טרונק דאָס קליינע א, איצט וועל איך שוין קיין מילך אויך ניט האָבען.

ער האָט אראָפּגענומען פון זיין אַפּטייקעל א צונויפגעוויקעלט רולעטקע לייווענט, מארלע צו באנדאזשירען, א שוואם און א פלעשעלע און דערביי אויף זיין שטייגער אונטער געמורמעלט:

— א פארשאָלטען ווינקעל.

ער האָט באטראכט די קליינע.

— א מיידעלע מען דערקענט דאָס באלד אן קוויטש, אויך פּיטש־נאָס. ער האָט גענומען אראָפּרייסען איהרע שמאַטעס, אויך האָסטיג ווי ער האָט פריהער מיט׳ן אינגעל געטאָן. ער האָט זי איינגעוויקעלט אין א שטיק לייווענט, גראָב אבער ריין און טרוקען, פון דעם האָסטיגען איבערטאָן זיך האָט זי זיך נאָך שטאַרקער צוואויינט.

— אוי, ווי דאָס מיאַקעט ניט אריבער צו טראָגען.

ער האָט מיט די ציין אָפּגעשניטען א לענגליכען קנויט שוואם אָפּ־געריסען פון רולעטקע א פירעקיג שטיקעל לייווענט, ארויסגעצויגען א פאַסמע פאָדים גענומען פון אויוועלע דאָס טעפּעל מילך אריינגעגאָסען אין פלעשעל, אריינגעטאָן דעם שוואם אין פלעשעל ביז האלב פארווי־קעלט מיט לייווענט פארשטאָפּט דאָס פלעשעל ווי מיט א קאָרק ארומ־געבונדען מיט׳ן פאָדים מעשה אַפּטייקער, צוגעלייגט די פלעשעל צום באַק, צו זעהן צו עס איז ניט צו הייס און מיט דער לינקער האַנט צו־נעהאלטען די קליינע וועלכע האָט ניט אויפגעהערט וויינען.

— איצט באַשעפעניש, עס, נעהם די פּיפּקע.

און ער האָט איהר דעם שפּיץ פלעשעל אין מיילכעל אריינגעזעצט. און די קליינע האָט געזופּט מיט גרוים חשק.

ער האָט די פלעשעל צוגעהאלטען אנגעבויגען ווי געהעריג און דערביי אונטערגעברומט.

— אלע שיפלע ברואים האָבען איין טבע, פארשטאָפּט מען זיי די העלזער — שטומט עס.

די קליינע האָט אזוי האסטיג געשלונגען אז זי האָט זיך אזש צו־הוסט.

— וועסט זיך נאָך דערוואָרגען, אזא בייז האַלז!

ער האָט ארויסגעצויגען דעם עק שוואם פון איהר מיילכעל, גע־ווארט ביז זי האָט זיך אויסגעהוסט און איהר ווידער דאָס פלעשעל אין מויל געגעבען.

— זויג, דו לויפערקע.

דערווייל האָט דער אינגעל זיין לעפעל אוועקגעלייגט, געזעהן ווי די קליינע טרינקט האָט ער שוין אָהן עסען פארגעסען. מיט א מינוט פריער האָט דער גאנצער אנבליק זיינער אויסגעדריקט לויטער צופרי־דערהייט איצט דאנקבארקייט, ער האָט אַנגעקוואָלען קוקענדיג ווי די קליינע לעבט אב, ער האָט איהר געגעבען די ערשטע הילף, איצט איז די הילף פאר פול ,און דער דאזיגער געפיהל האָט זיך לעבעדיג אין זיינע אויגען אָפּגעשפּיעלט. אורסוס איז געשטאַנען און געטאָן דאָס זייניגע, אָהן ציין געקייט ווערטער און ארויסגעשפּיגען אין אומגעלומ־פּערטע זלזולים.

פון צייט־צו־צייט האָט דאָס אינגעל אנגעקוקט אורסוסען מיט א שטומען בליק פון זיינע פייכטע אויגען, וואָס האָבען אָהן ווערטער גערעדט, אויסגעדריקט דאָס וואָס ער האָט געפיהלט אליין ניט וויסענ־דיג ווי עס אויסצוטייטשען. געזאָסען א משונה'דיגען כבוד, געקראַגען געזידעלט און געקעכעלט, באַליידיגט און באַגנאַדיגט מיט אַמאָל.

אורסוס האָט איהם גראָב איבערגעשלאָגען:

— עס דו גאָרניט איינער, עס.

— און איהר, ענטפערט דאָס אינגעל מיט א ציטערדיג קול, און א פינקעלדיגען טרעהר אין די אויגען. — איהר גאָרניט?

— אינגאנצען זאָלסטו דאָס אויפעסען, ווילדע בריאה דו ביז'ן לעצטען לעק, פאר דיר איז עס ניט צופיעל, ווייל פאר מיר איז עס אויך געוועזן ווייניג.

דאָס קינד האָט ווידער גענומען די לעפעל אבער ניט געגעסען.

— עס! — ליארעמט אורסוס — געהט עס דען אום מיינעט־וועגען. ווער האָט מילדער גערעדט פון מיר? אָפּגעריסענער, באָרוועּ־סער זינגערעל פון דער דאַלפּאַנישער פאמיליע, אינגאנצען זאָלסטו דאָס אויפעסען, גאָז איך דיר. וואָס האָסטו דא אנדערש וואָס צו טאָן

אז ניט עסען, טרינקען און שלאָפען? אניט שליידער איך דיר באלד ארויס פון טיר אויף דריי שפּענדלעך. דיר מיט דיין חוצפּה אינ־איינעם.

נאָך אזא התראה האָט זיך שוין דאָס אינגעל גענומען צום עסען. קיין סך הארעוועז האָט ער ניט געדאַרפט ביז ער וועט ליידיג מאַכען די שיסעל.

אורסוס האָט געמורמעלט.

— ניט גאָר קיין געהויבענע אכסניא די פּאַלאַצען מיינע, שוין גאָר א חורבה, ניט קיין בנין, דער ווינט שפּאַצירט זיך דורך די שוי־בען, ווי ביי זיך אין דער היים.

איינע א שויב איז ווירקליך געווען צובראָכען, צו פאַרענדיג גע־פּלאַצט, צי א וועלכער שטיפער האָט דאָס מיט א שטיינדעל אויסגע־זעצט. אורסוס האָט דאָס פאַרקלעפּט מיט א בלאַט פּאַפּיר האָט עס זיך אָפּגעקלעפּט. דער ווינט האָט אריינגעבלאָזען.

ער איז געזעסען האלב געלעהנט אויפ׳ן קופערט, די קליינע איז אויסגעקומען ליגענדיג מיט אמאָל אויף זיינע הענט און קני, זי האָט געשמאַק געזויגען פון פלעשעל, ווי עס וואָלט געווען די מוטער׳ס ברוסט.

— אָט אזוי זויפט עס און עס ווערט זאַט. — ברומט דער אלטער און גלייך דערביי:

— היינט גיי זאָג זיי מוסר, האַלט ערעדעס וועגען פּאַסטען און זיך פּלאָגען.

דער ווינט האָט אין גאַנצען אָפּגעריסען די שטיקעל פּאַפּיר פון פענסטער און עס געלאָזען פליהען אדורך אין קאַיוטע. דאָס האָט ביידע קינדער וועניג געקימערט זיי זענען געווען פאַרנומען מיט זייער זאַך: די קליינע האָט געטרונקען, דער קליינער געגעסען, און דער אלטער האָט זיך גע׳דרש׳ענט.

נאָך פון די וויקעלעך הויפּט עס אָן צו שכור׳ן, היינט גיי און ווער א מוסר, זאָג איהר ווי דער ביסקופּ פון טילאַסטאַן, און שיט פעך און שוועבעל אויף די מותרות פון טרונק, פאַרפלוכטער ווינט! אַנגעבלאָזען די געשוואָלענע באַקען זיינע און פייפט, פריש און גע־זונט און משוגע, און דאָס שלים־מזל׳דיגע אייוועלע איז אלט און ניט מיט אלעמען און בלאָזט אויך פון זיך מיט קנוילען רויך, א דערשטיקע־

ניש: נחת פון אלע זייטן, צרות פון פראסט, פורעניות פון פייער! מען זאל דאס כאטש קלאר זעהן, באטראכטען געהעריג איז אט דאס באשעפעניש דא, וואס מיסברויכט מיט מיין הכנסת־אורחים, איך האב נאך אפילו זיין פרצוף פנים ניט רעכט אנגעקוקט.

וויינינגלעך קאמפארט ביי מיר אין דירה, ביי א פיטער! איך בין א שטארקער בעלן אויף א שטיקעל קערמישעל ביי פארשלאסענע טהיר און טויער, כ'האב זיך אבער פון טראפ אראפגעשלאגען, געבארען בין איך גראד אין א מזל פון א שטארקען עולם־הזהניק. דער גרעסטער חכם אויף דער וועלט איז סילאקסען געווען: ער האט זיך געוואונשען האבען א לאנגען האלז פון א שטארך כדי וואס לענגער צו געניסען דעם פארגעניגען ביים טיש. א טאג — אהן א גראשען פדיון, גארניט געלייזט פון פריהמארגען אן, א רציחה, היי עולם. — אהער קומט! קונימלעך, אדונימלעך, באליבאטים, משרתים, האנדעלט מציאות, אט האט איהר א דאקטאר, אט האט איהר רפואות.

— אלטיטשקער, אומזיסט דיין טרחא, פאק איין דיין אפטייקעל אלע זענען דא אין דעם געגענד געזונט, געזעהן אזא פארפלוכטע שטאדט וואו קיינער וויל ניט קריינקען, נאר איין הימעל־קריינק אויף א שווערען קאטער מאוס זיך פארקילט, שווארץ ווי די ערד, קייכט און ליחה'עט מיט שניי! ס'ארא שניי. אנאקסאגאר האט אויסגעדרונגען אז שניי איז שווארץ, גריכישע חכמה, גערעכט בנאמנות, דערפראַרען פארשוואַרצט געווארען, אייז איז — נאכט, ס'ארא איבערקערעניש.

כ'שטעל מיר פאר דאס פארגעניגען פון די וואס פאהרען איצט אויפ'ן ים, א שטורעם ווילדעוועט. דער שטן שפאצירט, שדים מיט שרייטלעך טאנצען, דרייען זיך משוג'דיג איבער אונזערע ביינערנע קעסטעלעך, און די וואלקענס, דער מיט אן עק יענער מיט הערנער, דער מיט א פלאם אנשטאט א צונג, יענער מיט נעגעל אויף די פליגלען, דער מיט א בויך פון א לארד קאנצלער, יענער מיט א פאפ פון א מיניסטער, יעדער ברים מיט זיין באזונדער געשטאלט, א פרישער ווינט — א נייער רוח.

דאס אויער הארכט, דאס אויג קוקט, מען זעהט די קולות, יעדער דונער־שלאק מיט זיין פיגור, צום טייוועל! פאראן מענשען אויפ'ן ים גאר קיין ספק ניט רבותי, מאכט זיך ארויס פון שטורעם איך האב געָנוג צו טאָן מיט זיך, ווי זיך ארויסצומאַכען פון לעבען, אט צום

ביישפיל, האלט איך דען אן אכסניא, ווי קומט צו מיר אורחים? וואו נאר א שלאק פון גאר דער וועלט רייסט ער זיך אפ און קומט צו מיר אין די הויכע פענסטער אריין, א וועלט א קאליוזשע, א דערטרינקעניש. שלים־מזל׳דיגע מענשען שטויסען זיך דארט אין בלאטע און שפריצען אריין צו מיר אין מיין פאלאץ אריין. לויפערס, שלעפערס פרעסען מיר אפ דעם קאפ. איך בין זייער זאק רויב, זייער פארצוקונג. די פאר־צוקונג פון אזעלכע וואס שטארבען פון הונגער ווינטער נאכט, א שטי־בעלע פון פאפ. אן אומגליקליכער פריינט דארטען אונטען, אין דרויסען — א שטורעם ווינט, פארטאפעל, א פינגערהוט, א ווינט וואס בלאזט פון אלע שפארינעס, קיין צובראכענע גראשען. און קלומקעס וואס בלויז פון העלער הויט. עפענט מען עס געפינט מען אין זיי נקבות, א מזל אביסעל!

דערצו דארף מען נאך וויסען אז זיי האבען דעם גנזעץ אריבער געטראטען, דעם דין געבראכען. היי דו שלעפער מיט דער שלעפערן דיינער, בייטעל שניידער ווארט נאר ממזורוק איינער, געזעהן אביסעל ארומגעשלעפט זיך דורך די גאסען אין האלבע נאכט, ווען אונזער גוטער קעניג זאל דאס וויסען, ער וואלט דיר שוין אריינגעפאקט אין תפיסה נייען היילען אונטער דער ערד און דיר אויסגעלערענט שכל.

געזעהען אביסעל? א בחור שלעפט זיך ארום מיט א מויד, באר־וועס, ביי פופצעהן גראד פראסט! ווייס־זשע אז אזעלכעס טאר מען ניט טאן נאכ׳ן גנזעץ נאך א בפירושער דין, פאראן דערויף פארא־דענונגען און פארבאטען, שלעפער ווערען באשטראפט, בכבודע מענ־שען וואס האבען אייגענע הייזער ווערען באהיט און באשיצט. יעדער קעניג איז א פאטער איבער זיין פאלק, איך בין אן איינגעפונדעווע־טער בעל־הבית, און דיר וואלט מען געשמיסען אין מיטען מארק, ווען מען טרעפט דיך זיך ארומשלעפען אזוי שלינג און שלאנג, און עס וואלט דיר טאקע צוניץ געקומען אויך! ארדנונג דארף זיין אין א לייטישער מדינה, איך האב אן עולה געטאן געדארפט דיך פאר׳מסר׳ן צו קאנסטאבעל, מיטהעלפען איינפיהרען ארדנונג אין דעם געגענד, נאר אזא נאטור האב איך שוין איך פארשטעה וואס גוט איז און טו דאס בייז.

אי איז דאס א געמיינער יונג. געזעהן עטוואס אזוינס, אנגע־שלעפט אהער אזא בלאטע, איך האב זיך גארניט אומגעקוקט ס׳אר א

שנײ זײ האָבן דאָ פאַרשלעפּט איצט איז עס צוגאַנגען און די גאַנצע שטוב איז פּיטש נאַס, אַ מבול, אַ פאַרפלײצונג! אַ טאָן קוילען דאַרף מען אויסהייצן ביז מען טריקענט אויס אַזאַ בלאָטע, און נאָך בײ אַזאַ יקרות, צוועלף פּיאַס אַ מעסטל, וואָס טוט מען זיך אהין זאלבע דריט אין אַזאַ ביידל?

פּאַרפּאַלען — איצט וועל איך ווערן אויף דער עלטער אַ באָבע. אַז אַם און וועל זיך נעמען צו דער ערציהונג פון אַ יונגען דור פון שלעפּער אין ענגלאַנד, אַ נייעם אַמט באַקומען, די גראַנד, קוואַקטוכע מרם. דלות האָט אַננעלייגט אַ שאָק מיט אייער און איך דאַרף פון זײ אויסזיצען עופהלעך, מאַכען פון זײ קאַנדידאַטען אויף תליות, און לערנען זײ חכמת אַ פּילאָזאָפיע.

וואָס באַשערט, קען מען ניט אויסמיידען, איך האָב שוין פון לאַנג געדאַרפט זײן אַ פּראָפעסאָר, ווען ניט אַזעלכע שלעק פאַר די לעצטע דרייסיג יאָהר וואָלט איך שוין געהאַלטען גאָר גוט. איך וואָלט געווען רייך האַמאַ וואָלט געוואָרען פעט. איך וואָלט געהאַט אַ קאַבינעט פון אַ דאָקטאָר מיט אַלע זעלטענהייטען כירורגישע אינסטרומענטען, מומיעס פון עגיפּטען, חיות פון פאַרשידענע מינים. איך וואָלט רוהיג פאַרענדיגט מיינע אַסטראָנאָמישע רעכענונגען אויסגערעכענט אַלע לקוי־חמות און לקוי־לבנות און אויסגעדרונגען אַז שטערן שווייצען אויך, און לאָזען פון זיך אַרוים דאַמפּף און רויך, די זון איז אויך אַזאַ סאָרט קוימען וואָס רויכערט אונטער אַביסעלע, מיין אויוועלע אויך, זי איז ניט מעהר ווערט ווי די זון, יאָ איך וואָלט געמאַכט מיין פאַרמעגען און וואָלט גאָר אַן אַנדער פאַרשוין געוואָרען. ניט וואַכעדיג געוואָרען, ניט אַריין אין שוסטער גאַס. פאַרשפּאָרט פאַרמיאוסען די וויסענשאַפט אויף׳ן מיטען מאַרק, אַן אמת׳ער פאַרברעכען צו פאַרקויפען אַלע שבה חכמות אויף׳ן גראַשען, און ווען אַן עולם שוטים וואָס זענען די רייד ניט ווערט. מענשען אַ כאַליאַסטרע נאַרישע משוגעים איינער ווילדער פון דעם אַנדערען, אויסגעמישט מיט כאַפּטע פון אַלערליי מינים יאָהרען, אויסזעהן און גענג, און דאָס הייסט „עולם“.

אוי ווי עס האָט זיך מיר דערעסען צו האָבען צו טאָן מיט זײ, ניט מעהר — גאַרניט נאָך אַלעמען לעבט מען ניט לאַנג, עס לויפט שנעל דאָס וויסטע לעבען, וואָס רייד איך — נאָך צו לאַנג.

נאָר צייטענווייז מאַכט זי, די נאַטור הייסט דאָס, אַן אַנשטעל

כדי מיר זאָלען ניט פאַראומערט ווערען, כדי מיר זאָלען זיין אַזעלכע ווײסטע נאַרען און ווייטער בלייבען לעבען, ניט אויסנוצען די אויס־געצייכענטע געלעגענהייט, אויפצוהענגען זיך אויפ'ן ערשטען בעסטען טשוואַק, מאַכט זי זיך די נאַטור ווי זי וואָלט פאַר אונז כלומרשט גע־זאָרגט, אמת ניט היינטיגע נאַכט. זי לאָזט וואַקסען, תבואה און שאר ירקות, און מאַכט צייטיג וויינטרייבען, לאָזט פויגלעד זינגען. פון צייט צו צייט א שטראַהל פון ליכטיגען מאָרגען־שטערן אדער א טרונק בראַנפען און דאָס הייסט „גליק". א ים מיט צרות באַברעמט ביים ברעג מיט אביסעלע „פרייד". א מזל האָבען מיר וואָס דער טייוועל האָט דעם שטאָף געוועבט און גאָט האָט עס מיט א קווייטעלע באַפּוצט. בינו לבינו האָסטו גנב איינער מיין גאַנצען מאָלצייט אויפגעפרעסען!

ריידענדיג אזוי ביין האָט עס די קליינע די גאַנצע צייט געהאַל־טען אויף די הענט לייכט, פאַמעלעך, ציטערנדיג. די קליינע האָט די אויגלעך ווידער צוגעמאַכט, א סימן אז זי איז שוין אנגעזעטיגט. דער אַלטער האָט באַטראַכט דאָס פלעשעלע און אונטערגעברומט.

— אויסגעזופּט, די נאַשערין ביז'ן לעצטען טראָפען.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַלץ האַלטענדיג די קליינע אויף דער לינקער האַנט און מיט דער רעכטער אויפגעהויבען דעם דעקעל פון קופערט און פון דאָרטען אַרויסגענומען די בערישע פעל, וואָס האָט ביי איהם געהייסען די „עכטע פעל".

ער האָט געאַרבייט מיט אַלע כלים, מיט דער לינקער האַנט דאָס קינד צוגעוויגט, און מיט דער רעכטער זיך ביים קופערט געפּאָרעט. מיט די אויערען זיך צוגעהערט ווי יענער דאָרט קייט און כראַמשקעט געשמאַק. מיט די אויגען האָט ער הינטערוויילעכס געקוקט אויף איהם קרום, און זיין מויל האָט אהן אויפהער געמאָלען.

א רעכטע מערכה, דערנערען א זולל־וסבא וואָס האַלט נאָך אין וואַקסען, דאָס הייסט טראָגען א בייזען וואָרים אין בויך.

ער האָט אויסגעבעט די פעל אויפ'ן קופערט אַלץ אַרבייטענדיג מיט איין האַנט אונטערגעהאַלפען מיט די עלענבויגענס, זיך געהיט ניט צו שטערען דער קליינערם שלאָף. אויסגעבעט און איהר געלייגט נע־הענטער צום אויוועלע.

אַפּגעטאָן, אוועקגעשטעלט די פלעשעלע אויפ'ן אויוועלע און אויסגערופען:

— איצט וויל איך א טרונק.

באטראכט דעם טעפּעל, געבליבען דארט נאך א פּאר זופּ מילך. ער האט עס צו די ליפּען צוגעטראגען, און שוין געהאלטען ביים אויס־טרינקען, אין דעם מאמענט איז זיין בליק געפאלען אויף דער קליינער. ער האט דעם טעפּעל צוריק אוועקגעשטעלט, גענומען די פלעשעל געעפענט אריינגעגאסען דאס לעצטע ביסעל מילך, פארשטעקט דעם קנויט שוואם, פארוויקעלט די העלזעל מיט'ן לייווענט און אונטערגע־ברומט.

— ס'דארשט פונדעסטוועגען, ס'הונגערט אויך.

און באלד אפּגעזאגט זיך צום גראם.

— ווער עס האט ניט קיין ברויט, טרינקט וואסער פאר נויט.

ניט ווייט פון אויוועלע איז געשטאנען א קרוג מיט אן אפּגע־בראכענעם נעזעל, נעהמט עס און דערלאנגט דעם אינגעל.

— ווילסט א טרונק?

יענער האט אפּגעטרונקען און ווידער זיך גענומען צום עסען.

דערנאך האט אורסום גענומען טרינקען, דאס וואסער האט זיך פון אויוועלע אביסעל דערווארימט, ער האט געטאן א פּאר שלונג, האט ער זיך אפּגעשטעלט און זיך פארקרימט.

— וואסערעל, וואסערעל, לויטער הייסטו, ביזט אבער געגליכען צו פאלשע גוטע פריינד, אויבען ווארעם אונטען קאלט.

דערווייל איז דער אינגעל פארטיג געווארען מיט'ן עסען, דאס שיסעל איז געווען מעהר ווי ליידיג, זי איז געווען ריין, ציכטיג אויס־געשייערט. ער האט נאך צוזאמענגעקליבען די ברעקלעך ברויט, וואס איז געווען אויף זיינע קני.

אורסום האט זיך צו איהם געווענדעט.

— מיין ניט אז דו ביזט שוין פּטור, איצט לאמיר זיך אביסעל דורכשמועסען אויף פּיער אויגען. א מויל איז באשאפען געווארען ניט נאר צום פרעסען נאר אויך צו ריידען, האסט זיך שוין דערווארימט אנגעפרעסען, ווילדע חיה דו, איצט גיב אכטונג, כ'נעם דיר פארהערען. דו ענטפער וואס איך וועל דיר פרעגען:

— פון וואנען קומסטו?

— כ'ווייס ניט.

— סטייטש דו ווייסט ניט?

— מען האָט מיר היינט אוועקגעוואָרפען ביים ברעג ים.

— אזוי, זאָג נאָר שעלמע, ווי הייסטו? ביזט קענטיג גאָר א פיינער קינד, אז טאַטע און מאַמע האָבען דיר ארויסגעשמיצט.

— כ׳האָב ניט קיין עלטערען.

— פארדרעה מיר ניט די ציין, איך האָב פיינט אזעלכע בבא מעשיות, האָט ניט קיין עלטערען, און דאָס קליין שוועסטערל דיינס איז פון הימעל אראָפּגעפאַלען?

— זי איז מיר ניט קיין שוועסטער.

— אזוי, ניט קיין שוועסטער?

— ניין.

— וואָס דען איז זי דיר?

— א פרעמדע.

— טו ווי קומט צו איהר? נאָדיר א נייעם בעל מפרנס אויף פרעמדע קינדער.

— געפונען.

געפונען?

יא.

— וואו, וואו וואלגערען זיך דאָס אזעלכע כשר׳ע מציאות?

— כ׳האָב זי געפונען אויף א טויטער פרוי אין שניי.

— ווען?

— מיט א שעה צוריק.

— ווי ווייט פון דאַנען?

אורסוס האָט דעם שטערען פארקנייטשט אז זיינע שאַרפע גע־וועלבטע ברעמען האָבען אויסגעדריקט אונרוהיגקייט פון א פילאָזאָף.

— א טויטע! וואויל איז איהר, גוט איז איהר, מען דאַרף זי לאָזען אין שניי. אָט א גליקליכע — אין וועלכען זייט.

— צום ים צו.

— ביזט אריבער די בריק?

— יא.

אורסוס האָט געעפענט דעם לופטשיף פון דער הינטער טהיר און באטראַכט דעם דרויסען. דער וועטער האָט זיך ניט פארבעסערט. דער שניי איז געפאַלען געדיכט און האַסטיג, ער האָט צוריק פארמאַכט דעם לופטשיק.

ער איז צו צום אויסגעבראכענעם שטיקל שייבל, פארשטעקט די לאַד מיט א שטיקל שמאַטע, אונטערגעוואָרפּען שאַרף אין אוי־וועלע, די בערן פעל אויסגעשפּרייט וואס ברייטער אויפ׳ן קופערט, גענומען פון ווינקל א בוד א גראַב און אונטערגעלייגט דעם אינגעל ציקאַפּענס אנשטאט א קישען. דערנאָך זיך געווענדעט צום אינגעל.

— לענג זיך דאַ שלאָפען.

דאָס קינד האָט געפאָלגט און זיך אויסגעצויגען ווי לאַנג ער איז געווען.

אורסוס האָט זיי איינגעדעקט און פארשטעקט די ברעגען פעל ארום זייערע פיס.

דערנאָך האָט ער פון פּאָליצע אראָפּגענומען און אנגעגורט א לייוועגטענעם גארטעל, מיט גרויסע קעשענעס פול געפאקט מיט כירור־גישע אינסטרומענטען און אלערליי רפואות.

דערנאָך האָט ער אראָפּגענומען דעם לאמטערן און אנגעצונדען. דאָס איז געווען א בלינדע לאמטערן, זיין שיין איז אויף די קינדער ניט געפאלען.

אורסוס האָט די טהיר האלב צועפענט און געזאָגט.

— איך געה אוועק האָט קיין מורא, איך קום באלד צוריק.

אראָפּגעלאָזען דעם איינג בריקעל און אויסגערופען:

— האמא!

א שטילער ברום האָט זיך אָפּגערופען.

אורסוס איז אראָפּ דער איינג בריקעל ארויף, די טהיר פארמאכט. די קינדער געבליבען אליין.

פון דרויסען האָט זיך ווידער א קול דערהערט, דאָס האָט אורסוס געפרעגט.

— בחור וואָס פרעסט אויף פרעמדע וועטשערעס, זאָג נאָר דו שלאָפסט שוין?

— ניין.

— גוט, אז זי וועט אנהויבען קוויטשען גיב איהר דאָס לעצטע ביסעל מילך.

מען האָט געהערט ווי א קייט קלאַפּט ביים אבשליסען, און צוויי־ערליי טריט פון דריי פּאָר פיס דערוויייטערן זיך.

א פּאָר אויגענבליק שפּעטער — און ביידע קינדער שלאָפען שוין טיעף.

זיסער קינדערשער שלאָף. זייער אָטעם האָבען זיי צונויפגעגאָסען. די כשרה נשמות — צוזאַמענגעשמאָלצען, מעהר ווי צניעות — אונ־שולד, א חופה נאַכט ערב געשלעכט, אַלע חלומות, וואָס זענען נאָר מעגליך אין דער עלטער, האָבען דאָ צווישען זיי געשוועבט, אונטער זייערע געשלאָסענע אויגען האָבען זייערע שוואַרצאַפּלען געווים, ווי שטערען געפינקעלט. קיין אונענדליכקייט קאָן זיך ניט פאַרגלייכען מיט אַזאַ גרויסקייט פון קליינע קינדער, פון אַלע אָפּגרונטען איז דאָס דאָס טיפסטע. קיין זאַך האָט ניט אַזאַ רחבות ווי ווען צוויי קינדערשע מייד־לעכלעך באַריהרען זיך געטליך אין שלאָף און דאָס באַגעגעניש איז אפילו קיין קוש ניט. וואָס באַטייט דאָס אפשר א חתונה, אפשר א קאַטאַסטראָפע? דער גורל ליעגט נאָך פאַרבאָרגען אונטער זיבען זיגלען. דאָס איז מלא חן. ווער ווייס אפשר, אפשר איז עס שרעקליך? מען פיהלט נאָר ווי עס פאַרקלעמט דאָס האַרץ. אונשולד איז העכער פון טוגענד. אונשולד איז געשאַפען געוואָרען פון היילינגער פינסטערניש. זיי זענען געשלאָפען רוהיג אין דער וואַרים, ווי די פויגעלעך אין פריד־ליכען נעסט.

---

## 29טער קאַפּיטעל.

עס האָט זיך נאָר וואָס פאַרווייסט אויף טאָג. א ברויגעזליכער באַגינען, פאַרצויגען מיט א לייכטען מאָרגען נעבעל, די בלייכע שיין האָט דעם זיסען קינדערשען שלאָף ניט געשטערט. אין קאַיוטע איז געווען וואַרים, מען האָט געהערט זייערע אָטעמען, אַמאָל אום אַמאָל, ווי צוויי שטילע אינדען אויפ'ן וואַסער. דרויסען האָט שוין ניט גע־שטורעמט, דאָס ווייסע ליכט האָט וואָס ווייטער אַלץ מעהר זיך צו־גאָסען איבערן האָריזאָנט. די שטערען אין הימעל האָבען זיך אויס־געלאָשען, ווי ליכטלעך וואָס געהען אויס איינע נאָכ'ן אנדערען. נאָך עטליכע גרעסערע שטערען האָבען נאָך געצאַנקט. דאָס טיעפע געזאַנג פון איין סוף האָט זיך געלאָזט הערען פון ים.

דאס אויוועלע האָט זיך נאָך אין גאַנצען ניט אויסגעלאָשען, דער פּאַרטאַג איז ביסלעכווייז געוואָרען גרויסער טאָג. דאָס אינגעל איז ווייניגער געשלאָפען ווי דאָס מיידעלע, ער האָט אין זיך עטוואָס פון א וואַרטערן, און פון א שמר צו גלייך: האַלב מאַמע, האַלב וועכטער. א ליכטיגער שטראַהל פון פענסטערל האָט איהם אויפגעוועקט, ער האָט די אויגען געעפענט. קינדער נאָכ'ן שלאָף בלייבען א ווײלע אין וואַכעדיגען האַלב דרעמעל, ער איז אַזוי געבליבען ליגען ניט צו וויסען וואו ער געפינט זיך, ניט צו מערקען וואָס עס ליעגט ביי זיין זייט, ניט צו מאַכען איין אַנשטרענגונג אויף אַרויסשלאָגען זיך פון שלאָף. ער איז געלעגען און געקוקט פאַרגאַפט אויף די גרויסע אותיות פון אויפשריפט, „אורסוס פילוסאָף", ניט צו וויסען וואָס דאָס באַטייט, ווייל ער האָט ניט געקענט לייענען.

דערהערט אז א שליסעל גרילצט אין שלאָס פון טהיר האָט ער אהין דעם קאָפּ געווענדעט.

די טהיר האָט זיך אויפגעעפענט, דאָס איינג בריקעל אַראָפּגעלאָזען, אורסוס איז געקומען, ער האָט אַראָפּגעלאָזען דעם בריקעל. אַרויף די טריי טרעפּלעך, מיט דער פאַרלאָשענער לאַמטערן אין האַנט. באַלד האָט מען געהערט נאָך פיס פון פיעל געוויכטיגע טריט, ווי זיי טראַמפּלען אויף די שטאַפּעל. דאָס איז געווען האָמא, ער איז נאָכגעגאַנגען דעם בעל־הבית זיינעם, אויך געקומען צו זיך אהיים.

דער אינגעל איז אויפגעשפּרונגען.

דער וואָלף האָט קענטיג געהאַט אַפּעטיט, ער האָט געעפענט א מויל מיט גרויסע קלאָר־ווייסע ציין.

ער איז געבליבען ביים אריינגאַנג. ביידע פאָדערשטע פיס איז בויך אריין, די עלענבויגען אַנגעלעהנט אויפ'ן שוועל, ווי א דרשן צולייגט זיך אויפ'ן שטענדער. ער האָט פון ווייטען דעם קופערט דערשמעקט אז דאָרטען ליעגט עפּעס א נייע און גוטע זאַך, זיין וואָלפישער ביוסט, איינגעפּאַסט אין טהיר האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכענט מיט די שוואַרצע האָר זיינע, אין דער ליכטיגער קלאָרקייט פון פריהמאָרגען. ער האָט זיך אביסעל מישב געווען און איז אריין אין גאַנצען.

דערזעהן דעם וואָלף אין סאַמע בויך איז דאָס אינגעל אַרויסגעקראָכען פון בערן פעל און זיך אוועקגעשטעלט פאַר'ן קופערט, אויף

דער וואָך צו באַשיצען די קליינע וואָס איז געשלאָפען נאָך געשמאַקער ווי פריהער.

אורסוס האָט נאָר וואָס געהאַט אויפגעהאַנגען זיין לאַמטערן אויף דער סטעליע און גענומען זיך פונאַנדערגאַרטלען, פאַמעלעך און מאַשינעל, ווי גאָר ניט געזעהן, ניט בעמערקט וואָס דאָ טוט זיך, די אויגען פאַרגלייזט, דער שפּיגל פאַרקנייטשט. מען האָט קלאָר געקענט זעהן אַז עפּעס אַ טיעפער געדאַנק פּיקעט איהם דאָרט אין מח. ענדליך האָט ער זיך אויסגעפּיקעט און ווי דער שטייגער איז אויסגעפּלאַצט אין אַ שטראָם ווערטער.

— אונבאַדינגט גליקליך איז די! טויט ממש טויט, טאַקע וואָס טויט הייסט.

ער האָט זיך איינגעבויגען אַריינגעוואָרפען אַ שאַפּעל טאָרף אין אויוועלע צושאַרט דעם פייער און ווייטער געברומט.

קוים מיט צרות זי אויפגעזוכט, זי איז באַגראָבען געוואָרען אין שניי צוויי פוס די הויך, ווען ניט האָמאָ וואָלט איך קיינמאָל ניט אַרויסגעקראָכען. ער זעהט מיט זיין נאָז בעסער ווי קאָלאָמבוס מיט זיין גייסט ,אָהן מיין וואָלף, וואָלט איך נאָך איצט זיך אַרומגעשלעפּט אין שניי און מיט דעם טויטען קערפּער אין באַהאַלטעניש געשפּיעלט.

דיאָגענעס איז אַרומגעגאַנגען מיט זיין לאַמטערן זוכען אַ מאַן, איך מיט מיין לאַמטערן זוכען אַ פרוי. ער האָט געפונען דאָס וויציגע שטאָכוואָרט, און איך — דעם מת אויפ׳ן גוטען אָרט. אי איז זי געווען קאַלט, איך האָב זיך צוגעריהרט צו דער האַנט — אַ שטיין! ס׳אַראַ שטילקייט אין די אויגען, ווי איז מען דאָס אַזאַ בהמה שטאַרבען און נאָך זיך לאָזען אַזאַ פּיצעל קינד? הייט געה און טו זיך אַהין זאַלבעדריט אין אַזאַ קאַסטען, ס׳איז גאָר קיין שפּאַס ניט, מיט אַמאָל קינדער געקראָגען, אַ גאַנצע פאַמיליע, אַ אינגעל מיט אַ מיידעלע.

ווי אורסוס רעדט דאָ אַזוי האָט האָמאָ זיך צוגערוקט נעהענטער צום אויוועלע, דאָס שלאָפענדיגע מיידעלע האָט געהאַט אַ הענטעל אַראָפּגעלאָזען צווישען אויווען און קופערט. האָמאָ האָט עס אָנגעהויבען צו לעקען אַזוי ווייך אַז דאָס קינד האָט זיך ניט אויפגעכאַפּט.

אורסוס האָט זיך אַרומגעקוקט.

— רעכט האמא, איך וועל זיין דער טאטע און דו דער פעטער.

ער האט זיך ווידער גענומען פילאזאפירען, — ער האט געפארעט זיך ארום אויוועז און דערביי אלץ געדעדט צו זיך אליין.

— אפגעמאכט, איך אדאפטיר! איך פארשרייב זיי פאר אייגענע קינדער, האמא איז אויך מסכים, א יא, האמא, אדאפטירען?

ניט געווארט אויף קיין ענטפער און ווייטער גערעדט.

— כ'וואלט געוואלט וויסען ווער דארף ענטפערען פאר איהר טויט? זענען מענשען אין דעם שולדיג? אדער...

זיין אויג האט זיך פארקוקט אויף דער סטעליע און זיין מויל האט אונטערגעברומט.

— ביזטו עס?

באלד האט ער דעם קאפ אראפגעלאזען, ווי אונטער א שווערער משא.

די נאכט האט זיך מטריח געווען און די פרוי געטויטעט.

אויפגעהויבען די אויגען האט ער דערזעהן דעם אינגעל וואס איז געשטאנען מיט'ן פנים גלייך אנטקעגען איהם און זיך איינגעהערט אורסוס האט איהם האסטיג א פרעג געטאן.

— וואס האסטו דא צו לאכען?

דאס קינד האט געענטפערט.

— איך לאך ניט.

די בויד איז בייגאכט געווען אזוי שלעכט באלויכטען אז אורסוס האט נאך דעם אינגעלס פנים ניט רעכט אנגעקוקט, איצט האט ער דאס דערזעהן ביים שיין פון פריהמארגען.

ער האט ארויפגעלייגט ביידע הענט אויף דעם קינדס אקסלען און איהם לאנג און שארף אנגעקוקט און געזאגט.

— דו זאלסט זיך מעהר ניט דערוועגען צו לאכען.

— איך לאך גארניט — ענטפערט דאס קינד.

אורסוס האט אנגעהויבען צו ציטערן פון קאפ ביז די פיס.

— דו לאכסט זאג איך.

ער האט גענומען טרייסלען דאס קינד מיט אן אכזרישער ווילד־קייט, אויב דאס איז ניט געווען פון גרויס רחמנות, און איהם מיט א צארנדיגען בייזער געפרעגט:

— ווער האָט עס דיר געמאַכט?

דאָס קינד האָט געענטפערט.

— איך ווייס ניט וואָס איהר פרעגט מיר.

— פון וואנען האָסטו אָט אזא געלעכטער?

איך בין שטענדיג אזוי געווען.

אורסוס האָט זיך אָפּגעקערט צום קופערט און מיט א האלבען מויל געזאָגט.

— איך האָב געמיינט אז די דאָזיגע קונץ ווערט שוין איצט ניט געברויכט.

שטיל דער קליינער ניט אויפצואוועקען האָט ער פון צוקאָפּענס ארויסגענומען דעם בוך וואס ער האָט אונטערגעלייגט פאר א קישען.

לאָמיר זעהן וואס דר. קאָנקוועסט זאָגט.

דאָס איז געווען א גאנצער פאָפּוש, א האלבער בויגען די גרויס. געבונדען אין ווייכען פּאַרמעט. ער האָט עס געבלעטערט מיט'ן גראָבען פינגער, זיך אָפּגעשטעלט אויף איינעם א בלאַט. „אָט דאָס איז דאָס", ברייט פונאנדער געעפענט דעם בוך אנטקעגען אויווען און איבערגעלייענט דעם רעצעפּט אויף לאַטיין. אָט איז עס. „די נאָז צוגעפּלעצעלט, די באַקען — צושפּרייט, די ווינקעל ליפּען — אָפּגעצויגען, די ציין — ענטפּלעקט. וועסט זיין א מאסקע און שטענדיג לאַכען".

איצט געשיקט זיך עס.

ער האָט אוועקגעשטעלט דעם בוך אויף דער פּאָליצע און צוגעברומט.

— א פיין שפּיצעל אָפּגעטאָן, גרונטעווען זיך אין אזעלכע טרעפענישען איז אומגעזונט, לאָמיר בעסער בלייבען אויפ'ן אויבערפלאַך. אזוי ווי איך ווייס ניט אזוי זאָל מיר ניט שאַדען, לאַך מיין קינד.

די קליינע האָט זיך אויפגעכאַפּט. איהר „גוט מאָרגען" איז געווען א נעוויין.

אורסוס האָט פון אויוועלע אראָפּגענומען די קליינע פלעשעלע און איהר געגעבען זייגען.

אין דעם מאָמענט איז די זון אויפגעגאַנגען, זי איז געווען ביים סאמע ראנד האָריזאָנט. א רויטער שטראַהל איהרער איז אריין דורכן

פענסטער און געפאלען דער קליינער גלייך אין פנים'על אריין. איהרע אויגען האבען דער שיין אפגעשלאגען ווי א שפיגעל און געבליבען אויסגעגלאצט, שווארץ אפעל, שיצער און ברעמען, אונבאוועגליך קיין ריהר, קיין פאר.

— עט־עט־ע, — מאכט אורסום — ביזט דאך בלינד.

ענדע ערשטע טייל.

## 1טער קאפיטעל.

### 1.

אז אלטער זכר פון די אמאליגע צייטען איז נאך דאמאלסט גע־בליבען.

דער זכר איז געווען לארד קלונטשערלי.

באראן לונעאוס קלונטשערלי, קראמוועלס א צייט־גענאסע, איז געווען פון די געציילטע עטליכע פיערען וואס האבען אנגענומען די רעפובליק, דאס וואלט נאך געווען פארשטענדליך. די רעפובליק האט געזיעגט, קאן אפילו א פיער אויך ווערען איהר צד. לארד קלונטשערלי איז אבער דערביי געבליבען שפעטער אויך. ווען די „רעוואלוציע" איז דערשטיקט געווארען און די פארלאמענטארישע רעגירונג איז געפאלען, די אויבערשטע פאלאטע האט ווידער באקומען איהר „היסטארישע" רעכט, און דער וואויל געבארענער אדעל מאן האט ווידער גע־קאנט פארנעמען זיין בכודען פלאץ צווישען אלע פיערען, די סטוארדישע דינאסטיע איז ווידער באפעסטיגט אויפ'ן טראהן, און דער אלטער קעניגליכער גלאנץ — רעסטאווירט. קארל דער צווייטער איז געווען א „מלך של חסד" און גערן אויפגענומען יעדען בעל תשובה ווי דער שטייגער איז ביי א רעסטאווראציע.

לארד קלונטשערלי האט עס אבער ניט געוואלט פארשטעהן, איז דער צייט ווען דאס פאלק האט שטורמיש באגריסט איהר קעניג, וואס האט ווידער גענומען געוועלטיגען איבער ענגלאנד, אין דער צייט ווען אלץ איז באשלאסען געווארען איינשטימיג, ווען די דינאסטיע איז געווארען דערהויבען אין גלאנץ און טריאומף — איז דער לארד גע־בליבען ביי דאס זייניגע, ער האט דעם קאפ אפגעווענדעט פון דער גאנצער שמחה, ער איז פרייוויליג אין גלות אוועק, ער האט געקאנט צוריק ווערען פיער, און פאר בעסער געפונען צו פארבלייבען א פאר־טריבענער. אזוי איז א צייט מיט יאהרען אריבער, אזוי איז ער געעל־

מערט געווארען און געבליבען טריי דער פארשטארבענער רעפובליק — אזוי איז ער געווארען צו שאנד און שפאט, א כשר פארדינטער שכר פאר אזא האלטונג.

ער האט זיך באזעצט אין דער שווייץ ביים ברעג פון גענעפער זעהר אין א קליין שטיבעלע אויף א בערגעל ארומגערינגעלט פון די הויכע אלפען בערג מיט זייערע שטענדיגע וואלקענס און ווינטען. איז ער פארשוואונדען געווארען אין דעם געדיכטען בארגיגען נעבעל און זעלטען ווען זיך מיט מענשען געטראפען. דער מאן איז געשטאנען אויסער זיין פאטערלאנד און אויסער זיין צייט. אין ענגלאנד האט דאס פארעל — קעניג און פאלק, איז שלום געווארען. דער טאטע האט איז גליקליך געוועזן, רעסטאווראציע איז א יום־טוב אין דער משפחה: דאס זארל — קעניג און פאלק, איז שלום געווארען, דער טאטע האט דער מאמען גענומען און קינדערלעך טאנצען אויף דער שמחה. קארל דער צווייטער איז געוועזן א ליעבליכער קעניג, ער האט געקאנט זיך פרעהען און פיהרען די ממשלה מיט גדלות אויף לודוויג דעם פערצעהנטענס שטייגער. די טרייע אונטערטאנען האבען פון זיינע מעשים טובים אנגעקוואלען. דער ליעבער קעניג האט זיך משמח געוועזן מיט סעודות און מאהלצייטען, פארוויילונגען און שפילערייען. די הויפט־שטאדט באשעהנט און באקרוינט מיט פרעכטיגען גלאנץ. פון די קעניגליכע עפאלאצען און אלע קרבים געלייטזעליגט מיט יושר און כבוד.

און לארד קלונטשערלי האט אזעלכע גליקען פארלאזען און אוועק ערגעץ ווייט, דארט אין א פארוואָרפענעם ווינקעל צווישען הויכע בערג. דארט האט ער ארומגעוואַנגעלט איינפאך געקליידעט, בלייך, צוטראגען, די גראהע האר צושויבערט, צובלאזען פון ווינט, שווייגענדיג איינזאם און שטענדיג פארזונקען אין טיעפע מחשבות.

2.

די גאנצע וועלט האט איינגעשטימט אז א לייטישער מענש דארף זיך אזוי ניט אויפפיהרען.

די וועלט האט פיינט אז איינגעשפארטען מענשען, איינגעשפארט זיין הייסט אלעמען אויפווארפען, „איך האלט זיך ביי מיינס". פריי־וויליג זיך אפזאגען פון אל־דאס־גוטס און דערמיט אונטערשטרייכען די איינגענע עהרליכקייט, דאס איז אויך א מין גאוה, צו וואס טייגען אזעלכע עקסטרע גענג, איינזאמקייט און גלות. דער אמת'ער חכם

האַלט זיך ביי אַז אַנדער כּלל, ניט איבערכאַפּען די מאָס, מעגסט זיך מאַכען אַז אָפּאָזיציע אבער צירליך מאַנירליך, איידעל און פיין. קאָנסט זיך אַמאָל מאַכען הארץ און אביסעל קריטיקירען, טאַדלען אבער דו מוזט שרייען „עס לעבע דער קעניג". אַט דאָס הייסט אמת'ע צובונד, וואָס באַשערט — דאָס באַווערט. ווען עס האָט געקומט: — דער איז געשטרויכעלט געוואָרען. ווער עס איז ווערט געווען דער האָט געזיגט.

די געטליכע השגחה האָט זיך איהרע דרכים, האָט זי ווען גע־קרוינט איז ער דאָס מסתם ווערט, טו זייט זשע ניט קלוג און פרעגט ניט קיין איבעריגע קשיות. אַז ערליכער מאַן דאַרף שטענדיג האַלטען מיט'ן תקיף און טאָקע מיט'ן גאַנצען הארצען לטובת הכלל, בפרט נאָך א וואוילגעבאָרענער לאָרד, וואָרים וואָס פאר א תכלית קען ווערען פון א מלוכה, ווען קיינער וועט ניט וועלען דינען? די גאַנצע מאַשין קאָן זיך דאָך אוועקשטעלען. ווער עס ווייכט אוים א הויכע רעגירונגס־שטעל פאַראַט דאָס פאַטערלאַנד. טאַ האָב זשע שכל און יושר און פאַרבויג דיין איינענע מיינונגען און נייגונגען צוליעב העכערע מלוכה אינטערעסען. ברייננ א קרבן אויפ'ן מזבח פון פאַטריאָטיזם, דו אנט־לויפסט פרייוויליג אין גלות — א ביטערער רחמנות אויף דיר, מיינסט אז דו גיסט דערמיט א ביישפיל פאַר אַנדערע? א סימן אז דו האַלסט פון זיך צופיעל. מיינסט אַז דו טוסט אימיצען צו־להכעיס — חוצפּה ווען דער וועלט ניט איבערשטעלען, דאָס רעדעל ניט איבערדרעהען. בפרט נאָך אז עס איז רעכט אזוי ווי עס געהט.

3.

קיין מאָל איז די לאַגע ניט געווען אזוי באַשטימט ווי אין יאָהר 1660. קיין מאָל איז ניט געווען אזוי קלאָר, ווי א לייטישער און קלו־גער מענש דאַרף זיך האַלטען.

ענגלאַנד איז פּטור געוואָרען פון קראָמוועלען, אַט דער פאַרשיי־טער יונג, אַז אויפגעקומענער זון פון א ביר ברויער, האָט אויפגעהוי־בען זיין פאַרברעכערישע האַנט אויפ'ן קעניגליכען טראָן און איהם ווידערגעשפּעניגט, איהם איבערגעקערט, א רעפּובליק איינגעפיהרט. און נאָך ערגערע מעשים אָפּגעטאָן. דייטשלאַנד — איינגענומען, פראַנקרייך — ערנידעריגט, אונטערשרייבענדיג אינטערנאַציאָנאַלע

אקטען און אפמאכען, איז ענגלאנד געשטאנען אויבען אן. דעם לארד פראטעקטארס חתימה אויבען. דעם פארנצויזישען קעניגס אונטער איהם: שפאניען האט פארלארען איהר פלאטע און איהר מאכט אויפ׳ן ים, אמעריקא האט געמוזט צאהלען 8 מיליאן קאנטריבוציע, אלזשיר און טוניס האבען זיך אונטערגעגעבען, יאמאיקא — פארנומען, פארטוגאל — אונטערדריקט. ענגלאנד האט באפעסטיגט איהר מאכט איבער די ימים אויף צוויי וועגען: נצחונות און האנדעל. ענגלאנד האט אפגענומען דעם אנטלאנטישען אקעאן ביי שפאניען, דעם שטילען — פון האלאנד. דעם מיטלענדישען פון — ווענעציע און דורכ׳ן ים פארשפרייט איהר שליטה אויף דער יבשה אויך. די מעכטיגסטע רעגירונגען האבען געבויגען דעם קאפ פאר דער ענגלישער פאהן און געציטערט פאר קראמוועלס א ווארט. זיין אידעאל איז געווען: „מען זאל דרך־ארץ האבען פאר דער ענגלישער רעפובליק, זי אכטען פונקט ווי אמאל דער רוימישער רעפובליק". דאס האט אבער לאנג ניט געדויערט, ענגלאנד האט קראמוועלען אראפגעווארפען פון דער גדולה און די אלטע רעגירונג באנייט.

דער מלך של חסד קארל דער צווייטער, האט זיינע אונטערטאנען געלייטזעליגט מיט׳ן בארימטען ברעדער מאניפעסט, ער האט זיי אלערגנייידיגסט ערלויבט צו פארגעסען די צייט, וואו דעם ביר ברויערס פון האט זיך געשטעלט מיט זיין קנעבעל אויף דעם קאפ פון לודוויג דעם פערצעהנטען. ענגלאנד האט חרטה געהאט אויף איהרע זינד און פריי אפגעאטעמט. אלע הערצער זענען פול געווען מיט פרייד און תליות האבען נאד די שמחה פארפולט, — באפרידיגט דאס געזעלשאפטליכע געוויסען. דער גייסט פון ווידערשפעניגקייט איז צושפרייט געווארען ווי רויך און „געזעצליכקייט האט ווידער געהערשט. טריי און אונטערטעניג — איז געווארען דאס העכסטע ציעל. מען אינגאנצען פטור געווארען פון „פאליטישען שגעון" מען האט פאראכטעט די רעוואלוציע, מען האט אויסגעלאכט די רעפובליק, געשעפט פון יענע משונה׳דיגע צייטען, וואו מען האט זיך כסדר ארומגעטראגען מיט א פולע מויל ווערטער: רעכט, פרייהייט, פראגרעס. מען האט חוזק געמאכט פון די אלע שטותים. ענגלאנד האט ארויסגעלאזען די פוסטע חלומות פון קאפ און אומגעקערט צום קלארען פארשטאנד. איז דען דא עפעס ווילדערעס, נארישערעס ווי אט יענע פלוידעריי־:

„רעכט"... „פרייהייט"... צו וואָס וואָלט מען געקומען ווען א ליאדע ווער זאָל מיט אמאָל באקומען „רעכט"? ווי געשיקט זיך דאָס אז די גאַנצע וועלט זאָל געוועלטיגען? קאָן מען זיך דען פאָרשטעלען אז אן עולם מענשען זאָלען איבער זיך אליין געוועלטיגען? א בירגער דארף געהן אין שפאַן. ווי קומט ער אָבער צו זיין א קוטשער? און וואָס איז עס גלאַט פאר א וועג? די כלומר'שטע פרייהייט. איך באמת גאר א טיראַניי, ניט קיין פרייהייט, פארגעניגען וויל איך האָבען ניט קיין קאָפּ־דרעהעניש! איך וויל לעבען א גוטען טאָג, ניט רעגירען! דעות זאָגען, שטימען אָפּגעבען צו וואָס? איך וויל בעסער טאַנצען!

די געטליכע השגחה האָט אונז אזא גליק באשערט, געבענשט מיט א מאָנאַד, וואָס גיט זיך אָב מיט די אלע זאכענישען און לאָזט אונז געמאַד. דער קעניג איז אזוי גרויסמוטיג און גוט הערציג, אז ער נעמט אויף זיך די גאַנצע טרחא! אגב איז ער טאַקע דערצו ערצויגען געווארען — ווייסט ער וואס ער טוט, דאָס איז שוין זיין עסק, מלחמה, שלום, געזעצען, פינאַנסען — ווען מען געהט עס אָן? געוויס איז נויטיג אז דער עולם זאָל צאָהלען, געוויס איז נויטיג אז דער עולם זאָל דינען — ער דארף זיך אָבער דערמיט אליין באנוגענען. דאָס איז זיין טייל ארבייט אין דער פּאָליטיק. ער פלעגט אריין דעם גאר גרויסען חלק — די צוויי וויכטיגסטע קרעפטען — די ארמעע און בודזשעט. צאָהלער און סאָלדאַט — אויסגעצייכענטע צוויי כבדים, מעהר טאָר מען גארניט פארלאַנגען, רעגירען וועט מען שוין אָהן איהם, פאר איהם. דאָס פּאָלק דארף אָפּגעבען זיין בלוט און געלט כדי מען זאָל איהם קענען פיהרען אין דרך־הישר. ווי קומט ער אָבער גאר צו פארלאַנגען, אליין צו פיהרען? דאָס איז דאָך ממש נארישקייט. א וועג פיהרער מוז ער האָבען, דאָס פּאָלק איז אונוויסענד, פינסטער, בלינד — הייסט דאָס, א בלינדער מוז האָבען א הונט פאר א וועג־ווייזער. א פּאָלק האָט א בעסערען מזל: א לייב, א קעניג וויל נעמען אויף זיך די פאראַנטוואָרטליכקייט, אזא גליק! אי, פאר וואָס איז דאָס פּאָלק אונוויסענד? ווייל אזוי דארף זיין. מעהר וויסען — מעהר זינד, נידעריגער צו ראיה — קלענער די אמביציע. עם־הארצות ברייננט צו אונטערטעניגקייט, ווער עס לייענט דער טראכט, ווער עס טראכט — חקירה'ט. ניט חקירה'ן דאָס איז דער הייליגסטער חוב פון א מענשען, דאָס איז זיין גליק. קיין אפּיקורס וועט דעם דאָזיגען אמת ניט

ווידערשפרעכען, דערויף האלט זיך דער קבוץ, די מענשליכע געזעל־
שאפט, ווען ניט וואלט געווארען א מהומה, א דור הפלגה.

4.

אזוי ארום האט זיך ענגלאנד אומגעקערט צו די געזונטע סאציא־
לע יסודות פון די אמאליגע צייטען. די פריהערדיגע ארדנונג איז
פעסט געשטעלט געווארען און דערמיט אויך די פריהערדיגע ליטערא־
רישע געשמאקען. שעקספיער און מילטאן? גארניט מיט גאר ניט.
דריידען איז געקרוינט געווארען מיט'ן נאמען „גרעסטער פאעט פון
ענגלאנד". אלץ האט זיך אומגעקערט אויפ'ן פריהעריגען ארט: דריי־
דען און דער אויך, — שעקספיער — אונטען. קארל דער צווייטער —
אויפ'ן טראהן קראמוועל — אויף דער תליה, וואויל איז דעם פאלק
וואס קען איינפיהרען אזא פעסטע ארדנונג אין לאנד און אזא אויס־
געאיידעלטען געשמאק אין דער ליטעראטור.

און פון אזא גדולה אנטלויפען, דאס לאזט זיך קוים גלויבען.
קארל דער צווייטער האט אזוי פיעל חסד געטאן מיט זיין פאלק און
לאנד — איינגעוויליגט צו באשטייגען דעם טראהן — קאן זיך נאך
א מענש פארגינען צו באצאהלען איהם מיט אזא מין אונדאנקבאר־
קייט? לארד קלענטשערלי האט אלע עהרליכע לייט גרויס עגמת־נפש
פארשאפט. ער האט זיך געבלאזען אויף אלע גליקען פון זיין לאנד.
אזוי פארפיהרט איז ער געווען.

מען וויים אז אין יאהר 1650, האט דער פארלאמענט אויסגעאר־
בייט אזא מין שבועה.

„איך פארשפרעך צו זיין טריי דער רעפובליק אהן א קעניג, אהן
אן אויבערהאר, אהן א הערשער."

און מיט'ן אויסרייד פון דער דאזיגער אומגעלומפערטער שבועה
האט לארד קלינטשערלי געלעבט אין דער פרעמד, וויט פון דעם איי־
גענעם קעניגרייך, און בעת דאס פאטערלאנד האט זיך געשעצט גליק־
ליך, האט ער זיך איינגערעדט אז ער האט דאס רעכט צו זיין טרוי־
עריג, ער איז געבליבען טריי צו דעם וואס איז שוין מעהר ניטא. א
ווילדע צוגעבונדענקייט צו א פארשוואונדענעם שאטען!

דערפאר האבען זיך אלע גוטע פריינד פון איהם אפגעקערט.
פריהער האבען זיי נאך גערעכענט, אז ער פארשטעלט זיך נאר
כלומר'שט פאר אן אנהייננגער פון דער רעפובליק, כדי אונטערשפירען

איהרע שוואכע זייטען און ביי א גינסטיגען מאָמענט זי אויף טויט דערשלאָגען. באמערקענדיג דאס הייליגע רעכט פון זיין הערשער און קעניג, אזוי ארום באפאלען דעם שונא הינטער ארום איז דער הייליגער חוב פון יעדען טרייען אונטערטאַן. האָט זיך אבער ארויסגעשטעלט אז לאָרד קלענטשעלי איז געבליבען ביי זיין פארפיהרעניש און דער־מיט ארויפגעצויגען דעם כעס פון אלע זיינע מיטמענשען... ער איז קענטיג טאַקע אן איבערצייגטער מענש, הייסט עס — אן אידיאָט."

שטרענגע און גערעכטע מענשען זענען נאָך ווייטער געגאנגען. זיי האָבען איהם געשטעמפעלט מיט'ן שאַנד־וואָרט „פארעטער". נאָ־רישקייט האָט געוויסע רעכט, אָבער געוויסע גרעניצען אויך. זיין א בהמה מעג מען, אָבער א שטילע ניט בושעווען. א בהמה דארף זיין עהרליך דעמאָלט קאן זי דערגרייכען צו דער העכסטער מדרגה, אבער לאָרד קלענטשערלי איז א שטעכעדיגע בהמה, מיט זיין אנטלויפען האָט ער די גאנצע וועלט די אויגען געשטאָכען. ער האָט פארראטען די זייניגע, פארלאָזען זיין אייגענעם לאגער, די אריסטאָקראטען און ארי־בער צו דעם פיינד — צום פאָלק.

און ער האָט נאָך מיט אזא שלעכטער טהאָט געשטאָלצירט, באַ־רימט זיך מיט זיין „געוויסען", „ווערדע" און דאס גלייכען. דאס זע־נען אבער בלויז ווערטער, מען דארף זיי תופס זיין אין תוך אריין.

לאָרד קלענטשערלי האָט אָבער ניט געוואלט וויסען פון קיין תוך זאכען.

קארל דער צווייטער, האָט קיין וועזען ניט געמאכט פון דעם איינגעשפארטען לאָרד קלענטשערלי, אין זיינע צייטען איז ענגלאנד געווען מעהר ווי גליקליך, באצויבערט איז די מדינה געווען, רעסטאָ־ראציע איז אן אלטע געמעל אויפס ניי אפגעבליאקירט, די גאנצע פאר־גאנגענהייט טרעט ווידער ארויס לויטער קלאָר. די גוטע אלטע מדות האָבען ווידער ערשיינט. שעהנע פרויען האָבען געקעניגט, געהערשט און רעגירט. דאָס ווייסען מיר פון עוועלינס באשרייבונגען, אזוי שיל־דערט ער יענע צייט. „לוקסוס, חלול־השם, גאָטס־לעסטערונג. איך האָב איין מאָל א זונטאג אין אבענט געזעהן דעם קעניג מיט זיינע נקבות, די פראָסטמוט, די קליוועלענד, די מאזארין און נאָך א צוויי דריי אנדערע. אלע כמעט הויל נאַקעט אין דער לוסט גאלערי". עווע־לין איז אָבער געווען א מרה־שחורה'דיגער פרומאק, א שטרענגער

פאטריאָט, דערצו נאָך שטאַרק אנגעשמעקט מיט'ן רעפּובליקאַנישען גייסט. ער האָט ניט פאַרשטאַנען ס'אַרא נוצליך ביישפּיל דאָס איז ווען אַ קעניג ווייזט דעם פאָלק זיינעם, ווי מען דאַרף לעבען אויף דער וועלט און געניסען עולם הזה.

5.

ווי געזאָגט האָט קאַרל דער צוועלפטער זיך וויינִיג געקימערט דער־פון וואָס ערגעץ ווייט האַלט זיך אויף אַזאַ ווידערשפּעניגער מענש ווי לאָרד קלענטשערלי. דזשיימס דער צווייטער איז אָבער אויפמערק־זאַמער געווען. קאַרל דער צווייטער איז געווען. אַ „מלך של חסד“ און די ווייכקייט זיינע האָט גאָר ניט געשאַדט.

עס טרעפט אַמאָל אַז אַ מאַטראָז פאַרבינט אַמאָל שוואַך אַ קני־פּעל אויף אַ שטריק וואָס איז פאַרצויגען אויף איינצוהאַלטען דעם ווינט, דאָס קניפּעל ווערט שוין ממילא שטאַרק פאַרצויגען טאַקע פון ווינט גופא, איין נאַרישקייט פוןביידען; פון ווינט און פון פאָלק.

קאַרל דער צווייטער האָט אַזאַ שוואַך קניפּעל געמאַכט, אונטער דזשיימס דעם צווייטען האָט זיך דאָס שוין אַליין פאַרצויגען.

אין דזשיימס דעם צווייטענס צייטען האָט מען אָנגעהויבען צו שטיקען און צו ווערגען. מען האָט געמוזט אויסראָטען וואָס איז נאָך געבליבען אַ זכר פון דער רעוואָלוציע. דזשיימס דער צווייטער האָט עהרליך פאַרדינט דעם שבח פון אַ טהעטיגען קעניג. ער איז שטאַרק אונצופרידען געווען פאַרוואָס מען האָט ביז איהם געהאַנגען מענשען ניט מעהר ווי צעהנדליגערווייז. ער האָט דעם אויטאָריטעט פון געזעצ־ליכער מאַכט פעסטער געשטעלט, ער איז גערעכט און זיין משפט איז געווען גערעכט.

ער האָט איינגעפיהרט אַ שטרייַנגע גערעכטיגקייט אָהן אַלע פּוס־טע געפילאַכטסען און שוואַכהערציגע סענטימענטאַליטעטען און אַלץ — לטובת־הכלל, „רחמנות איז אכזריות“, און פון אַזאַ אכזריות האָט ער זיינע אונטערטאַנען באַהיט און באַשירמט. מען האָט טאַקע בע־שיינפערליך געזעהן וואָס פאַר אַ טרייער פאָטער ער איז דער מדינה און באַגעהט זיך מיט איהר טאַקע ווי אַ פאָטער מיט זיינע קינדער. ד יוואָגשאָל פון גערעכטיגקייט האָט ער איבערגעגעבען דזשעפערסאָן, און די שווערד פון משפּט — קערק'ען, און קערק האָט זיין שליחות עהרליך ערפיהלט. ער האָט געשטראָפט מדה כנגד מדה. קיינעם קיין

פאַלשע מאָס ניט געגעבען, איינעם א ווידערשפעניגען אונטערטאַן האָט ער געלאָזט הענגען דריי מאָל נאָכאַנאַנד, אויפגעהאַנגען באַלד אַראָפּגענומען פון דער תליה, אָפּגעמינטערט און געפרעגט: „זאָגסט זיך אָב פון דער רעפּובליק?“ און אַז יענער האָט אַלץ געענטפערט „ניין“, האָט מען איהם צום פערטען מאָל אויף אַן אמת אויפגעהאַנגען, הויפּט מען אַן שטאַרק צו באַנוצען זיך מיט טויט־שטראָף — איז דער בעסטער סימן אַז די געזעצליכע מאַכט איז תקיף ומתוקף, די פעסטע ממשלה שטעלט זיך אַליין מאָנומענטאַלע דענקמאַלען און גע־שטאַלטען פון הויכע תליות.

אַזא ממשלה שטראָפט מיט אייזן האַנט און היילט מיט דער צווייטער. זי איז פול מיט גנאָד און רחמים פאַר יעדען בעל תשובה וואָס האָט חרטה אויף זיינע פריהעריגע זינד און זאָגט זיך אָב פון זיינע פריערדיגע חברים. איינער אַזא בעל תשובה האָט זיך מודעה געווען אַז א פּרוי האָט איהם, א געוועזענעם רעוואָלוציאָנער, ביי זיך אין דער וואוינונג באַהאַלטען, האָט מען איהם באַגנאַדיגט און זי לע־בעדיגערהייט פאַרברענט. אַמאָל איז קערק געקומען אין א שטאָדט און באַוויזען קלאָר ווי דער טאָג, אַז זי איז רעוואָלוציאָנער, טאָמער גלויבען זיי ניט, האָט ער זיי געוויזען אַז מען האָט אַמאָל דאָ אויפ'ן אָרט געהאַנגען 19 בירגער.

געררעכטע רעפּרעסיעס! בפרט ווען מען דערמאָנט זיך וואָס עס האָט זיך געטאָן אין קראָמוועלס צייטען, דעמאָלט פלעגט מען באַפאַ־לען די קאַטוילישע קירכע און אָפּשניידען נעז און אויערען און דוקא ניט קיין לעבעדיגע מענשען נאָר ערגער ביי די שטיין געשניצטע היי־ליגע בילדער.

דזשיימס דער צווייטער איז אָבער געווען אָנגעזאָפּט מיט'ן גייסט פון עכטער פרומקייט, ער האָט סגופים געפּראַוועט, געפּייניגט דעם אייגענעם גוף מיט געליעבטע איינע מאָוסער ווי די אַנדערע.

ער האָט נאָכאַנאַנד געהערט מוסר פון זיין גייסטליכען פאַטער, לאַקאָלאַמביער, און א דאַנק דער קרעפטיגער רעליגיעזער נאַהרונג וואָס ער האָט אין די יונגע יאָהרען געגעסען האָט ער באַוויזען צו אַריבער־טראָגען דעם ביטערען גלות זיינעם ווי א גרויסער צדיק און אַזוי גע־שטאָרבען שעהן אַרומגערינגעלט פון גאָטס פאַרכטיגע יעזואיטען.

פאַרשטעהט זיך שוין אַליין אַז אַזא קעניג האָט זיך שטאַרק

געקימערט וועגען אזא „ווידערשפעניגען קנעכט" ווי לאָרד קלענט־שערלי. די פירען גיבען איבער זייערע טיטלען צו די עלטערע זיהן זייערע פון דור צו דור, דאָס איז א געזעצליכער משכן פון געזעצליכער אָרדנונג און מלוכה מימלא, האָט דזשיימס דער צווייטער געמוזט זוכען און געפינען זיכערע באוואָרענישען געגען אזא שעדליכען לאָרד.

לאָרד ליניי קלענטשערלי איז ניט שטענדיג געווען אזא אלטער גלות־פּראיוער אין דער יוגענד האָט ער געפיהרט א פרעהליך לעבען פון ליעבע און תענוגים. ער האָט געהאט אן אונגעזעצליך זוהן, דער זוהן איז געבאָרען ווען די רעפּובליק איז געשטאָרבען און דער פאָטער האָט געמוזט אנטלויפען אין גלות, ער האָט דעם פאָטער קיין מאָל ניט געזעהן, פון קינדווייז אן האָט ער גערינט פאר א פאזש אין קאָרל דעם צווייטענס הויף, זיין נאָמען איז געווען דעוויד דעם טיטעל לאָרד דירי־מאיר האָט ער באקומען געשיינקט מיט'ן זכות פון זיין מוטערס יחוס, ווען לאָרד קלענטשערלי איז אוועק גלות פּראוועז, האָט זי זיך ארומגעזעהן אז עס לוינט ניט צו פּראָווען א ברויגעז מיט דער רעגי־רונג, און מען האָט איהר דעם ערשטען ליעבהאָבער מחול געווען צו־ליעב דעם זכות פון דעם צווייטען וואס איז געווען אן אמת'ער ראָי־אליסט — טאַקע דער קעניג אליין. זיין מאיעסטעט איז געווען פול מיט פרייד, ער האָט זיך נקום געווען אן דער רעפּובליק, ער האָט ביי איינעם פון איהרע פארביסענסטע אנהענגער איהרע אוועקגערויבט א שעהנע פרוי, און זייער קליינעם זוהן לאָרד דעוויד געקרוינט פאר א היטער פון דער דינאַסטיע. דער יונגער אפיצער איז געווען א היי־סער אנהייננגער פון די סטואָרדס און זיך באלד דערדינט צו דער פּריווילעגיע צו פאַרוועדן ביים קעניגס טיש.

פאר דזשיימס דעם צווייטען האָט ער זיך נאָך העכער דערדינט, ער איז געוואָרען קאמערהער פון דעם קעניגס שלאָף צימער, דאָס איז זעהר א גרויסער כבוד. דער קאמערהער שלאָפט אין איין צימער מיט'ן קעניג איז א צונייפגעלייגטער לאנגער בעטעל, אזעלכע קאמערהערען זענען דא צוועלף און זיי היטען די וואַך א נאַכט איבער א נאַכט.

ער האָט שיער ניט באקומען די פּריווילעגיע צו העלפען דעם קעניג אומטאָן א העמד, אבער די פּריווילעגיע קען נאר באקומען א פּרינץ אדער א פּיער.

באַשאַפען א נייעם פּיער איז געווען ניט אזוי גרינג, דאס וואָלט

געהייכען באַשאַפען א נייעם פּיערטום. פאַרגרעסערען די באַשטימטע צאָהל פּיערען אין לאַנד און דערמיט דערוועקען א גרויסע קנאה, אז חסד באַשאַפּט פאַר׳ן קעניג איין פריינט און הונדערט שונאים. דער אויסגערעכענטער דזשיימס דער צווייטער, האָט זעלטען באַשאַפען נייע פּערטומס ,דערפאַר האָט ער געביטען די זכיות, איבערגעגעבען זיי פון האַנט צו האַנט. געלעגענהייטען אויף א געזעצליכען גרונט גע־פינט מען שוין ווען מען זוכט, דארויף איז מען דאך א קעניג. דזשיימס דער צווייטער האָט שטאַרק חשק געהאט דורכצופיהרען דעם יונגען דעוויד אין דער אויבערשטער פּאַלאַטע אריין. מאַכען איהם פאר אז ערשטען לאָרד לויטן רעכט אנשטאט זיין איצטיגען צוליעב־טיטול לאָרד.

דערצו האָט זיך באַלד געמאכט א פּאַסיגע געלעגענהייט.

אין איינעם א שעהנעם פריהמאָרגען האָט מען זיך דערוואוסט אז מיט׳ן אלטען לאָרד קלענטשערלי האָבען זיך פארשידענע זאכען גע־טראָפען. דאָס וויכטיגסטע טרעפעניש איז געווען דאָס וואָס ער איז געשטאָרבען, איין מעלה האָט דער טויט, ער לאָזט דערמאָנען דעם געשטאָרבענעם, מען רעדט כאָטש פון איהם אביסעל, אזוי האָט מען ווידער אנגעהויבען רעדען פון דעם לאַנג פארשטאָרבענעם לאָרד קלענ־טשרעלי, מען האָט דערצעהלט פון איהם אלערליי מעשיות, אמת׳ע אדער אויסגעטראכטע; אזוי האָט מען דערצעהלט, אז ער האָט אויף דער עלטער חתונה געהאט און געלאָזען א בן־זקנים, א געזעצליכען יורש פון זיינע גיטער, זכיות און פּריווילעגיעס .די מוטער איז אויך געשטאָרבען, און דאָס קינד איז פארבליבען א דאָפּעלטער יתום, מען האָט אויך דערצעהלט אז דאָס קינד איז „שעהן ווי דער טאָג“. ווער עס האָט עס געזעהן ווייס קיינער ניט. די שווייץ האָט זיך דעמאָלט גערעכענט פאר ענגלאנד עק וועלט, דערשלאָגען זיך אהין איז נאָך שווערער געווען ווי איצט קיין כינא. קעניג דזשיימס דער צווייטער האָט מיט אמאָל געמאַכט א סוף צו אלע פוסטע קלאנגען. אין איין שעהנעם פריהמאָרגען האָט דער קעניג ערקלערט. „אזוי ווי עס איז קלאָר פעסטגעשטעלט געוואָרען אז דער אלטער לאָרד ליניי, האָט ניט געלאָזען קיין כשר קינד, קיין געזעצליכען יורש, דעריבער האָט זיין מאַיעסטעט אלער־ גנעדיגסט באוויליגט דעם געשטאָרבענעמס פאר־מעגען מיט אלע זיינע זכיות איבערצוגעבען דעם לאָרד דעוויד דירי־

מאיר". איין תנאי האט ער דערביי געשטעלט אז לארד דעוויד זאל שפעטער חתונה האבען מיט דער קליינער זשאזיאנא, וואס איז דער־ווייל אלט געווען עטליכע חדשים און שוין געהאט דעם טיטול הער־צאגין.

פארוואס האט זי אזא זכיה געהאט? דאס האט געוואוסט נאר דער קעניג און זיינע מקרובים. זי האט געשטאמט פון גרעסטען יחוס אמת אהן א געזעצליכען הייראט, פון פאטערס צד — איז שוין קיין גרעסערס ניטא. דער קעניג איז געווען א טרייער פאטער פון אלע זיינע אונטערטאנען בכלל און פון דער יונגער הערצאגין בפרט, האט ער איהר אוועקגעשאנקען קלענטערלים פיערענטום, דערווייל איז זי געווען פיערעסע, נאך דער חתונה וועט דאס אריבער צו איהר מאן. אויסער דעם האט זי נאך געהאט ניט וויניג אייגענע גיטער.

לארד דעוויד האט זיך וואויל געטאן פאר קארל דעם צווייטען און דזשיימס דעם צווייטען און ניט ערגער זיך געפיהרט ביי ווילהעלמען. ער האט טריי געדינט דזשיימס דעם צווייטען אבער אין גלות איהם ניט נאכגעגאנגען.

„געשטארבען דער קעניג — עס לעבע דער קעניג." ווילהעלעם האט ביי דזשיימס'ן דעם טראהן אפגענומען, דארף מען איהם דינען טריי און אונטערטעניג, און לארד דעוויד האט טריי געדינט: אין מלחמות העלדיש־באנאל דאס לעבען איינגעשטעלט, אין פייער גע־קראכען אויפ'ן קעניגס וואונש. אין פרידליכע צייטען האט ער זיך אויסגעצייכענט אויף אלע פאראדען און צערעמאניעס. א ליבענסוויר־דיגער יונגערמאן, א שטיקעל פאעט, ווי די דעמאלדיגע מאדע האט געפאדערט, שטענדיג געהאלטען זיך גרויס געגען נידעריגע, מיט מע־סיגער אנשטענדיגקייט געגען גלייכע, מיט גרויס דרך־ארץ געגען הע־כערע, אבער שטענדיג איידעל און קלוג, אפגעהיט דעם פיינסטען עטיקעט, לוסטיג און מוטיג, ליעבליך און פיפיג איז ער צו פינף און פערציג יאהר נאך גאר א יונגער מאן געווען.

די מוטער האט איהם א קליינע ירושה געלאזען ניט מעהר ווי צעהן טויזענד פונט יעהרליכען איינקונפט. ער איז דערמיט קוים אויס־געקומען מיט דער הוצאה, דערביי א היבש ביסעל חובות געמאכט. ער איז געווען דער ערשטער פראנט אין הויף און גע'שמ'ט מיט זיינע שארפזיניגע אייפעלע און פיינעם געשמאק אין מאדע און פוץ.

## 2טער קאַפּיטעל.

זשאָזיאַנאַ איז געווען אַ זעלטענע שעהנהייט, הויך געוויקסיג, וואויל באַלייבט און פריש און געזונט — בלוט און מילך. איהר שעהנ־הייט האָט מעהר באַצוואונגען ווי באַצויבערט. זי האָט הערצער געטראָ־טען. ווען מען זאָל איהר וויזען אַז זי האָט אַ נשמה אין איהר האַר־צען וואָלט זי זיך אַזוי שטאַרק פאַרוואונדערט ווי ווען מען זאָל איהר זאָגען אַז זי האָט פליגען אויפ'ן רוקען. זי איז געווען מוטיג און קלוג און גוט געלערענט.

עס איז אויף איהר ניט געווען צו מערקען ניט קיין אָפענע פאַר־דאָרבענהייט און ניט קיין יונגפרויענליכע ריינקייט. זי האָט זיך פאַרשלאָסען אין איהר שטאָלץ, זי האָט זיך פאַרהאַלטען צו מענער מיט פאַראַכטונג, זי האָט גערעכענט אַז קיינער איז ניט ווערט צו באַ־זיצען איהר סיידען אַן אויסערגעוועהנליכע באַשעפעניש אַ האַלב גאָט אָדער נאָך בעסער גאָר אַ פאַרזעהעניש, אַזעלכע פאַרדרעהטע גע־שמאַקען זענען שוין לאַנג אריין אין דער מאָדע ביי די גרויסע לייט. מאַריאַ סטואַרט איז געווען „וואויל געניינט“ צו איהר קליין ריציאָ, מאַריאַ טערעזאַ פון שפּאַניען איז געווען „היימישליך“ מיט אַ נעגער און פון דער היימישקייט איז ארויסגעקומען די „שוואַרצע אַבאַטי־סאַ“ פאַר ליעבעס אינטריגעס איז באַקוועמער אוועקצולייגען יחוס אַן אַ זייט און אין אַ געוויסער מאָס אויסמישען די געזעלשאַפטליכע שטאַנדען.

די געזעלשאַפטליכע שיכטען ווערען אויסגעגלייכט פריהער — דורך זינד, שפּעטער — דורך אידעען... אויסגעמישט זיך מיט'ן פאָלק האָבען די אַריסטאָקראַטען אנגעהויבען דאָס וואָס די רעוואָלוציע האָט געדאַרפט פאַרענדיגען.

הערצאָגין זשאָזיאַנאַ איז זעהר שטאָלץ געווען אויף איהר יחוס, זי האָט זיך גערעכענט פאַר אַ פּרינצעסין וואָס מעג טאָן וואָס נאָר די האַרץ גלוסט. זי האָט גע'שמ'ט פאַר אַ נאָכגעביגע און דאָס האָט

איהר געשמייכעלט. זי איז געווען א צנועה אויף איהר ארט און דאס האט זי געפרייט און געקריינקט מיט אמאל, זי איז שטענדיג געווען אויפגערעגט און צורייצט, עס האט זי געצויגען צו זינד — האט זי זיך געבראכען אויף א צדיקות, ווער עס ברעכט שטענדיג דעם יצר־הרע זיינעם ענדיגט דערמיט וואס ער קערט איהם איבער אויף דער לינ־קער זייט. שטעהט ווער שטענדיג אויף דער וואך איז א סימן אז שטילערהייט וויל ער אז מען זאל איהם באפאלען.

אין יאהר 1705 איז זי אלט געווען 23 יאהר און לארד דעוויד 44, א באשערטער זיוויג פון קינדוויז אן, האבען זיי זיך ניט געהיילט חתונה צו האבען; עס וועט פון זיי אליין איינס ניט אוועקגעהן זשא־זיאנא האט געוואלט וואס לענגער בלייבען פריי, דעוויד בלייבען יונג, שפילען זיך אזוי אין חתן־כלה ביז אין דער וייטער עלטער איז געווען אין דער עכטער מאדע אין יענע צייטען. פארנעמע פראנטען האבען חתונה געהאט צו 50 יאהר, די גראהע האר האט פארדעקט מיט א פארוק באשאטען מיט פוידער.

זיי זענען זיך זעהר שטארק געפעלען איינער דעם צווייטען. זשארזיאנא פלעגט שטענדיג באדויערען, ווי לאנגווייליג דאס איז וואס מיר מוזען חתונה האבען, „איך וואלט זיך גאר וועלען אין איהם פאר־ליבען“.

ער פון זיין זייט האט איהר ליעבע בריעף און ליעדער געשריבען און זי פלעגט זיי וועןניט־ווען לייענען. אין די ליעדער האט ער זיין פארליעבט הארץ אויסגעגאסען, פארזיכערט אז ווען ער באזיצט זי וואלט ער געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל פון גליק, און אליין האט ער דאס גליק פון יאהר צו יאהר אפגעלייגט. ער איז געשטאנען אויף דער וואך ביים שוועל פון איהר הארצען און דאס האט זיי ביידען צופריי־דען געשטעלט. אין הויף האט מען מיט אנטציקונג געקוקט אויף זייער איבערשפיצטער שפיעל — א סימן פון העכסטען טאן און איידעלסטען געשמאק.

## 3טער קאַפּיטעל.

לאָרד דעוויד האָט פאַרנומען א געהויבענעם אָרט צווישען דער לאָנדאָנער לוסטיגער געזעלשאַפט.

כוץ אַלע אַנדערע מעלות זיינע, האָט ער זיך אויך באַרימט גע־מאַכט דערמיט וואס ער טראָגט אייגענע האָר. די רעאַקציע געגען פּאַ־ריקען האָט זיך שוין דאַן אָנגעהויבען, אמת ער איז ניט געווען דער ערשטער. נאָך פאַר איהם אין יאָהר 1702 האָט איינער א פּיער, פּריים דעוועריע, געמאַכט זיך הארץ און אראָפּגענומען דעם פּאַריק, ער האָט זיך איינגעשטעלט און איז ארוים אין גאס מיט די אייגענע האָר. דאס איז דעמאָלט געווען אזוי פיעל כמעט ווי איינשטעלען די קאָפּ. מען האָט איהם דערפאר מוראדיג באַליידיגט, און אין סאמע ברען פון דער קריגעריי האָט לאָראָד דעוויד אויסגעהאַלטען זיין פּאַ־ריק. אמאָל איז דעם צווייטען שווערער ווי דעם ערשטען. מען דאַרף שוין דערצו ווייניגער געניאַליטעט אבער מעהר קוראַזש, דער ערשטער פאַרבלענדעט מיט'ן נייעם אויפטו, ער זעהט אמאָל די געפאַר ניט, דער צווייטער זעהט שוין ווי געפערליך דאס איז און שפרינגט גלייך אין אַפּגרונט אריין. לאָרד דעוויד האָט אזא העלדען מוט געהאַט, שפּעטער האָט מען זיי שוין גענומען נאָכטאָן, עס האָבען זיך באַוויזען מענשען מיט די אייגענע האָר נאָר אביסעל צוגעדעקט, באַשאָטען מיט פּודער.

דערצו האָט נאָך לאָרד דעוויד געטראָגען שטיוועל פון קיהען־פעל — אויך א געוואַלדיגע רעוואָלוציע אין יענער צייט.

פאַר אַט אזעלכע זאַכען איז ער געוואָרען א גרויסער חשוב אין די הויכע ספערען, מען האָט איהם אויסגעקליבען פאַר'ן הויפּט פון אַלע קלובען, ער האָט אַליין עטליכע קלובען געגרינדעט, און אַליין פאַר זיי רעגולאַציאָנען פאַרפאַסט.

צווישען אַנדערע אויפטואונגען זיינע איז שטאַרק באַריהמט גע־ווען דער גוניען קלוב, דאָרט האָבען די יונגע לאָרדען אין קאָרטען גע־

שפּילט. די קלענסטע סומע אויף וועלכע מען פלעגט שפּילען איז געווען פופציג גינעס, און אויפ׳ן טיש פלעגט זיך כמעט ווי קיין מאָל ניט געפינען ווייניגער ווי צוואנציג טויזענד גינעס. די שפּילער זענען געזעסען אין מאסקעס מען זאָל ניט זעהן ווי זיי ווערען אויפגערעגט ביים שפּיל. זייערע רעקלעך פלעגען זיי טראָגען איבערגעקערט, זיי זאָל זיין מזל׳דיגער.

לאָרד דעוויד האָט נאָך באַלאַנגט צו אַ סך קלובען צווישען אַנדערע איז געווען דער „ביפשטייק קלוב“, דער „סורליי קלוב“, דער „צולם קלוב“, דער „פּאַרקניפּטער קלוב“, דער „קלוב פון רעאַליסטען“ און דער „מארטינוע סיבעלוס“, געגרינדעט פון סוויפטען צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער „ראַטאַ קלוב“ וואס איז געווען געגרינדעט פון מילטאָנען.

טראָץ דעם וואס ער איז געווען שעהן, האָט ער אויך באַלאַנגט צו דעם „קלוב פון מיאוסע מענער“. דער קלוב איז געווען אַ אָריגינעלער. דאַ האָבען זיי זיך אונטערגענומען צו קעמפען ניט פאַר שעהנע פרויען נאָר פאַר מיאוסע מענער. דער קלוב איז געווען באהאנגען מיט בילדער פון העסליכקייטען, קאַליקעס. לעבען דעם קוימען איז געווען אַ בילד פון עסאָפּען צווישען צוויי איין אויגיקע מענער: קאָקעלס און קאַמוס. קאקעלס איז געווען בלינד אויף דער רעכטער אויג און קאמוס אויף דער לינקער. זיי זענען געשטאַנען איינער קעגען אנדערען. דעם טאָג וואס די שעהנע מאַדאַם וויסאַרט איז קראַנק געוואָרען אויף פּאָקען האָבען זיי געטרונקען צו איהר געזונט. דער קלוב האָט נאָך געבליהט אין דעם אָנפאַנג פון נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט. דער קלוב האָט געשיקט אַ דיפּלאָם פון עהרען מיטגלידער צו מיראַבאָין.

נאָך דער רעסטאַראַציע פון קאַרל דעם צווייטען, האָט מען אָפּגעשאַפט אַלע רעוואָלוציאָנערע קלובען. צווישען אנדערע האָט מען פאַרמאַכט דעם קליין שיינקעל וואו עס האָט זיך אַמאָל אויפגעהאַלטען דער קלוב וואס האָט געהייסען „דער קעלבערנער קאָפּ“. דעם נאָמען האָט דער קלוב באַקומען צוליב אַ פאַסירונג דעם 30 יאַנואַר 1649. דעם האָט קאַרל דעם ערשטענ׳ס בלוט גערונען פון דער תליה און אין דעם קלוב האָבען זיי געטרונקען רויטען וויין אין אַ קעלבערנעם שאַרבען צו קראַמוועלס געזונט.

עס איז אויך געווען אַ „פרויען-יעגער קלוב“ זיי פלעגען כאַפּען

א פרוי פון מיטעלען שטאנד אין גאַס און איהר אריינגעמען אין קלוב און איהר צווינגען צו געהן אויף די הענט. די קלייד פלעגט אראָפּפאַלען און פלעגט באַדעקען איהר פּנים, אויב זי איז ניט געווען גראַציעז פלעגען זיי איהר שמייסען מיט ריטער.

זיי האָבען אויך געהאט א „פּאָן" קלוב. „פּאָן" איז א ווארט וואָס איז אונמעגליך איבערצוזעצען אין אנאנדער שפּראך ס'איז גענוג צו זאָגען אז פּאָן איז צו פארס וואָס פעפער צו זאַלץ. אריינצוגעהן אין א הויז צוברעכען א שפּיגעל, צוהאַקען די פאַמיליען פּאָטרעטען, צו פארגיפטען א הונט, פארברענען א קאַץ, דאָס רופט מען אַז „האָבען אביסעל פּאָן" (שפּאַס), צו אָפּטאָן אַ אַזעלכע שטוקעס הייסט האָבען „פּאָן". אונטער דזשיימס דעם צווייטען האָט א יונגער לאָרד אונטערגעצונדען אַ שטרייענע הייזקע און גאַנץ לאָנדאָן האָט זיך געקאַטשעט פון געלעכטער, און ער איז פּראָקלאַמריט געווארען דער „קעניג פון פּאָן". די מיטגלידער פון אַ דעם „פּאָן קלוב" פלעגען ארומגעהן אין די גאַסען פון לאָנדאָן ווען אַלע רוהיגע בירגער פלעגען שוין שלאָפען און זיי פלעגען אַפּרייסען לאַדענס, ברעכען שויבען, אַפּרייסען שילדען, ארויסרייסען וואַסער פּאַמפּס, צושטערען גאַרטענס, איבערהויפּט אין די אָרעמע קווארטאַלען.

דאָס האָבען די רייכע געטאָן צו די אָרעמע דערפאַר האָט מען זיי ניט געקענט אנקלאָגען, און אויסער דעם איז דאָס געווען א שפּאַס.

דער בארימטעסטער קלוב פון יענער צייט איז געווען דער „מאָאָק קלוב", איבער יענעם קלוב איז דער קעניג געווען פּרעזידענט. זיי זענען געגאַנגען ווייטער ווי „פּאָן". זייער אויפגאַבע איז געווען צו טאָן שלעכטס צוליב שלעכטס, און אום אויסצופירען זייער פּראָגראַם איז אַלץ געווען ערלויבט. ווען איינער האָט געוואָלט ווערען א מיטגליד אין דעם קלוב האָט ער געדאַרפט שווערען אז ער וועט טאָן שלעכטס, שלעכטס אונטער אלע אומשטענדען, קיין אונטערשיד צו וועמען, צו וואָס, צוליב וואָס עס איז געווען א פליכט.

לאָרד דעוויד דירי מואר האָט אויך באַלאַנגט צו דעם קלוב, ער האָט מיט פארגעניגען פארברענט א הייזעל און באהאַנדעלט די איינוואוינער אביסעל גראָבלעך. ער האָט שוין אויך געמאַכט אז צוויי פרויען זאָלען געהן אויף די הענט אין דעם „פרויען יעגערס קלוב". איינע איז געווען א מיידעל, און ער האָט איהר דערפאַר געגעבען נדן

די צווייטע איז געווען א פארהייראטע און ער האָט איהר מאַן גע־מאַכט פאר א אונטער גלח.

דער „הענער געפעכט“ איז פיל פארבעסערט געוואָרען פון איהם עס איז געווען אן אויסערגעוויינליכער פארגעניגען צו זעהן לאָרד דע־ווידען אנטאָן א האָן צום געפעכט. הענער כאַפּען זיך אָהן אָן די פע־דערן ווי מענשען ביי די האָר, האָט ער דערפאר אָפּגעשוירען אלע הע־נער וואס פלעגען דארפען זיין אין געפעכט ביז'ן לייב.

„זאָל זיין ווינציגער פאר דעם פיינדס שנאָבעל“, פלעגט ער זאָ־גען.

לאָרד דעוויד פלעגט אויך ליעב האָבען באקסינג. און ער איז געווען זייער לעבעדיגער געזעץ. ביי די אריסטאָקראַטישע פארשטע־לונגען איז ער געווען דער גאנצער ארגאניזאטאָר. ער פלעגט מאַכען די ספּעציעלע געזעצען פאר די שפּילען, ער איז געווען דער ריכטער ער האָט נאָכגעפאָלגט די באקסערס טראָט נאָך טראָט, און ער פלעגט שרייען „שלאָג ריכטיג!“ ער פלעגט זיי ערמוטיגען ווען זיי האָבען גע־קעמפּט, פלעגט זיי ארומווישען ווען זיי האָבען געבלוטיגט, פלעגט זיי אויפהויבען ווען זיי פלעגען פאלען. ער איז געווען דער ריכטער, פלעגט זעהן אז דאָס שפּיל זאָל אנגעהן געזעצליך, פלעגט קיינעם ניט צולאָזען נאר די סעקונדאנטען, זיי זאָלען העלפען די פעכטערס, און ער פלעגט ארויסגעבען דעם אורטייל ווער דער זיעגער איז. אָט די אלע וויסענשאפטען האָבען איהם אָבער ניט געמאַכט פאר קיין פעדאנט. און עס האָט איהם ניט געשטערט צו זיין אין געזעלשאפט דער פראנט מיט די לייכטע מאנירען.

ער האָט ניט געהאט קיין גלייכען צו זיך אין מבנות, ווען ער פלעגט זאָגען צו א באקסער פארפערטיג זיך, מאך איבונגען, איז שוין יענער געווען א געוואונענער. ער פלעגט אויסזוכען אזא גבר און פלעגט איהם מאַכען פאר זיין קינד. ער פלעגט אויסקלייבען זיין עסען, אָפּמעסטען זיין פּאָרציע וויין. ער איז געווען זיין ניאַנקע. איז גאָס פלעגט ער איהם אויך אָפּהיטען, עס זאָל מיט איהם גאר ניט פאסירען, א פערד זאָל איהם ניט איבערפארען, א שכר'ער סאָלדאַט זאָל זיך ניט פארטשעפּען מיט איהם, שעהנע גאסען פרויען זאָלען איהם ניט רופען און נאָך אזעלכע זאכען.

לאָרד דעוויד דירי מאיר איז געווען ליידענשאפטליך פארליעבט

אין גאסען פאַרשטעלונגען, צירקען מיט פאַרשידענע חיות, הויקערס, קלאונס, פּאַרסען וואס מען פלעגט אין יענער צייט שפּילען אין די גאסען. דער אמת'ער לאָרד איז דער וועמעס געשמאַק איז דער זעלבער ווי ביים פּראָסטען פאָלק, דערפאַר פלעגט לאָרד דעוויד געהן אין אלע שיינקען און קרעטשמעס. אבער איהם ניט צו קאָמפּרימיטירען זיין שטאַנד פלעגט ער זיך אנטאָן ווי א מאַטראָז, דאָס וואָס ער פלעגט ניט טראָגען קיין פּאַרוק איז געווען באַקוועם פאַר איהם און אַט די פאַר־מאַסקירונגען, ווייל אפילו אונטער לואיס דעם פערצעהנטען, פלעגט דאָס פּראָסטע פאָלק טראָגען זייערע אייגענע האָר. דאָס פּראָסטע פאָלק צווישען וועמען ער פלעגט געהן, האָבען איהם שטאַרק געליעבט ווי מען ליעבט א גוטען יונג, ניט וויסענדיג פון זיין שטאַנד. זיי האָבען איהם גערופען „טאָם", „דזשיים", „דזשעק". אונטער די נעמען איז ער געווען פּאָפּולער ביי דעם פאַר'שכר'טען פאָלק, ער פלעגט זיך האַלטען מיט זיי זעהר גוט גאַנץ אָפט באַנוצענדיג זיינע קולאַקעס. די זייט פון זיין לעבען האָט ליידי דזשוזיאַנא געוואוסט און זי האָט דאָס ליעב געהאט.

# 4טער קאַפּיטעל.

## 1.

איבער דער פּאַרעל איז געווען קעניגען אננא פון ענגלאַנד.

קעניגין אננא איז געווען ווי יעדער אנדער פרוי, זי איז געווען פרעהליך, לוסטיג און גוטמוטיג. קיין איינע פון איהרע מעלות האָט איהר ניט דערהויבען צו טוגענד, קיין איינע פון איהרע פעלערען צו פאַרברעכען. זי איז געווען פעט אָנגעבלאָזען, איהר הומאָר איז געווען א שווערער, איהר גוטסקייט נאַריש. א ווייב איז זי געווען א געטרייע און אונגעטריי, זי האָט געהאט ליעבלינגע, וועמען זי האָט איהר

הארץ אוועקגעגעבען, און פאר דעם וויכטיגסטען פון זיי האט זי אויך
די בעט געהאט, אויסער איהר שעהן געפארמירטע אויסגעפילטע האלז
איז זי ניט געווען קיין זעהר שעהנע. זי פלעגט אייביג זיין פארכמורעט,
אנגערויגעזט. בלויז פון צייט צו צייט פלעגט האבען אן אויסברוך פון
פרייד, וואס איז געווען אזוי שווער ווי איהר כעס. איהר מאן אזי גע־
ווען א דען.

זי האט רעגירט דאס לאנד, ווי א פרוי, נאריש. ווען זי פלעגט
ווערען אין כעס פלעגט זי אלעס צוברעכען, קיינער האט נאך אזוי
קאפריזנע ניט רעגירט א לאנד, יעדער קליינינקייט איז ביי איהר
געווען א גרויסע קאטאסטראפע. ווען זי פלעגט ווערען אויטארעטיוו,
פלעגט זי דאס אנרופען: „געבען א זעץ מיט'ן האמער.“

זי האט ניט פיינט געהאט אפצוטאן שטיקלעך. זיך רייצען.
ווען זי וואלט געקענט מאכען א סאלאן פאר א הייקער וואלט זי דאס
מיט פארגעניגען געטאן, אבער א גאט וואלט ער פארבליבען. זי פלעגט
אפט זאגען גראבע ווערטער, נאך אביסעל וואלט זי געשאלטען ווי
קעניגען עליזאבעט.

זי איז געווען א פיוריטאנערן, האט אבער ליעב געהאט פארשטע־
לונגען. און פלעגט צו זיי א סך געהן, זי האט געוואלט גרינדען אן
אקאדעמיע פון מוזיק נאכ'ן מוסטער פון פראנקרייך. אין דעם יאהר
1700, האט איינער א פראנצויז מיט'ן נאמען פערטאשיי געוואלט
אויסבויען אין פאריז א צירק וואס וואלט געדארפט קאסטען פיער
הונדערט טויזענד פונט, איז אבער ארגענסאן געווען דאגעגען, איז ער
אוועק קיין ענגלאנד און דאס פארגעשלאגען דער קעניגין אננא, זי איז
גלייך געווארען באגייסטערט פאר דעם פלאן. זי פלעגט ליעב האבען
צו גאלאפירען אין איהר עקיפאזש, און זי פלעגט קומען פון ווינדזאר
אין לאנדאן צייטענווייז ווינציגער ווי אין א שטונדע און א פערטעל.

2.

אין אננא'ס צייטען האט מען זיך ניט געטארט פארזאמלען אהן
אן ערלויבעניש פון צוויי ריכטער. אז א צעהנדליג מענשען פלעגען זיך
צוזאמענקומען ווען אפילו ניט מעהר ווי צו מאכען א שנאפס, פלעגט
דאס זיין א פארברעכען.

אונטער איהר רעגירונג — וואס איז נאך אלעמען ניט געווען אזוי
שטריינג — פלעגט מען אכזריות'דיג קלייבען רעקרוטען פאר דער

פּלאַטע. א באַווייז אז אן ענגלענדער איז געווען אן אונטערטאַן און ניט קיין בירגער. יאַהרהונדערטע איז דער קעניג פון ענגלאַנד איז דעם הינזיכט געווען א טיראַן, ער האָט געהאט אזא געצוואונגענעם פּלאַטען־דינסט ווי די פראַנצויזען, אַן אַרמעע־דינסט. אין אַלע גרויסע שטעדט פון פראַנקרייך איז יעדער מאַן וואָס איז געגאַנגען איבערן וואָס געווען אין אַ געפאַר געכאַפּט צו ווערען און אריינגעשפּאַרט ווע־רען אין א געביידע וואָס האָט געהייסען דער „הייוועז". דאָרטען איז ער געווען מיט נאָך אנדערע ביז עמיצער איז געקומען און עקזאַמינירט און ווער עס האָט ניט געטייגט פאַר מיליטער דינסט האָט מען אַפּגע־שיקט. אין פּאַריז איז געווען 30 „הייוועגס" אין דעם יאַהר 1695.

אננא איז געבוירען געוואָרען אין דעם יאַהר 1664, ווען דער גרויסער פייער איז געווען אין לאָנדאָן. די שטערען זעהער האָבען פאָראויס געזאָגט, אז זייענדיג „די עלטערע שוועסטער פון דעם פייער וועט זי ווערען קעניגין", זי איז דאָס געוואָרען, א דאַנק די אסטראָ־לאָגען און די רעוואָלוציע פון 1688. איהר טויף־פאָטער איז געווען דער ארצביסקופ גילבערט. דאָס איז גערעכענט געוואָרען פאַר איין ערני־דערונג. עס איז אבער געווען איהר אייגענע שולד, ווען זי וואָלט גע־באָרען געוואָרען א קאַטאָליקען וואָלט דער פּאַפּסט אליין געווען איהר טויף־פאָטער.

דענמאַרק האָט אָפּגעקויפט איהר בתולה'שאַפט — ווי דער ווער־טעל געהט — פאַר זעקס טויזענד צוויי הונדערט און פופציג פונט שטערלינג א יאַהר.

אננא האָט נאָכגעפאָלגט די טראַדיציעס פון ווילהעלעם. זי האָט גערעדט אביסעל דעניש, פאַר פריוואַטע געשפּרעכען מיט איהר מאַן, אביסעל פראַנצויזיש, ווייל דאָן איז געווען אין העכסטער מאָדע צו רעדען פראַנצויזיש צווישען דער אריסטאָקראַטיע. זי איז אויך נאָך אַלעמען געווען א גוטע, דער ווידערשפּרוּד איז פאַרשטענדליך, היצט אונטער צוקער און עס וועט אויך קאָכען.

אננא איז געווען זייער פּאָפּולער ביים פאָלק. ענגלאַנד האָט ליעב געהאַט פרויען רעגירער. פאַרוואָס? איין אורזאַכע איז: ווייל פראַנק־רייך האָט פיינט געהאט. עס קאָן זיין אז מעהר קיין אורזאַכען זיינען ניטאָ. ענגלישע היסטאָריקער האַלטען אז עליזאַבעט, איז די גרויסקייט

אליין. אננא איז די גוטסקייט אליין. זאל זיין אזוי, האמפערן זיך
ווילען מיר ניט.

3.

איינע פון די נארישסטע זאכען פון די פעלקער איז צו צושרייבען
צום קעניג וואס זיי אליין טוען, זיי האלטען מלחמה, שלאגען זיך,
ווער קומט די עהרע? דעם קעניג. זיי צאהלען, ווער איז רייך?
דער קעניג, און דאס פאלק ליעבט איהם פאר זיין רייכטהום. דער
קעניג קריגט פון די ארעמע א קרוין און גיט זיי צוריק שטיקלעך
פאפיר, ווי ברייטהערציג ער איז! א קארליק האט א גוטען מיטעל צו
ווערען גרעסער פון א ריז: ארויף קריכען אויף זיין קאפ. אבער די
משונדיגסטע זאך איז וואס דער ריז ערלויבט איהם און ער פארגע־
טערט נאך די גרויסקייט פון דעם קארליק. דאס פאלק איז געוויינ־
ליך אן אייזעל. עס טרעפט אבער אז דער אייזעל ווערט מיט אמאל
א לייב, ווי עס האט פאסירט אין ענגלאנד אין 1642, אין פראנק־
רייך אין 1789 און ווידער אמאל אין 1793. אבער אז פון דעם לייב
זאל ווערען צוריק א קעלבעל דאס איז שוין אונפארשטענדליך. מיר
האבען דאס אבער געזעהן אין ענגלאנד. עטליכע יאהר שפעטער האט
מען ווידער גענומען פארהערען די ראיאליסטישע באנדע. און די קע־
ניגין אננא איז געווען זעהר שטארק באליעבט, ווי עס איז אויבען
געזאגט געווארען, וואס האט זי געטאן ארויסצורופען אזעלכע געפי־
לען? גארניט! גארניט דאס אלעס וואס עס ווערט פארלאנגט פון דעם
ענגלישען קעניג.

און פאר דעם גאר ניט קריגט ער באצאלט דרייסיג מיליאן פראנק
א יאהר. ענגלאנד האט געהאט בלויז דרייצעהן קריג שיפען אין די
צייטען פון עליזאבעט און זעקס און צוואנציג אונטער דזשיימס דעם
1טען. זי האט אבער געהאט א הונדערט און פופציג אין 1705. ענגלאנד
האט געהאט דריי ארמעען, פינף טויזענד מענער אין קאטאלאניע,
צעהן טויזענד אין פארטוגאל, פופציג טויזענד אין פלאנדערס און אוי־
סער דעם האט זי געצאהלט פערציג מיליאן פראנק א יאהר דעם
קעניג און א דיפלאמאטישע סוויטע. דער פארלאמענט האט געגעבען
אן ערלויבעניש פאר אן הלוואה אויף פיער און דרייסיג מיליאן, ענג־
לאנד האט געשיקט א סקוואדראן סאלדאטען אין די „אסט אינדיעס“

א סקוואדראן ביי דעם שפּאנישען ברעג, אונטער דער קאמאנדע פון אדמיראל ליעק, ניט צו רעכענען פיער הונדערט זעגלען אין פאל פון געפאר אונטער אדמיראל שאוועל. ענגלאנד האָט דאן אנעקסירט סקאָטלאנד.

ווי קען מען זיך ערלויבען ניט צו פארעהרען קעניגין אננא פאר׳ן לעבען אין אזא צייט. קעניגין אננא איז געווען אין פילע הינזיכטען עהנליך צו לויעס דעם פערצעהנטען, מאכענדיג א פּאראלעל צווישען די פעריאָדען זעהט מען ווי עהנליך זיי זענען, ווי זיינער איז אויך איהר רעגירונג געווען א גראנדיעזער. זי האָט געהאט איהרע מאָנו־מענטען, איהר קונסט, איהרע זיעגען, איהרע קאפּיטאַנען, איהרע שריי־בערס, פּונקט ווי זיין האהייט האָט עס געהאט. קיין איין מענש פּעהלט איהר ניט. קריסטאָפער ווערען איז שטארק עהנליך צו מאָו־סארט, סאמערי צו לא מאגנאן. זי האָט א ראסינען אין דריידען, א בילוע אין אליקסאנדער פּאפּ. א גאלבערט אין גאלדאל פּין, א לואווים אין פּעמברוק און א טורען אין מאלברע, אלעס איןווינדזאר וואָלט געהאט א שטאַרקע עהנליכקייט צו מאלעריי, נאר דא איז אלעס געווען ווייבליך.

ס׳איז א שאָד וואס אננא האָט ניט מעהר רעגירט ווי צוועלף יאָהר. די ענגלענדער וואָלטען געקענט זאָגען דער יאָהר הונדערט פון אננא, פּונקט ווי מיר זאָגען דער יאָהר הונדערט פון לויעס דעם פער־צעהנטען. אננאס שטערען האָט אויפגעשיינט ווען לויעס דער פער־צעהנטער האָט זיך גענומען פארדונקלען.

נאָך עטוואס מוז דערמאָנט ווערען, לויעס דער פערצעהנטער טראָץ דעם וואָס זיי האָבען געהאלטען מלחמה מיט איהם, איז שטאַרק באליעב געווען אין ענגלאנד, זיי פלעגען זאָגען „אָט דאס איז דער קעניג וואס די פראנצויזען דארפען."

די ענגלענדערס ליעבע צו פרייהייט איז פארבונדען מיט א סאָרט פארגעניגען פאר אנדערענס אונטערדריקונג.

אין קורצען קעניגין אננא האָט געמאכט איהר פאָלק גליקליך. ווי דער פראנצויזישער איבערזעצער פון ביוועלס בוך זאָגט אין דריי פלעצער אויף דער זעקסטער און נײַנטער בלאט און אין דעם פאר־וואָרט

4.

קעניגין אננא איז געווען אביסעל אונצופרידען מיט דער הער־צאגען זשאזיאנא צוליב צוויי אורזאכען.

ערשטענס: דערפאר ווייל די הערצאגין איז געווען א שעהנע.

צווייטענס: דערפאר ווייל זי האט גערעכענט אז דער הערצאַ־גינס צוקינפטיגער מאן איז א שעהנער.

צוויי אורזאכען צו זיין אייפערזיכטיג איז גענוג פאר א פרוי: איינער איז גענוג פאר א קעניגין.

נאך עטוואס װעלען מיר צורעכענען: זי האט איהר פיינט גע־האט, ווייל זי איז געווען איהר שוועסטער.

אננא האט ניט ליעב געהאט קיין שעהנע פרויען, זי האט גע־האלטען אז עס איז ניט אנשטענדיג גענוג.

זי אליין איז געווען ניט שעהן, ניט ווייל זי האט אזוי געוואלט.

א טייל פון איהר רעליגיע איז געווען ווייל זי איז מיאוס געיועז.

זשאזיאנאס שעהנקייט און פילאזאפישקייט פלעגט איהר אין כעס אריינברייינגען.

פאר א ניט שעהנע קעניגין איז ניט אזוי באקוועם צו האבען א שעהנע הערצאגין פאר א שוועסטער.

און נאך עטוואס, זי איז ניט געווען קיין געזעצליכע קינד.

---

## 5טער קאפיטעל.

זשאזיאנא האט דורך א געוויסען מאן צו ווערען זי האט געהאט צוטרויען, נאכגעשפיאנירט לארד דעווידען, דעם מאנ'ס נאמען איז געווען בארקילפעדרא.

לארד דעוויד ווידער, האט איז געהיים נאכגעשפיאנירט, דורך א מאן צו ווערען ער האט געהאט צוטרויען, הערצאגין זשאזיאנא. דעם מאנס נאמען איז געווען בארקילפעדרא.

די קעניגין אננא האָט פון איהר זייט אנגעשטעלט א מאַן צו וועמען זי האָט געהאט צוטרויען, ער זאָל איהר אינפאָרמירען וועגען די האנדלונג פון הערצאָגין זשאזיאנא איהר שוועסטער און לאָרד דעוויד איהר צוקינפטיגען שוואגער. דער נאָמען פון דעם מאַן וואס האָט איהר געבראכט די באריכטען איז געוועזן באַרקילפעדרא.

איצט האָט באַרקילפעדרא געהאט די שליסלען אין זיין האַנט פון זשאזיאנען, לאָרד דעוויד און די קעניגין, איין מאַן צווישען צווייי פרויי־ען. ניט אלעמאָל האָט ער אבער פארנומען אזא שטעלע; ארייינצושוש־קען אין די אויערען פון די דריי מענשען.

ער איז געוועזן אַן אלטער דינער ביי דעם הערצאָג פון יארק, ער האָט געוואלט ווערען א גלח און ער האָט ניט געקענט. ער איז געוועזן אין זיין דינסט אבער האָט זיך צו גאר ניט געקענט דערדינען, צו זיין א דינער איז עטוואס אבער ער האָט געוואלט מעהר מאכט. ער האָט דאָס שוין באלד געהאט, איז אבער דזשיימס דער צווייטער געפאלען און ער האָט געדארפט אנפאנגען איבער א נייס, ער איז ניט געוואָרען מוטלאָז טראָץ דעם וואָס איהם איז אזוי גוט ניט געגאנגען, מען דאַרף וויסען אַז א קעניג ווען מען ווארפט איהם אראָפּ פון טראָהן איז דער אומגליק נאָך ניט אזוי גרויס, ער לעבט זיך ערגעץ אנדערש ווי א פרינץ און איז נאָך אַלץ אַן אנגעזעהענער מענש. אנדערש געהט עס אָבער מיט זיינע הויפלייטע, זיי זענען פיעל מעהר טויט ווי דער פרינץ, דער פרינץ ווערט א שטומער, די הויפלייטע שאָטענס.

צו זיין א שאָטען ביי א שאָטען האָט באַרקילפעדרא ניט גע־וואָלט, האָט ער זיך גענומען צו דער ליטעראטור, אבער גוט איז איהם נאָך אַלץ ניט געגאנגען. ער האָט צייטענווייז ניט געהאט וואו צו שלאָפען, ער פלעגט זאָגען: „ווער וועט מיר ראטעווען פון א נאַכט אין דער פרייער לופט?“ אבער אויפגעגעבען האָט ער דעם קאַמף ניט ביז ער האָט זיך דערשלאָגען צו דער הערצאָגין זשאזיאנא.

זשאַזיאנא האָט באַשיצט דעם מאַן וואס איז געוועזן ארעם, אבער האָט געהאט שכל, צוויי זעהר ריהרענדע אייגענשאפטען. זי האָט איהם פארגעשטעלט פאַר לאָרד דעווידען, האָט איהם געגעבען עסען געהאלטען ביי זיך, געווען גוט צו איהם און אפילו אמאָל גערעדט צו איהם. באַרקילפעדרא איז שוין מעהר הונגעריג ניט געווען, זשאזיאנא פלעגט צו איהם זאָגען: „דו“ עס איז דאַן געווען אין מאָדע אַז מיט

שרייבער פלעגט מען רעדען פער „דו“. און ער איז דערפון געווען צו־
פרידען.

אנגערופען צו ווערען פון זשארזיאנא „דו“ איז געווען א סימן
פון ערפאלג. בארקילפעדרא איז געווען באצויבערט דערפון. ער פלעגט
זאגען: „ליידי זשארזיאנא רעדט צו מיר פער „דו“ און פלעגט זיך
רייבען די הענט. ער האט אויסגענוצט די געלעגענהייט און ער איז
אזוי צו זאגען געווארען נאהענט צו זשארזיאנאס פריוואטע צימערן.
ער איז ניט געווען אויפפאלענד, ניט באמערקט, די הערצאגין וואלט
זיך אפילו געקענט איבערטאן אין זיין אנוועזנהייט. ער האט אבער
נאך געציעלט ווייטער, א הערצאגין איז נאר א העלפט פון דעם ער־
פאלג, מען דארף נאך אנשפארען העכער.

און מאל האט בארקילפעדרא געזאגט צו דער הערצאגין:

— וואלט אייער האכהייט מיר געוואלט גליקליך מאכען?

— וואס פארלאנגסטו?

— א שטעלע.

— א שטעלע פאר דיר?

יע, מאדאם.

— וואס מיינסטו בעטענדיג ביי מיר א שטעלע? דו ביזט א
טויגניכטס.

— את טאקע דערפאר.

זשארזיאנא האט זיך צולאכט.

— פון אלע שטעלעס צו וואס דו פאסט זיך ניט וועלכע וויל־
סטו

— א פראפען ציער פון די פלעשער פון ים.

זשארזיאנא האט נאך מעהר געלאכט.

וואס איז דאס אזוינס? דו שפאסט.

— ניין מאדאם.

— איך וועל זיך אביסעל אמוזירען ענטפערענדיג דיר ערענסט.
וואס ווילסטו ווערען זאג.

— א פראפען ציער פון די פלעשער פון ים.

— אלעס איז מעגליך אין הויף. איז דען דא אזא שטעלע?

— יע מאדאם.

— דאס איז פאר מיר עטוואס נייעס.

— עס איז דא אזא שטעלע.

— שווער ביי דיין נשמה, וואס דו האָסט אלענפאלס ניט.

— איך שווער.

— איך גלויב דיר ניט.

— דאַנק מאדאם.

— פארלאנגסטו ?... זאָג עס נאָך אמאָל.

— ארויסצוציען די פּראָפּקעס פון די פלעשער פון ים.

— דאס איז א באַרוף וואס ווארפט ניט אריין אין א פארלעגענהייט, עס איז ווי פאָהרען אויף א בראַנזענעם פערד.

— כמעט.

— גאר ניט צו טאָן, אָט אזא שטעלע דארפסטו, דערצו וועסטו טייגען.

— איהר זעהט דאך אז פאר עפּעס טויג איך.

— אבער, אין דער אמת'ן דו שפּאַסט ס'איז דען דא אזא שטעלע ?

בארקולפעדרא האָט גענומען ערקלערען :

— מאדאם איהר האָט געהאַט א הויכגעשעצטען פאָטער און איהר האָט א הויכגעשעצטען שוואגער. דזשיימס דער צווייטער אייער פאָטער און געאָרג פון דענמארק אייער שוואגער, איז געווען און איז לאָרד אדמיראל פון ענגלאנד.

— דערצעהלסטו מיר נייעס ? דאס וויים איך דאך אזוי ווי דו.

— אבער דאס ווייסט ניט אייער האכהייט ניט, אז עס איז דא דריי זאכען אין ים דאס וואס ליגט אויפ'ן גרונט, „ליגאן“, דאָס וואס שווימט אויפ'ן וואסער „פלאסאם“ און דאס וואס דער ים ווארפט ארויס „זשעסטאם“.

— איז וואס ?

די דריי זאכען : „ליגאן“, „פלאסאם“ און „זשעסטאם“ זענען דריי זאכען וואס באלאנגען צו דעם לאָרד אדמיראל פון ענגלאנד.

— יע, נו.

— אייער האכהייט פארשטעהט ?

— ניין.

— אלעס וואס איז אין ים, וואס זינקט, וואס שווימט, וואס

ווערט ארויסגעווארפען באלאנגט צו דעם לארד אדמיראל פון ענגלאנד.

— אלעס גוט. טו וואס ווילסטו ? ערקלערט.

— אין ים איז דא א סך עצרות ס׳איז אונערשעפליך, אלע מאל זינגט עפעס, אלעמאל קומט עטוואס ארויף, אלעמאל ווארפט דער ים עטוואס ארויס, דאס איז די שטייער וואס דער ים צאהלט ענגלאנד.

— איך הער, אבער ענדיג שוין.

— פארשטעהסט דאך, אז אויב אזוי איז דאך דא א שטעלע

— וואו ?

— אין דער אדמיראליטי.

— וואס פאר א שטעלע ?

— די שטעלע פון די פרייזען פון ים.

— נו ?

— עס איז אייגענטליך דא דריי שטעלען : „ליגאן“, „פלאסטאם“ און „זשעסטאם“.

— טו וואס ווילסטו ?

— די שטעלע פון „זשעסטאם“.

— דאס רופסטו אז דער פראפען ציער פון די פלעשער פון ים ?

— יע.

— פארוואס ווילסטו דעם לעצטען און ניט די צוויי אנדערע ?

— ווייל די שטעלע איז איצט ניט פארנומען.

— וואס איז דאס פאר א באשעפטיג׳ונג ?

— מאדאם, אין 1598 האט א פישער מאן געפונען א פלאש אין ים, אין דער פלאש איז געווען א שטיקעל לעדער און דארטען איז געווען אנגעשריבען אז האלאנד האט אנעקסירט א אונבאקאנטע שטיק לאנד. די פלאש איז געבראכט געווארען צו קעניגען עליזאבעט.

— איך פארשטעה ניט וואס דו זאגסט.

— קעניגין עליזאבעט האט פארשטאנען א לאנד מעהר פאר האלאנד מיינט א לאנד ווינציגער פאר ענגלאנד. די פלאש וואס האט געשיקט די ווארנונג איז באטראכט געווארען פאר זייער וויכטיג, און פון דאן אן איז דא אזא שטעלע. מען האט ארויסגעלאזען א פראקלאמאציע אז ווען אימיצער געפינט א פלאש זאל עם גלייך שיקען צום לארד אדמיראל, ווען ניט קומט איהם היינגען.

— וויפיל באצאהלט זיך א״א שטעלע ?

— א הונדערט גינאַס א יאָהר.
— און צוליב דעם דרעהסטו מיר א קאָפּ?
— עס איז עטוואס אויף וואס מען קען לעבען.
— ווי א בעטלער.
— עס פּאסט פאר אזעלכע ווי איך.
— א הונדערט גינאַס איז דאָך אבער גארניט.
— מיט וואס איהר לעבט א מינוט קענען אנדערע מענשען לע־בען א יאָהר.
— זאָלסט קריגען די שטעלע.

א וואָך שפּעטער האָט שוין בארקילפעדרא געהאַט די שטעלע דורך דעם איינפלוס פון זשארזיאנא, דורך דעם איינפלוס פון לאָרד דעוויד. און פון איצט אָן האָט שוין בארקילפעדרא געקענט באצאָה־לען פאר זיין וואוינונג און לעבען ווי עס איז אויף זיין אייגענעם רעכענונג.

---

## 6טער קאַפּיטעל.

אונדאנקבארקייט איז א שטריך פון מענשליכען כאראקטער, און בארקילפעדרא איז געווען ניט מעהר ווי א מענש.

קריגענדיג א טובה פון זשארזיאנאן האָט ער געזוכט זיך אָפּצו־רעכענען מיט איהר.

מיר וועלען דאָ זאגען: זשארזיאנא איז געווען שעהן, רייך, שלאנק, יונג און איינפלוסרייך. בארקילפעדרא מיאוס, ארעם, אלט ניט זעלבסטשטענדיג, און דערפאר איז דאָך זיכער אז ער האָט זיך גע־דארפט מיט איהר אפּרעכענען.

ווען איינער איז געמאכט געווארען פון פינסטערניש, ווי קען ער פארטראגען אזוי פיעל ליכט? בארקילפעדרא האָט געהאַט איין פּאָר־צוג: ער האָט געהאט א גרויסען בויך, א גרויסער בויך ווערט אנ...

נומען פאר גוטמוטיגקייט אין דעם פאל איז דאס אבער געווען היפאָ־קריטסטווא.

ווי אלט איז ער געווען? גארניט! ער איז געווען אלט נאך די קנייטשען אויף זיין פּנים, נאך זיינע גראָע האר, יונג אין זיין אקטי־וויטעט. ער איז געווען א ראיאליסט, זיכער, א רעפּובליקאנער? ווער ווייס? קאטאליק? אפשר; פּראָטעסטאנט אהן צווייפעל. פאר די סטואַרדס? אפשר; פאר די בראנזוויקס זיכער. צו זיין דאפיר איז אזא צושטאנד אין וועלכען מען קען אויך זיין דאגעגען, אזוי האט ער געהאלטען.

די שטעלע פון א פּראָפּען ציער פון די פלעשער פון ים איז ניט געווען אזא ווילדע ווי ער האט עס געמאכט. אין יענער צייט איז נאך געווען זייער א סך שיפסברוכען, שיפען פלעגען אונטערגעהן און דער ים פלעגט ארויסווארפען די האב און גוטס אויפ'ן ברעג, און דאס פלעגען אויפקלייבען די איינוואוינער פון דעם ברעג ים, ביז א געזעץ איז דורכגעפירט געווארען אין ענגלאנד, אז אלעס וואס דער יםווארפט ארויס דארף געשיקט ווערען צו דער ענגלישער אדמיראליטעט. דער געזעץ האט געהייסען „דאס רעכט פון שיפסברוך". פון דאן אן פלעגט מען עס שיקען אין דער אפּטיילונג פון דער אדמיראליטעט וואס איז צוליב דעם צוועק געגרינדעט געווארען און וועמעס „הויפּט" באר־קולפעדרא איז געווען.

די שטעלע איז אלעמאל געווען פארנומען פון א פארטרויטען מענשען, אזוי האט נאך קעניגין עליזאבעט געוואלט. ווער אבער עס רעדט ארויס דעם ווארט „פארטרויען" אין קעניגליכען הויף מיינט אויך „אינטריגעס" אבער דער מענש וואס האט פארנומען די שטעלע איז פארט געווען עטוואס אן אנגעזעהענער. ער האט געמעגט אריינ־געהן אין פּאלאץ, אמת דורך א הינטער טיר, אבער געהן האט ער גע־מעגט אפילו ביז'ן שלאף צימער אפשר דארף ער זאגען דעם קעניג עטוואס נויטיגעס.

קעניגין עליזאבעט, האט ליעב געהאט צו רעדען לאטיין און ווען טאמפּאלד, פון קאלי אין יארקשיר פלעגט קומען צו איהר (ער האט פארנומען די שטעלען וואס בארקילפעדרא פארנעמט איצט) פלעגט זי איהם פרעגען: Scribit neptunus? Quid mihi

„וואס שרייבט מיר נעפּטון?"

דער ערשטער טראַט איז שוין געמאַכט געוואָרען, באַרקילפעדראַ האָט געהאַט אַ צוטריט צו דער קעניגין.

דאָס וואָס ער האָט געוואָלט.

דייך צו ווערען?

ניין.

צו מאַכען אַנדערע רייך?

אַ גרויס גליק.

שלעכטס צו טאָן איז אַ פאַרגעניגען.

ניט יעדער איינער קען זיך ארומטראַגען מיט דעם פאַרלאַנג שלעכטס צו טאָן, קיינמאָל פאַר אַ מאָמענט דאָס ניט פאַרגעסען. באַרקילפעדראַ האָט דאָס געקענט, האַבענדיג איינעם וועמען ער האָט געדאַרפט שלעכטס טאָן, האָט ער דאָס שוין געזוכט מיט אַלע מעג־ליכקייטען אויסצופירען און ער האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגען דער־פון.

זיין שלעכט איז נאָך אַ פאָרמע פון רייכטום, דער און דער מענש וועמען מען רעכענט אַז ער איז אָרעם און ער איז טאַקע באמת אָרעם, האָט זיין רייכטום אין בייזוויליגקייט, און האָט פאַרגעניגען פון דער רייכטום. אַלעס איז אָפּהענגיג אָן דעם פון וואָס איינער האָט מעהר פאַרגעניגען, צו טאָן איינעם שלעכטס וואָס איז אַזוי ווי טאָן איי־נעם גוטס, איז פאַר אַנדערע ווערט מעהר ווי געלט. עס איז שלעכט פאַר דעם וואָס דאַרף דאָס אויסשטעהן, גוט פאַר דעם וואָס טוט עס.

וואָס איז געווען דער באַרקילפעדראַ? אַלעס וואָס איז קליין, נידעריג און שרעקליך. אַ מענש וואָס איז אַלעמען מקנא געווען.

קינה איז עטוואָס וואָס אין קעניגליכען הויף איז אייביג דאָ.

אין קעניגליכען הויף זענען דאָ אַ סך אַזעלכע: רייכע ליידיג געהער, מענשען וואָס האָבען ניט וואָס צו טאָן, קלייבען זיך צוזאַמען און מען באַרעדט אַנדערע.

וואָס פאַר אַ ערפרישענדע זאַך איז דאָס שלעכטס וואָס מיר הערען וועגען אַנדערע.

פון קינה איז גוטע שטאָף פאַר אַ שפּיאָן.

עס איז דאָ אַ נאַטירליכע פאַרבינדונג צווישען אַט דעם נאַטיר־ליכען געפיהל קינה און די געזעלשאַפטליכע פונקציע שפּיאָנעריי. דער שפּיאָן פאַרפאָלגט מענשען ווי אַ הונט, דער מענש וואָס איז מקנא

פארפאלגט מענשען פאר זיך אליין, ווי א קאץ.

צווישען אנדערע מעלות האט בארקילפעדרא באזעסען די מעלות פון אלטען א געהיימנים שטיל און באהאלטען, ער האט אלעס פאר זיך געהאלטען. די וועמען ער האט אמוזירט האבען איהם ליעב געהאט, און אנדערע האבען איהם פיינט געהאט, אבער ער האט זיך געפיהלט פאראכטעט ביי די וואס האבען איהם פיינט געהאט, און געהאסט ביי די וואס האבען איהם ליעב געהאט. ער האט אבער צו אלעמען געשמייכעלט און אלעמען באגריסט.

אט די פארבאהאלטענע און ווערעמדיגע מענשען זענען ניט אזוי זעלטען ווי מען מיינט. מיר זענען ארומגערינגעלט מיט זיי. פארוואס זענען דא שלעכטע מענשען? א קלוגע פראגע. דער טרוימער פרעגט עס אייביג. דער דיינקער וויל דאס פארענטפערען, אבער קען ניט. און דערפאר זענען די אומעדיגע אויגען פון דעם פילאזאף אייביג אנגע־שטעלט אויף דעם בארג וואס הייסט שיקזאל, און פון דעם שפיץ ווארפט דער קאלאסאלער גייסט פון שלעכטס, שלאנגען אויף דער ערד.

בארקילפעדרא האט געהאט א פעטען קערפער און א ביינער־דיגען פנים. זיין קאפ א ברייטע און האר הארטע, די געקנייטשטע יוינקלען ארום זיינע אויגען האבען פארבאהאלטען א שלעכטען מיין און די אויגען וואס זענען אויך געווען באדעקט מיט גרויסע געדיכטע ברעמען.

אין א קורצע צייט האט בארקליפעדרא געקראגען צוטרויען אין הויף.

---

## 7טער קאפיטעל.

א צוטריט אין הויף קריגט מען אויף צוויי אופנים, פון דער הויך און פון דער נידעריג. פון דער הויך איז מען איינזאם, אפגע־זונדערט, פארהערט, פון דער נידער איז מען מעכטיג. דעם וואס

קומט אריין אין הויף פון דער הויך גיט מען אָב כבוד, אַלע בוקען זיך פאַר איהם, און דער וואָס קומט פון דער נידער האָט א צוטריט צו דעם שלאָף צימער. אין שלאָף צימער געפינען זיך אַלע אינסטרומענ־טען פון דער רעגירונג. דער וואָס האָט א צוטריט צום שלאָף צימער האָט פאַר זיך די פאַלים, אין דעם שלאָף צימער נעמט מען אויף די פערזענליכסטע פריינט און מען דערצעהלט זיי אַלע געהיימניסע. דערפאַר זענען אַלע עצרות אין הויף אַפען פאַר דעם וואָס קומט פון דער נידער.

אונטער לויעס דעם עלפטען איז גרויס געווען פירי דע ראהאן, דער מארשאל פון פראנקרייך. מעכטיג איז אָבער געווען אליוועך לע דיים, דער פאַריקמאַכער, אונטער מאַריע דע מעדיסע איזיסילערי, דער קאַנלער געוועזן אנגעזעהן. פון גרויס באַדייטונג איז אָבער געווען לא האַנאַן די דינסט, אונטער לואיס דעם פופצעהנטען האָט טשאַיסעל דער מיניסטער געשיינט, דער פּאַקטישער רעגירער, אבער איז געווען, לעבעל, דער דינער, וואָס פאַר א גוואַלדיגע מעגליכקייטען עס זענען דאָ פאַר א וואָרעם. די מאַכט קריגט מען אבער דורך קליינליכקייט אויב איהר ווילט זיין מעכטיג זייט נידעריג.

אזוי איז באַרקילפעדרא מעכטיג געוואָרען.

פון אונטען ווייזט מען דעם וועג, קיין זאַך איז ניט אזוי לייכט צו פאַרשטעהן, דער וואָס איז אונטען ציהט דעם שטריקעל.

עס איז ניטאָ קיין באַקוועמער פלאַץ. ער איז די אויג און ער האָט דעם אויער, ער איז די אויג פון דער רעגירונג, און ער האַלט דעם אויער פון דעם קעניג.

צו האָבען דעם אויער פון דעם קעניג מיינט צו עפענען און פאַר־מאַכען דעם טויערל פון געוויסען וועגן מען וויל. און רעגולירען דעם געוויסען ווי מען וויל. דער אויער פון דעם קעניג איז ניט דעם קעניגס, דערפאַר זענען זיי ניט אזוי שטאַרק פאַראַנטוואָרטליך. דער וואָס איז ניט באַלעבאָס פון זיינע אייגענע געדאַנקען איז אויך ניט קיין באַלע־באָס פון זיינע אייגענע טהאַטען. א קעניג פאָלגט נאָר אנדערע.

וואָס?

א בייזוויליגער וואָס בורטשעט אין זיין אויער אריין, א פלאַטער־רענדער פליעג פון אַפגרונט.

דער בורטשען איז באפעלען, דיקטירען.
דער הויכער קול באפעלט. דער נידעריגער אבער, באהערשט.
די וואס פארשטעהן ווי אויסנוצען דעם נידעריגען מורמעל אין קעניגליכען אויער זענען די אמת'ע רעגירער.

---

## 8טער קאפיטעל.

קעניגין אננא האט געהאט א סך מורמלער ארום זיך איינער פון זיי איז געווען בארקילפעדרא.

אויסער דער קעניגין האט ער אויך געמורמעלט אין די אויערען פון זשארזיאנא און לארד דעוויד. און זיי געזוכט צו באאיינפלוסען. ער איז געווען אזא שמייכלענדער, אזא נאכגעביגער, אזוי ווינציג איי־בערגעבען, אז א קעניגין האט איהם ניט געקענט אפלאזען פון זיך. ווען אננא האט נאר איין מאל געהערט זיינע זיסע ריידעלעך, האט זי איהם שוין מעהר ניט אפגעלאזען. אין גיכען איז ער געווארען פאר דער קעניגין וואס ער איז געווען פאר דער הערצאגין — א נוי־טיגער הויז חיה, אויף דעם אופן האט ער זיך איינגעלעבט. ער האט אלסדינג געוואוסט, אלעם געפארשט און גיכען געווארען א אמת'ער ראט געבער.

ער האט אבער אויך ניט פארלאזען זשארזיאנאן, ווי געזאגט ער איז איצט געווען איהר שפיאן. ביי איהר האט ער זיך דערדינט צו דער העכסטער פארטרויאונג. זי האט איהם געגעבען דעם שליסעל צו איהר פריוואט צימער. אין דעם 17טען יאהרהונדערט איז דאס געווען אין דער מאדע. זשארזיאנא האט צוויי שליסלען אוועקגעגעבען איינעם צו איהם און איינעם צו לארד דעווידען.

בארקילפעדרא'ס שליסעל האט געהאט צוויי עקען פארביידע פריוואט וואוינונגען פון דער הערצאגין; די האנקערוויל הויז אין

לאָנדאָן און קאַרלאָן פּאַלאַץ אין ווינדזאָר. דיביידע געביידען זענען געוועזן א טייל פון לאָרד קלאַנשאַרלים ירושה.

הענקערוויל איז געווען ניט ווייט פון אַלטויער;

אַלטויער איז געווען א טויער צו וועלכען מען פלעגט צוקומען פון האַלוויטש, וואו עס איז געשטאַנען א סטאַטוע פון קאַרל דעם צווייטען. פון הענקערוויל פלעגט מען הערען די גלאָקען קלאַנגען פון היילינגען מאַרלבאָן ווען דער ווינט האָט געטריבען צו מזרח. קאַרלאָן איז געווען א פּאַלאַץ פון שטיין און ציגעל, מיט גרויסע קאָלאָנען איז איז געווען פון די שעהנסטע אין ווינדזאָר. אין דעם לעצטען פּאַלאַץ איז זשאַרזיאַנא געווען נאָהענט צו דער קעניגין, טראָצדעם האָט זי זיך דאָרטען גוט געפיהלט.

באַרקעלפעדראָס איינפלוס איז געווען נאָר אינוויינינ, נאָר אין הויף עס איז שווערער אויסצואיבען אַן איינפלוס אין הויף ווי ערגעץ אַנדערש. מימ! יעדען טאָג איז ער געוואָרען מעהר פאַרטרויט ביי דער קעניגין.

אין דער געשיכטע איז זיין נאָמען אָבער ניט פאַרצייכענט, ווייזט אויס אַז ניט אַלע ווערעם קענען די ווערים זוכער געפינען.

באַרקילפעדרא האָט אין זיין צייט געשטודירט אַביסעל פון אַלעס. ער האָט געוואָלט זיין א מענש וואָס איז באַקאַנט מיט אַלע ערשיינונ־גען, אָבער ניט צו אַלעמען ווייזט אויס קלעפּט זיך אַלעס צו און ביי איהם איז געבליבען א לעהרע קאָפּ.

דער גייסט ווי די נאַטור קען ניט האָבען קיין לעהרקייט, מיט עפּעס מוז דאָס אויסגעפילט ווערען. ביי איהם איז דאָס אויסגעפילט געוואָרען מיט האַס. א מענש האַסט — א מענש מוז דאָך עפּעס טאָן.

דאַנקבאַרקייטס האַס — א גוט וואָרט, דאָס מיינט האָט צוליב האַס.

דער בער לעבט פון זויגען זיין אייגענע לאַפּע, אָבער ניט לאַנג, ער מוז דאָך האָבען עטוואָס אין די לאַפּעס.

צו האַסען אין דער וועלט אַריין איז גוט און מען האָט דערפון פאַרגעניגען, אָבער לאַנג אַנהאַלטען דאָס קען מען ניט, מען מוז גע־פינען אַן אָביעקט וואָס צו האַסען, געפינט מען ניט קען דאָס לאַנג ניט אַנהאַלטען, ווי יעדער איינזאַמער פאַרגעניגען מוז דאָס אויסוואַ־

בען. האָס אָהן אַן אָביעקט קען מען פאַרגלייכען צו שיסען אָהן אַ ציעל, דער גאַנצער אינטערעס פון שפּיל איז האָבען אַ האַרץ דורכצושיסען.

און דער אינטערעס צום שפּיל אין דעם פאַל, וואו דער ליידענשאַפטליכער האַס, דער האָפענונג פאַר די הייסע קאָכעדיגע בלוט, איז געוועזען זשאַרזיאַנאַ.

באַרקילפעדראַ האָט פון דעם ערשטען טאָג שוין געצילט אויף זשאַרזיאַנאַן, אָבער דורכפירען האָט ער דאָס נאָך דערווייל ניט געקענט, האָט ער דערווייל געהיט און געוואַרט פאַר אַ געלעגענהייט. וואונדערט איהר זיך? וואָס האָט אייך געטאָן די פויגעל אויף וועמען איהר שיסט? „מיר ווילען איהר עסען" זאָגט איהר, דאָס האָט אויך געוואָלט באַרקילפעדראַ.

אין האַרץ קען ער איהר ניט טרעפען, אַ רעטעניש קען ניט פאַרוואונדעט ווערען. ער קען איהר טרעפען אין קאָפּ, דאָס הייסט פאַרוואונדען איהר שטאָלץ.

דאָרט האָט זי געמיינט אַז זי איז שטאַרק און דאָרט איז זי געווען אַם שוואַכסטען. באַרקילפעדראַ האָט עס גוט געוואוסט.

וואָלט זשאַרזיאַנאַ געקענט דורכקוקען דורך באַרקילפעדראַ, וואָלט זי געקענט זעהן וואָס עס טוט זיך הינטער דעם שמייכעל, וואָלט אָט די שטאָלצע פרוי, וואָס איז אַ הערצאָגין געווען, אויפגעציטערט. צום גליק פאַר איהר אייגענער רוהיגקייט האָט זי ניט געקענט זעהן וואָס אין דעם מאַן טוט זיך.

באַרקילפעדראַ האָט נאָך ניט געוואוסט ווי ער וועט איהר טרעפען, ער האָט געוואַרט פאַר דער געלעגענהייט, אָבער דעם פאַרגעניגען דערפון האָט ער שוין געפילט.

עס איז אַ גרויסע זאַך צו זיין אַזוי זיכער.

און אינגאַנצען פאַרניכטען זשאַרזיאַנאַ איז געווען אַ צו גרויס גליק. ער האָט אפילו ניט געהאָפט דאַרויף, אָבער ערנידעריגען איהר דערגרעדירען, צו מאַכען אַז אָט די שעהנע אויגען זאָלען רויט ווערען פון טרעהרען — דאָס וואָלט געווען אַ טריומף.

ער האָט געוואַרט דאַרויף. שטיל, געדולדיג, מיט אויסרעכענונג ניט אָפּוועדענדיג זיין אויפמערקזאַמקייט אויף קיין רגע, ער האָט געזוכט דעם שוואַכען פּלאַץ אין דעם גאָלדערנעם פּאַנצער, און זעהן אַז

די בלוט פון דער אלימפּישער געטין זאָל פליסען, וואָס פאר א נוצען, פרעגען מיר נאָך אמאָל, וואלט ער דערפון געהאט? א גוואלדיגען נוצען. טאָן שלעכטס דער וואס האָט איהם גוטס געטאָן.

צו קענען דאס אויספירען וואלט ער אלעס געטאָן. ער וואָלט אפילו געוועזן צופרידען צו ליידען אביסעל. דער אינקוויזיטאר וואס פאַרברענט א מענשען און דערביי פאַרברענט ער זיך אליין אביסעל, פילט ניט דעם וועהטאָג, דערפאר ווייל דער אנדערער ליידעט מעהר, דער ראנגלען זיך פון די אנדערע נעמט צו ביי איהם דעם וועהטאָג.

פלאַנעווען שלעכטס איז פאַרבונדען מיט גרויס געפאַר, מען רייזיקירט אליין ניט אריינצופאלען אין דער פּאַסטקע וואָס מען שטעלט אַן פאר אנדערע, אבער דאס שטעלט דעם אמת שלעכטען מענשען ניט אָב. דער גרויסער פאַרגעניגען איז דאָן ווען עס איז פאַרבונדען מיט גרויס געפאַר. ער פיהלט דעם פאַרגעניגען אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע ווי יענער פיהלט דעם וועהטאָג. דער הערצאָג פון אלוואַ פלעגט זיך ווארעמען די הענט ביי די שייטערהויפענס. די שייטערהויפענס זיינען מאַטערניש, די רעפלעקציע — פרייד. מאַטערניש האָט רעפּלעקטירט זיין פריינט. אז דאָס זאָל מעגליך זיין מאכט איינעם אויפּציטערען, אונזערע טונקעלע זייטען זענען אונדורכדרינקבאר. „פרייליגע מאטערניש“ שרייבט באדין אין זיין פערטען בוך, דאס האָט ווארשיינליך דריי מיינונגען: זוכען די מאַטערניש, ליידען פון דער מאַטערניש און דאס פאַרגעניגען פון מאַטערניש.

אמביציע, אפּעטיט, די ווערטער מיינען איינער אויפגעאָפּפערט פאר דעם צווייטענס צופרידענהייט. צו זיין אין כעס אויף איינעם, מיינט ווינשען איהם שלעכטס, פארוואס ניט גוטס? איז דאס דערפאר וואָס דער הויפּט טריב אין אונזער ווילען איז אין דער דירעקציע פון שלעכטס? איינער פון די שווערסטע אויפגאבען פאר דעם יושר'דיגען מענשען איז ארויסטרייבען דעם באַגער פאר שלעכטס פון זיין נשמה. „דאס ערגער פאר זיי“ מיינט „דאס בעסער פאר מיר“.

זשארזיאנא האָט זיך געלעבט אין דער זיכערהייט, ווי אלע אונווויסענדע לעבען, האָט אלעס פאראַכטעט. דער פרוים טריב פאר פאראַכטונג איז אויסערגעוועהנליך. א אונבאוואוסטזיניגע, פרייוויליגע און זיכערע פאראַכטונג — אזא איז געווען זשארזיאנאס.

באַרקילפעדרא איז פאר איהר געווען א זאַך, זי וואָלט געוועזי

ערשטווינט ווען אימיצער וואלט איהר געזאגט אז בארקילפעדרא עקד
זיסטירט. זי איז געקומען, געגאנגען, געלאכט פאר דעם מאן וואס האט
איהר נאכגעקוקט פול מיט ערווארטונג.

און ווארטענדיג אזוי האט ער באשלאסען ארייננצווארפען איהר
אביסעל אין פארצווייפלונג.

און אויסער דעם האט ער געהאט גוטע אורזאכען דאס צו טאן,
מען זאל ניט מיינען אז די מענשען האלטען פון זיך ניט. ער האט
זיך געגעבען גוטע ארגומענטען. וואס! די פרוי האט מיר נדבות געד
שיינקט! זי האט מיר אונטערגעווארפען א פאר פרוטעס פון איהר
קאלעסאלען פארמעגען. זי האט איהם צוגעשלאגען צו אן אונפאסינגע
שטעלע! און זי וואגט נאך מיר צו זאגען „דו“.

זאל ער זיך מיט איהר ניט אפרעכענען?

און זאל ער איהר ניט באצאהלען פאר דעם!

זיכער, אויב ניט וואו איז דאן גערעכטיגקייט!

---

## 9טער קאפיטעל.

אט די פרוי, די פארשווענדערישע באשעפעניש, א הייליגע האלט
זי זיך די שטיק פלייש וואס האט זיך מיר נאך ניט אונטערגעגעבען.
די שטאלצע דיאנא וואס וועט חתונה האבען מיט דעם ערשטען וואס
וועט איהר וועלען. דער מפזור פון אן אויסגעלאסענעם קעניג וואס
האט ניט געוואוסט ווי זיך צו האלטען, די הערצאגין ביי א גליקליכען
צופאל. זייענדיג א „לידי“ האלט זי זיך פאר א געטין, וואלט זי ארעם
געווען וואלט זי דאך אן אויסוואורף געווען. די שטאלצע שלעפערקע,
ווען ער האט איין מאל קיין מיטאג ניט געגעסען האט זי איהם אריינ־
גענומען צו זיך אין הויז און האט איהם אוועקגעזעצט ביים ברעג פון
איהר טיש, און ווען ער האט ניט געהאט וואו צו שלאפען האט זי

איהם געגעבען א לאַד אביסעל א בעסערען פון איהרע דינער און אַן ערגערען פון איהרע פערד.

זי האָט אויסגענוצט זיין שלעכטע לאַגע און איהם באַרקילפעדרא טובות געטאָן, טובות וואָס די רייכע טוען פאַר די אָרימע אום זיי צו ערנידעריגען און זיי צוציהען צו זיך זיי זאָלען ווערען ווי הינט וועלכע זיי פיהרען אונטער ריטער. און אויסער דעם וואָס האָט עס איהר געקאָסט? זי האָט געהאַט אַן איבעריגען צימער אין איהר הויז. העל־פען באַרקילפעדרא! שווער איז דאָס איהר אנגעקומען! האָט זי גע־דאַרפט אָפּשפּאָרען עפּעס פון איהר עסען? האָט זי עטוואָס אוועקגע־נומען פון איהר איבערפלוס פון באַקוועמליכקייט? ניין, ביי איהר איז דאָס א לוקסוס געווען, א גוטע טהאַט, ווי א רינגעל אויף איהר פינגער.

זי קען זיך מאַכען גרויס דערמיט, זאָגען: „איך העלף אלעמען ארויס. איך האַלט אוים שרייבערס. איך בין זיין פּראָטעזשע, ווי מזל׳דיג דער אָרימער יונג איז געווען, מיר געפינענדיג! וואָס פאַר א גוטס איך טו פאַר דער קונסט.“

אלץ ווייל זי האָט א בעטעל אויסגעשטעלט און א מיזראבלען לאַד אונטערן דאַך!

און די שטעלע וואָס ער האָט געקראָגען אין דער אדמיראַליטעט דורך איהר, דאָס איז גאר ניט געווען, א שעהנע שטעלע! ער האָט זיך געפילט צוזאַמענגעקרעמפּט אין דער שטעלע.

וואָס איז ער שולדיג געווען זשאָרזיאַנען? דעם דאַנק וואָס א הויקער איז שולדיג זיין מוטער וואָס האָט איהם געמאַכט פאַר א קאַ־ליקע. ער באַרקילפעדרא האָט אין זיין נייער שטעלע געדאַרפט קריי־כען אין דער הויך, באַגריסען יעדען לאַקיי, זיך בוקען פאַר די גרויסע און אלע מאָל האָבען א שמייכעל אויפ׳ן פּנים. אויב דאָס איז נאָך ניט גענוג צו מאַכען איינעם קריצען מיט די ציינער, אין דער צייט, האָט זי אלע מאָל אָנגעטאָן נייע האַלזבענדער פון פּערעל און האָט זיך געהאַלטען שטאָלץ געגען דעם נאַרישען לאָרד דעוויד.

ערלויבט קיינמאָל קיינעם דיר ניט אָן קיין טובה. זיי וועלען זיך באַנוצען מיט דעם, זאָל דיר קיינער ניט טרעפען הונגעריג, זיי וועלען דיר פאַראַכטען. דערפאַר וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין ברויט האָט די פרוי איהם געגעבען עסען, און פון דאַן אָן איז ער איהר דינער!

א שוואכקייט פון מאגען און דו ביזט געבונדען אויפ'ן גאנצען לעבען.

אזוי האלטען די רייכע די ארימע געפאנגען.

נדבות קען מען ניט צוריק געבען, דאנקבארקייט פאראליזירט אויף אייביג. דו ביזט זייערער זיי האבען דיר געקויפט. פאר וויפיל? פאר א ביין וואס זיי האבען צוגענומען פון זייער הונט, און דאס צו די צוגעווארפען, זיי האבען איהם געטראפען אין קאפ, דו ביזט פאר־טויבט געווארען אזוי פיעל ווי געהאלפען געווארען.

האסטו געגריזשעט דעם ביין? יע, אדער ניין, נו טו זיי דאנק־באר. דאנקבאר פאר אייביג, גיב אפ כבוד דיין באלעבאס, א טוב'ה וואס דו האסט אנגענומען איז שוין אין דערזעלבער צייט אן ערנידע־רונג. דו האלסט זיך שוין פאר א נידעריגען און זיי פאר געטער. דיין געבוייגענער קערפער גלייכט זיי אוים. דיר מוז שוין אינטערעסירען זייער פאמיליען אנגעלעגענהייט, חתונות, שוואנגערשאפט, קינדער וואס ווערען געבארען אלץ, א קינד ווערט געבארען, גוט, דו דארפסט שוין שרייבען א סאנעט, דו ביזט דאך א דיכטער מוזטו זיין נידערי־גער, אויב דאס איז ניט גענוג אז די שטערען זאלען פון זייערע פלע־צער אראפפאלען, נאך אביסעל און זיי וואלטען דיר געגעבען זייערע אלטע שיך צו טראגען.

„וואס פאר א באשעפעניש האסטו דארט אין הויז, מיין טייע־רע?"

„איך וויים ניט, א שרייבערל, וועמען איך גיב עסען."

אזוי רעדען זיי מיט זייערע פריינט אפילו ניט אויף קיין נידע־ריגען קול. דו קערסט און דו בלייבסט ווי א מאשין, דיר טאר דאס ניט ארען.

נאך מעהר, ווען דו ווערסט קראנק שיקען זיי דיר א דאקטאר, ניט זייערען, דו ביזט דאך ניט פון דעם זעלבען מין.

איז דאס ניט אונערטרעגליך?

געוויס עס איז געוועז גענוג אורזאכען צו פארפאלגען זשאר־זיאנאן. מען מוז איהר ווייזען מיט וועמען זי האנדעלט. אה, איהר רייכע! ניט קענענדיג אליין אויפעסען אלעס, ווייל איהר וועט פאר־דארבען דעם מאגען, און דערפאר וואס עס איז בעסער אוועקצוגעבען איידער ארוים צו ווארפען. איהר גיט אונז ברויט, איהר גיט אונז אנ־שטאלטען, איהר גיט אונז קליידער, איהר גיט אונז באשעפטיגונג.

און איהר ווילט אין אייער נאַרישקייט אז מיר זאָלען זיין פאַר־מישכנ'ט צו אייך.

די ברויט אין די ברויט פון שקלאַפעריי, די אָנשטאַלטען פאַר אייערע דינער, די קליידער — לאַקייסקע, די באשעפטיגונג אַפּלאַ־כענדע, געגעבען אונז אום אונז צו ברוטאַליזירען.

די זשאַרזיאַנאַ, איז דאס ניט געווען מאַנסטערהאַסט? וואס איז זי דען, זי איז געקומען אויף דער וועלט ווי א עדות אויף איהר פאַטערס נאַרישקייט, און אויף איהר מוטער שאַנדע, זי האָט אונז באַהערט מיט איהר עקזיסטענץ, און פאר דער טובע פון זייענדיג א עפענטליכער סקאַנדאַל, האָט זי געקראַגען מיליאָנען. זי האָט געהאַט לאַנד, פאַלאַצען, גערטנער, טייכען, וועלדער און ווער וויים וואס נאָך, און מיט אַלעם דעם האָט זי זיך נאָך געמאַכט אַזוי צום נאַרען, מען פלעגט נאָך שרייבען פערזען צו איהר.

און ער באַרקילפעדרא, וואס האָט געשטודירט, געאַרבייט, זיך גע־מוטשעט, אריינגעשטופּט דיקע ביכער אין קאָפּ, וואס האָט געקענט אַלע וויסענשאַפטען, וואס וואָלט געקענט קאָמאַנדירען אַרמעען, וואס האָט געקענט שרייבען טראַגעדיעס ווי א טאַוויי און דריידען; ער וואָס האָט געזאָלט זיין א קעניג איז ערנידעריגט געוואָרען אז דער גאָרניט זאָל איהם דאַרפען ראַטעווען פון הונגער.

אַזוי האָט באַרקילפעדרא געטראַכט, דאָס האָט געבושעוועט אין זיין נשמה. עס איז שווין אין דער נאַטור פון אַזעלכע מענשען, זיך אָנצונעמען די קריוודע פון דער וועלט, ווען עס איז זיי נייטיג אַרגו־מענטען פאר זייער טהאָט.

איז אַזאַ געדאַנקענגאַנג געווען אין גאַנצען אַבסורד? האָט דאַ געפעהלט לאָגיק אין דעם אורטייל? מען מוז צוגעבען, אַז ניט.

דאָס ערגסטע איז וואָס באַרקילפעדרא האָט געהאַט אַ פאַרשטעל־לונג, אַ פאַרגעפיהל, אַז ער וועט דורכפאַלען. ער האָט געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע, און ער האָט זיך געשראָקען טאָמער פאַלט ער דורך. זיין אַזאַ מענש ווי ער, האָבען אַ שטאַלענעם ווילען, האָבען אַ האָס אַזוי שאַרף ווי אַ דימענט, אַ שטאַרקען פערלאַנג פאר אַ קאַ־טעסטראָפע, צו זיי אַ פערניכטענדע קראַפט, צו זיין אַ פאַלשטענ־דיגער באַרקילפעדרא און ניט צו פערניכטען, איז אַזאַ זאַך גאָר מעג־ליך?

וועט בארקילפעדרא ניט טרעפען? אדער אויב טרעפען ניט פער־וואונדען שטארק גענוג? וועט ער דאס ווארט אזוי געדולדיג אויף זיין אפפער, וואס גרייט זיך און זאמעלט קרעפטען פאר דאס שווערסטע ניט מעהר ווי ווער טהאן איז א פינגער?

און דאס פאסירט אלעס אין הויף, וואו קיין זאך איז ניט אזוי געפעהרליך ווי ציעלען און ניט טרעפען, דו נעמסט אראפ די מאסקע פאר דיין פיינד און ווייזט איהם דיין אמת'ע געשטאלט, און עס קאן נאך אונצופרידען זיין דער אלהעכסטער. קעניגע האבען ניט ליעב איינעם וואס קען אין ציעל ניט טרעפען, דו מעגסט יענעם די האלז איבערשניידען, אבער דו טארסט איהם ניט צובלוטיגען, און ער זאל זיך נאך קענען מיט דיר אפרעכענען. דער קעניגליכער הויף מוז זיין רוהיג, גלאנציג און ניט צורודערט. דאס שטימט מיט דעם לוסט פון פערניכטונג וואס פרינצען האבען: זאג שלעכטס, אבער טו גאר ניט; און אויב דו טהוסט, טא זאל דאס זיין גוט געטהאן, גראנדיעז.

אין אזא לאגע האט זיך בארקילפעדרא געפונען, אבער עס האט איהם ניט געמאכט אויפגעבען זיין ארבייט. ער האט געווארט זיין שטונדע זאל קומען, דאס האט שוין זיין זעלבסט ליעבע אויפגע־וועקט, צו זיין ווי ער, ארבייטען ווי ער, און גאר ניט אויספיהרען דאס האט ער ניט געקענט צולאזען, ער וואלט שוין איצט ניט צופרי־דען געוועזן מיט קיין זאך, אפילו ניט מיט דעם גרעסטען ערפאלג, פערוואונדען זשאזיאנאן, דאס איז געוועזן זיין גרעסטער פארלאנג. זיין גרעסטער ערפאלג.

אויף וואס בעסער קען ער האפען, ער איז אזוי נידעריג, און זי אזא שיינענדע, ווי קען ער זיך צופרידען שטעלען מיט א קליינער וואונד, ווען ער וויל איהר אין גאנצען דורכשטעכען, ווי ער וויל הע־רען דעם געוויין פון דער פרוי און איהר נאקעטקייט; אפילו די הויט זאל זיין ביי איהר אראפגעפליקט. מיט אזעלכע פארלאנגען, ווי אונ־אנגענעהם עס איז צו זיין הילפלאז, נייז, קיין זאך איז ניט פאלקאם אויף דער וועלט.

קורץ, ער האט זיך אונטערגעגעבען צו די אומשטענדען. ניט קענענדיג איצט עטוואס טהאן, האט ער גע'חלומ'ט פון דער צייט, ווען ער וועט יא קענען און געווארט אויף איהר.

וואס פאר א מענש איז דאס וואס וויל נקמה נעמען פאר טובות!

באַרקילפעדראַ איז געווען דער עכסטער אויסדרוק פון אַזאַ מענש, גע־וועהנליכע אונדאַנקבאַרקייט ווערט פערגעסען, מיט אַזאַ ווי ער, איז דאָס געווען אייביג, קיינמאָל האָט נאָך אַ מאַן ניט געהאַסט אַזוי אַ פרוי אַהן אַן אורזאַך.

אפשר איז ער געווען אַביסעל פאַרליעבט אין איהר?

---

## 10טער קאַפּיטעל.

ער מוז געפינען זשאָזיאַנאַ אין אַזאַ לאַגע, אַז ער זאָל איהר קענען געבען אַ זעץ און איהר אַפּענדיגען. אויף דעם האָט ער גע־האָפט.

האָפען אַליין איז אָבער ניט גענוג, מען דאַרף עפּעס טהאָן.

ווי זאָל ער אָנפאַנגען? דאָס איז די פראַגע.

געוועהנליכע אינטריגאַנטען, פאַרפערטיגען די ביהנע אַז אַלעס זאָל זיין באַקוועם פאַר זיי, זיי פיהלען זיך ניט שטאַרק גענוג אָנצונע־מען די געלעגענהייט ווען זי קומט, זיי קעננען איהר נאָך דורכלאָזען.

ער האָט פיינט געהאַט זיך פאַרצובערייטען, די גרויסע פאַר־לאָזען זיך אויף דער געלעגענהייט. ער איז נאָר געווען אויף דער וואַך, אַפּהיטען די געלעגענהייט, ער האָט געוואוסט אַז אַ פּלאַן, פון פריהער אַראַנזשירט איז צו געפעהרליך, עס קאָן אַמאָל ניט פּאַ־סען די געלעגענהייט.

מען דאַרף ליגען און וואַרטען אויף דער געלעגענהייט. מען דאַרף זיין זיכער אין זיך, און מיט אַמאָל, ווען די צייט קומט, אָנשטעלען די נעץ און דער אַפּפער וועט זיך שוין אַריינוואַרפען אין איהר. די גע־וואַגטקייט פון דעם גרויסען פאַרשווערער, דאָס וואָס דערהויבט איהם צו דער הויך פון אַ טייפעל איז דער קענען אויסנוצען יעדע געלעגענ־הייט פאַר זיינע צוועקען.

דער אמת'ער פאַרברעכער וועט דיר מיט אַמאָל געבען אַ זעץ.

אונערוואַרטעט, מיט דעם ערשטען שטיין וואָס קומט איהם אונטער'ן האַנט.

אַנצוכאַפּען די געלעגענהייט אין צייט, דאָס איז די גרויסע קונסט, און דערוייל זוכען, שטודירען די אומשטענדען, זעהן וואָס מען האָט צו טהאָן.

פּאַר באַרקילפּעדראַ האָט, „זעהן וואָס מען האָט צו טהאָן", געמיינט, די קעניגין.

באַרקילפּעדראַ האָט זיך דערנעהענטערט צו דער קעניגין.

אַזוי נאָהענט, אַז איהם האָט זיך געדוכט, אַז ער הערט ווי זי רעדט צו זיך אַליין.

ער איז אַ פּאָר מאָל אַנוועזענד געווען, אונבאַמערקט, ביי געשפּרעכען צווישעןביידע שוועסטער, אַ מאָל פּלעגט ער זיך באַנוצען מיט דעם צוטרויען וואָס מען האָט צו איהם און פּלעגט אויך אַריינזאָגען אַ וואָרט.

איין מאָל, אין גאָרטען פון „קעמפּטאָן קאָרט" איז ער געגאַנגען הינטער דער הערצאָגין, וועלכע איז געגאַנגען הינטער דער קעניגין, און די קעניגין האָט פּראָזירט ווי עס איז געווען די מאָדע אין יענע צייטען.

„בעסטיעס זיינען גליקליך", זאָגט די קעניגין, „זיי זיינען ניט אין געפאַהר אַנצוקומען אין גהינום."

„ניין, זיי זיינען שוין דאָרטען". ענטפערט זשאָזיאַנאַ.

פון אַט דעם ענטפער, אָן אַריבערגאַנג פון פילאָזאָפיע צו רעליגיאָן, איז זי געווען אונצופרידען.

„מיין טייערע" זאָגט זי צו זשאָזיאַנאָן, „מיר רעדען וועגען גהינום ווי צוויי נאַראַנים, מיר וועלען פרעגען באַרקילפּעדראַ'ן, ער וויים וועגען אַזעלכע זאַכען."

„זייענדיג אַליין אַ טייפעל?" פרעגט זשאָזיאַנאַ.

„ניין, זייענדיג אַ בעסטיע" ענטפערט באַרקילפּעדראַ.

און ער האָט זיך פאַרנייגט.

„מאַדאַם", זאָגט די קעניגין צו זשאָזיאַנאַן, „ער איז קלינגער פון אונזביידען."

פּאַר אַ מאַן ווי באַרקילפּעדראַ, צוטרעטען צו דער קעניגין האָט

ער איהר געמוזט האַלטען, ער זאָל קענען זאָגען: „איך האָב איהר", ער זאָל איהר קענען אויסנוצען.

ער האָט געהאַט אַ צוטריט צום קייזערליכען הויף, דאָס איז שוין געווען אַ גרויסע זאַך. ער האָט נאָר געדאַרפט וויסען ווי מען קען דאָס אויסנוצען. ביז איצט האָט ער שוין מעהר ווי איינמאָל געזעהן ביי דער קעניגין דעם פאַרדאַרבענעם שמייכעל, דאָס האָט איהם נאָך דער־נעעהנטערט צו איהר.

די ערשטע זאַך וואָס ער האָט געדאַרפט אויסגעפינען: האָט די קעניגין ליעב איהר שוועסטער?

איידער מען פאַנגט אָן צו שפּילען קוקט דער שפּילער איבער זיינע קאָרטען וויפיעל טרומפס האָט ער? באַרקילפעדרא האָט די ערשטע זאַך אונטערזוכט דעם עלטער פון די צוויי פרויען. זשאָזיאַנאַ דריי און צוואַנציג, אננא איין און פערציג. דאָס איז שוין געווען גוט, ער האָט געהאַט אַ גוטע האַנט קאָרטען.

אין דעם מאָמענט וואָס אַ פרוי הערט אויף צו רעכענען איהרע פריהלינגס און פאַנגט אָן צו רעכענען איהרע ווינטערס, אין דעם מאָ־מענט קען מען איהר אויסנוצען.

יונגע, בליהענדע שעהנהייט, פאַר אנדערע איז דערנער פאַר איהר. דערנער וואָס שטעכען, עס זעהט אויס, אַז יענע ווערען שעהנער, ווייל זיי ווערען מיאוסער.

צו אַרבייטען אויף דער סטרונע, טיעפער מאַכען די קנייטשען ביי אַ פרוי פון פערציג, ווען די פרוי איז נאָך אַ קעניגין, דאָס דאַרף זיין זיין אַרבייט.

ער האָט געזעהן דורך דער קעניגין ווי מען זעהט דורך אַ קלאָרען וואַסער. ער האָט געוואוסט אַז די קעניגין טראַכט פון עפּעס, ווייל עפּעס אויף קלאָר אָבער וואָס האָט ער ניט געוואוסט, מען דאַרף שטער־דירען, מען דאַרף לעהרנען.

די קעניגין, געוועהנליך אַ שווייגענדע, האָט אַמאָל ליעב צו פּלאַפּלען ביי אַזאַ געלעגענהייט דאַרף מען איהר כאַפּען. דאָס וויכ־טיגסטע איז, וואָס ווינשט די קעניגין זשאָזיאַנאַ אין דער טיעפעניש פון איהר האַרץ גוטס צי שלעכטס, וועט ער זיך דאָס דערוויסען, וועט ער ווייטער קענען אָנגעהן מיט זיין אַרבייט.

אננא, איז, דורך איהר מאַן, געווען פאַרוואַנדעט צו דער פּרייסי־

שער קעניגין, און זי האָט געהאַט פון איהר אַ פּאָרטרעט נאָכ'ן מוס־טער פון טורקעט דע מיירען.

די קעניגין פון פּרייסען האָט אויך געהאַט אַ יונגערע, געזעצ־ליכע, שוועסטער באַראָנעסע דריקאַ.

איין מאָל איז באַרקילפעדרא געוועזן אַנוועזענד, ווען אַננאַ האָט זיך נאָכגעפרעגט ביים פּרייסישען אַמבאַסאַדאָר וועגען אַט דער באַ־ראָנעסע.

„מען זאָגט, זי איז רייך".

„זעהר רייך", ענטפערט דער אַמבאַסאַדאָר.

„האָט זי פּאַלאַצען?"

„שעהנער אפילו ווי די קעניגין אַליין."

„מיט וועמען וועט זי הייראַטען?"

„אַ זעהר באַריהמטער לאָרד, גראַף גאַרמאַ."

„שעהן?"

„זעהר."

„איז זי יונג?"

„זעהר יונג".

„אַזוי שעהן ווי די קעניגין?"

דער אַמבאַסאַדאָר האָט זיך צוגעבויגען און געענטפערט שטי־לער:

„שעהנער!"

„וואָס פאר אַ חוצפּה" האָט באַרקילפעדרא אַרויסגעברומט.

די קעניגין האָט געשוויגען און דאַן געזאָגט.

„די בעסטיען".

באַרקילפעדרא האָט באַמערקט די מעהרצאָהל.

ביי אַן אַנדער געלעגענהייט האָט באַרקילפעדרא נאָך עפּעס באַ־מערקט.

איין מאָל אַרויסגעהענדיג פון קירכע איז ער געשטאַנען נאָהענט צו דער קעניגין הינטער צוויי דינער, און ווען לאָרד דעוויד איז אַרויס, האָט ער געמאַכט אַ גאַנצע סענסאַציע צווישען די פרויען מיט זיין פיינער האַלטונג. עס האָט זיך געהערט אויסגעשרייען אַזעלכע:

„ווי עלעגאַנט ער איז".

„ווי שטאָלץ", „ווי שעהן", „ווי וואונדערבאַר ער איז".

„ווי אונערטרעגליך דאָס אַלץ איז" האָט די קעניגין געזאָגט פאַר זיך.

באַרקילפעדראָ האָט געהערט און איז געווען צופרידען. ער קען פאַרוואונדען דער הערצאָגין און די קעניגין זאָל ניט זיין אונצופרידען.

די ערשטע פּראָבלעמע איז געווען געלייזט.

די צווייטע האָט זיך אָנגעהויבען.

ווי קען ער דאָס טהאָן, וואָס פאַר אַ מעגליכקייטען האָט זיין מיזעראַבעלע שטעלע איהם געבען?

גאָר ניט, דאַכט זיך.

---

## 11טער קאַפּיטעל.

זשאָזיאַנאַ האָט געהאַט די „דרייענדע קעסטעל."

דער לעזער וועט פאַרשטעהן, אַז טראָץ דעם וואָס ניט קיין געזעצליך קינד איז זי דאָך געווען דעם קעניג'ס אַ טאָכטער. דאָס הייסט אַ וואוילגעבאָרענע אַן אַדעליגע.

צו האָבען די „דרייענדע קעסטעל" וואָס מיינט דאָס?

גראַף סאַנט־יאָהאַן אָדער ווי מען פּלעגט איהם אויך רופען באָלינגבראָד, האָט געשריבען צו טאָמאָס לענאַרד. צוויי זאַכען מאַכען אַ מנעשען גרויס: אין פראַנקרייך צו האָבען דעם „פּאַר" און אין ענגלאַנד די „דרייענדע קעסטעל".

דער „דרייענדע קעסטעל" אין ענגלאַנד האָבען נאָר געהאַט אַזעלכע מענשען, וואָס האָבען געהאַט אַ זיכערען צוטריט צו דעם הערשענדען פּערזאָן. ווער עס האָט געהאַט דורך געבורט אָדער ערלויבעניש אַ צוטריט צו דער קעניגין. האָט געהאַט אין דער וואַנד פון שלאָף־צימער אַזאַ קעסטעל. אין וועלכער עס איז געווען אַ גלעקעל, דער גלעקעל האָט געקלונגען און די קעסטעל האָט זיך אויסגעדרעהט.

זיך אויפגעעפּענט, און אויף א גאָלדענעם טאַץ איז געלעגן א צעד־טעל פון דער קעניגין. אזעלכע קעסטלאַך האָבן נאָר געצעהלטע מענשען געקראָגען, קיין פּריווילעגיע האָט מען ניט אזוי מקנה געווען ווי אָט דער קעסטעל, און זשאזיאַנא האָט איינע געהאַט.

ליידי זשאזיאַנא האָט געפיהרט א רייכען שטאַנד, זי האָט גע־האַט איהרע פּאַלאַצען אין שטאָדט און אויסען לאַנד, איינער פון די אָפּטע באַזוכער איהרע איז געווען לאָרד דעוויד, אזוי ווי זיי זיינען נאָך ניט געווען פערהייראַט האָבען זיי זיך ניט געדאַרפט שעהמען צו זיין צוזאַמען און אפילו געהן אויף פארשטעלונגען און זיצען אין דער זעלבער לאָזשי.

די פיינסטע באָקסער קאַמפּף וואָס זיינען פארגעקומען אין לאָמ־בערט. — א פּלאַץ וואו דער לאָרד ארצביסקופ פון קאַנטעבאַריי האָט געהאַט זיין פּאַלאַץ — טראָץ דעם וואָס די לופט איז דאָרט ניט אזוי געזונט — און א גרויסע ביבליאָטעק וואָס איז א פּאָר באַ־שטימטע שטונדען אין טאָג אָפען פאר הויכגעשטעלטע פּערזאָנען. אין דער שטעטעל איז אַמאָל פּאָרגעקומען א קאַמף צווישען צוויי מע־נער, וואו זשאַרזיאַנא און לאָרד דעוויד זענען אנוועזענד געווען. זי האָט איהם געפרעגט, „צו פרויען זענען ערלויבט“. און ער האָט איהר געענטפערט „פרויען פון דער אַריסטאָקראַטי“, און הערצאָגינען קענען אומעטום צוקומען.

ליידי זשאַרזיאַנא האָט זיך אנגעטאָן ווי א קאַוואַליער אין יע־נער צייט פלעגט מען דאָס אָפט טאָן, פרויען פלעגען צום ביישפּיל אַלעמאָל פאָהרען אָנגעטאָן ווי קאַוואַלירען.

לאָרד דעוויד געהענדיג מיט א פרוי האָט ניט געקענט אנטייל נעמען אין דעם קאַמף און האָט געמוזט בלייבען א צושויער.

דער פּרעזידענט פון דעם „נאַבעלען קאַמף“ איז געווען לאָרד זשערמיין, אַן עלטער זיידע אדער עלטער פעטער פון דעם לאָרד זשערמיין וואָס איז געווען, אין דעם ענדע פון נייעצעהנטען יאָהר־הונדערט, א קאַלאָנעל אין דער אַרמעע, און נאָך דעם קריגס מיניס־טער, וואָס איז אנטלאָפען פון די פיילען פון ביקס און געטראָפען געוואָרען פון דעם סאַרקאַזם פון שריידען. — א סך מענשען האָבען זיך געוואַטען.

פון די צוויי באָקסערס איז איינער געווען אַן אירלענדער פון

טיפּאַרערי און דער צווייטער א סקאָטלענדער, וואָס האָט געהייסען העלמסגייל. צוויי נאַציאָנאַלע העלדען אירלאַנד און סקאָטלאַנד האָבען געדאַרפט קעמפען. דערפאַר האָט מען זיך שטאַרק געוועט. די סומע איז איבערגעשטיגען די פערציג טויזענד גינאַס.

די צוויי טשעמפּיאָנען זענען געווען נאַקעט. קורצע הייזקעס און א פּאָר שיך איז געווען אַלעס וואָס זיי האָבען געטראָגען.

העלמסגייל, דער סקאָטלענדער איז געווען א קליינער יונג איינגאַנצען ניינצעהן יאָהר אַלט, אבער ער האָט שוין זיין שטערען צוויי מאָל פאַרנייט. אויף איהם האָט מען זיך געוואָטען צוויי און א דריטעל צו איינס. מיט א מאָנאַט פריער האָט ער צובראָכען א ריפּ און אויסגעהאַקט די אויגען פון דעם באָקסער סיקמילוואָסוואָסער, דערפאַר איז מען געווען אזוי אַנטוזיאַסטיש פאַר איהם.

אויף איהם איז געלעגען צוועלף טויזענט פונט סטערלינג מעהר. אויסער זיין הייליגען שטערען האָט איהם אויך געפעלט עטליכע ציין אין מויל. ער איז געווען באַוועגליך און פלינק. ער איז געווען אונגעפער אזוי אויך ווי א מיטעלוואוקסיגע פרוי, ברייט און אַנטוויקעלט, יעדער מוסקעל אין איהם איז געווען אַנטוויקעלט, זיין קערפּער איז געווען א ברוינער און האָט געגלאַנצט ווי בראָנז.

זיין געגנער איז געווען א מאַן פון פערציג, אויך אַנטוויקעלט, אָבער אומגעלומפּערט. א זעץ פון זיין פויסט קען צושפּאַלטען דעם דעק פון א שיף, אָבער ער האָט איהם ניט געקענט דערלאַנגען. דער אירלענדער האָט געקענט אויפהאַלטען מעהר ווי געבען, נאָר אויסגעוויזען האָט אַז ער קען אויסהאַלטען א לאַנגע צייט. ער איז געווען וואָס מען רופט אָן אין דער גאַסען שפּראַך „רויע פלייש".

די צוויי מענער האָבען די פאָריגע נאַכט געשלאָפען אין איין בעט, און האָבען געטרונקען צו דריי פינגער פּאָרט ווייך פון איין גלאָז.

יעדער האָט געהאַט זיינע פאַרעהרער, צווישען העלמסגיילס פאַרעהרער זענען געווען זערמיין וואָס איז באַריהמט געווען פאַר'ן טראָגען א אָקס אויף די פּלייצעס און א געוויסער יאָהאַן ברייי, וואָס האָט איין מאָל געטראָגען אויף זיינע פּלייצעס צעהן זעקלעך מעהל צו פופצעהן גאַלאָנען אין א זעקעל, פּלוס דעם מילנער. מיט דער מאַסע איז ער געגאַנגען מעהר ווי צוויי הונדערט טריט.

אויף דעם אירלענדערס זייט איז געווען איינער וועמען לארד הייד האט געבראכט פון לאנקעסטער, ער האט געקענט ווארפען א שטיין פון צוואנציג פונט איבער דעם העכסטען טורעם פון שלאס. די דריי מענער זענען געווען פון קארענוועל.

דער פעלד וואס איז אויסגעקליבען געווארען פאר דעם געפעכט איז געווען אביסעל ווייטער פון דעם בער גארטען, וואו בערן, אקסען און הינט פלעגען זיך פעכטען אין די פריהערדיגע יאהרען. דער וועטער איז געווען קאלט און א צפון ווינט האט געבלאזען, א דריבנער רעגענדעל איז געפאלען. צווישען די הערן האט מען געקענט באמערקען פאטערס פון פאמיליעס, ווייל זיי האבען געעפענט זייערע שירמס.

די צוויי באקסערס זענען געשטאנען איינע געגען די אנדערע. באוועגלאז איז דער צייט ווען מען האט געמאכט די לעצטע פארבערייטונגען. דער אירלענדער האט געזאגט צום צווייטען: „איך וואלט וועלען געהן א היים". דער צווייטער האט געענטפערט: „מען מוז עפעם די הערן ווייזען".

אין זייער נאקעטען צושטאנד איז זיי געווען קאלט. דער אירלענדער האט געציטערט. דאקטאר שארפ א פלימעניק צו דעם ארפקיסקופ פון יארק האט א געשריי געטאן צו זיי: „קלאפט זיך אווייל בניידע, איהר שקלאפען, דאס וועט אייך אנווארימען."

די ליעבע ווערטער האבען זיי אויפגעוועקט צו האנדלונג. זיי האבען איינער דעם צווייטען אטאקירט.

ניט זייענדיג אין כעס איינער אויף דעם צווייטען, איז דער געפעכט אנגעגאנגען לאנגווייליג. פון אלע זייטען האט מען געשריען: „לעבעדיגער", „לעבעדיגער". די שפיל האט זיך געצויגען ביז פלוצלונג האט דער קלענערער נעגעבען א זעץ און דער אמת'ער קאמף האט זיך אנגעהויבען.

דער אירלענדער האט געקראגען א געץ אין שטערען צווישען ביידע אויגען, זיין גאנצער פנים איז געווען באגאסען מיט בלוט. די מאסע האט געשריען: „גיב איהם," „גיב איהם", און האבען אפלאדירט.

דער עהרענהאפטער פערעגין קערטי האט געזאגט: געקראגען אין די אויגען אבער ער איז נאך ניט בלינד.

העלעמסגייל געהערט די אויפמונטערונג: „דערלאַנג איהם אין די קוקערס.“

קורץ, די צוויי טשעמפּיאָנען האָבען זיך געפּאַסט איינער פאַר'ן אַנדערען, טראָץ דעם וועטער וואָס איז געווען ניט אַזאַ גוטער, וועט אָבער דער קאַמף זיין אַן ערפּאָלגרייכער. דער אירלענדער האָט גע־האַט די אומבאַקוועמליכקייט פון זיין שטאַרקייט, עס איז איהם שווער געווען זיך צו באַוועגען. זיינע אָרעמס זענען געווען ווי האַמערען אָבער זיין קערפּער ווי אַ שטיק בליי. דער קליינער איז אַרומגעלאָפען אַרום איהם געגעבען יעדען זעץ אין דער צורה, זיינער אין די אויגען אומע־טום. עס זענען געווען די קלעפּ וואָס ציוויליזאַציע גיט באַרבאַריזם.

עס איז געווען קלאָר אַז ציוויליזאַציע וועט זיעגען, אָבער ניט אַזוי לייכט. אַ קליינער געגען אַ גרויסען, און דער גרויסער קען אַ סך אויס־האַלטען. דוד וועט אַלע מאָל פאַרניכטען גלית'ן.

אַ געשריי און טומעל האָט פאַרהילכט דעם פּלאַץ. „גיב איהם העלעמסגייל“. „אַ גוטען זעץ סקאַטלענדער“. בראַוואָ! „און דו איר־לענדער“ „גיב איהם צו.“

העלעמסגייל האָט איהם בעסער געגעבען. פּלוצלונג, איינבויגענ־דיג זיך, אויסצומיידען אַ קלאַפּ, און דאַן ווידער אויפגעשטאַנען האָט ער איהם געגעבען אַ זעץ אין ברוסט־ביין. דער גאַנצער פּלאַץ האָט אַ ציטער געטאָן.

„אַ פאַלשער זעץ“, האָט אויסגעשריען גראַף בערנהאַרד.

דער אירלענדער האָט זיך אַ וואַקעל געטאָן און געזאָגט: „איך פאַנג אָן אָנגעוואַרעמט צו ווערען.“

לאָרד דעסערטום האָט זיך באַראַטען מיט די רעפערים און גע־זאָגט: „דער געפעכט ווערט אָפּגעלייגט אויף פינף מינוט.“

דער אירלענדער פאַנגט אָן שוואַכער ווערען. קילטער האָט איהם אָפּגעווישט די בלוט פון פּנים, די שווייס פון קערפּער מיט אַ שטיקעל טוך און צוגעלייגט אַ פלעשעל צו זיין מויל. אויסער דעם וואונד אויף זיין שטערען זענען זיינע מוסקלען געווען צורודערט, פון פּלאַץ גע־רירט.

דער גאַנצער פּלאַץ איז געווען איין גרויסער טומעל.

„אַ פאַלשער זעץ“, האָט לאָרד בערנהאַרד ווידער אויסגעשריען. (דאָס מיינט אַן אונגעזעצליכער זעץ.)

„איך רוף צוריק מיין וועט“. זאגט דער לארד לאמבארו.

און דער עהרענהאפטער איינוואוינער פון סט. איוועס לארד בארטאלמאוו האט צוגעגעבען.

„גיב מיר צוריק מיינע פינף הונדערט גינאס. דער שפיל איז ניט קיין געזעצליכער.“

„זאל דער קאמף אפגעשעטלט ווערען“.

אבער דער אירלענדער האט זיך צוריק אויפגעשטעלט און וואק־לענדיג זיך ווי א שכר האט ער געזאגט:

„דער קאמף קען פארגעזעצט ווערען אויף איין באדינג — איך זאל אויך האבען דאס רעכט געבען א פאלשען זעץ.“

פון אלע זייטען האט מען געהערט דעם געשריי: „צוגעשטימט“.

דעם סקאטלענדער האט דאס ניט געארט.

די פינף מינוט זענען אריבער. דער געפעכט האט זיך ווידער אנ־געהויבען.

ד ערגעפעכט, וואס איז געווען פול מיט וועהטאגען פאר דעם אירלענדער איז געווען ווי א שפילכעל פאר דעם סקאטלענדער. וואס פאר א גרויסע זאך וויסענשאפט איז: דער קליינער האט דורך א וויסענשאפטליכע מעטאדע געהאקט דעם גרויסען.

וואס עס איז פריהער געווען נאז, אויגען און מויל, האט אויס־געזעהען ווי איין גרויסע שטיק רויע פלייש. ער האט אויסגעשפיגען, זענען פיער ציין פון זיין מויל ארויס, דאן איז ער אומגעפאלען, קילטער האט איהם אויפגעכאפט.

העלעמסבייל איז כמעט ווי ניט געריהרט געווארען. מען האט זיך שוין איצטער געוועט זעכצעהן צו איינס אויפ׳ן סקאטלענדער. הארי קארלטאן האט אויסגעשריען: „עס איז שוין מעהר קיין איר־לענדער ניטא, איך וועט אויפ׳ן סקאטלענדער, מיין טיטול לארד בא־לאוו געגען דעם ארצביסקופ פון פאנטיובאריים אלטען פאריק.“

קולטער האט דעם אירלענדער ארומגעריבען מיט שנאפס און איהם ווידער אפגעווישט די בלוט. עפעס עהנליכעס צו א מויל האט מען ווידער געזעהן. ער האט אויפגעהויבען א ברעם, עס האט זיך געדאכט אז זיינע שלייפען זענען צוזעצט געווען.

דער אירלענדער האט זיך ווידער אויפגעהויבען. עס האט שוין געהאלטען ביים ענדע פון געפעכט. אין דער פאזיציע ווי דער גבור

האָט זיך אוועקגעשטעלט האָבען אַלע פאַרשטאַנען אַז דאָס איז שוין די ענדע, אָבער קיינער האָט ניט געצווייפעלט אַז ער האָט פאַרלאָרען.

דער סקאָטלענדער האָט אַליין אויסגעשריען: „איך וועט אויף מיר אַליין אַ טויזענד צו איינס.“

ער האָט אויפגעהויבען זיין האַנט און דערלאַנגט אַ זעץ, וואָס האָט אַלעמען פאַרוואונדערט. ביידע זענען געפאַלען.

דער אירלענדער איז געווען צופרידען.

אין דער צייט וואָס יענער האָט איהם געגעבען אַ זעץ אין קאָפּ, האָט ער זיך איינגעבויגען און איהם געגעבען אַ זעץ אונטערן בויך, זיך באַנוצענדיג מיט דער ערלויבעניש וואָס מען האָט איהם פריער געגעבען.

דער סקאָטלענדער איז געלעגען און געכאָרכעלט.

די צושויערס האָבען געשריען „צוריק באַצאָהלט“.

אַלע האָבען אַפּלאָדירט אפילו די וואָס האָבען פאַרלאָרען.

דער אירלענדער האָט זיך באַנוצט מיט דער ערלויבעניש.

דעם סקאָטלענדער האָט מען אוועקגעטראָגען. די אַלגעמיינע מיי־נונג איז געווען, אַז ער וועט שוין צו זיך ניט קומען. דער אירלענדער איז אויך פאַרבליבען אַ קאַליקע אויפ'ן שטערען. לאָרד באַבערטעס האָט אויסגעשריען „איך געווין צוועלף טויזענד גינעס.“

ווען זיי זענען אַרוים, האָט זשאַרזיאַנאַ אַנגענומען לאָרד דעוויסען ביים אָרעם, אַ זאַך וואָס איז ערלויבט ביי „פאַרלאָבטע“ און געזאָגט: עס איז זייער שעהן, אָבער...

אָבער וואָס?

„איך האָב ערוואַרטעט אַז עס זאָל די לאַנגווייליגקייט פאַר־טרייבען.“

לאָרד דעוויד האָט זיך אָפּגעשטעלט, איהר אָנגעקוקט, זיך פאַר־טראַכט און געזאָגט: „פאַר לאַנגווייליגקייט איז דאָ איין מיטעל.“

„וואָס פאַר אַ מיטעל.“

„גווינפּלין.“

די הערצאָגין האָט געפרעגט:

„ווער איז גווינפּלין?“

# 12טער קאַפּיטעל.

די נאַטור האָט שלעכט באהאנדעלט גווינפּעלינען. זי האָט איהם געגעבען א מויל וואס האָט זיך געעפענט פון איין אויער צום צווייטען, אויערען וואס האָבען פּארדעקט זיינע אויגען. א צופּלאַטשעטען נאָז ווי פון א גרימאסע. א פּנים אויף וועלכען מען האָט ניט געקענט קוקען און זיך ניט צולאַכען.

מיר האָבען איצט געזאָגט אז די נאַטור איז ניט געווען פריינד־ליך צו איהם, אפשר איז דאס גאר ניט געווען די נאַטור?

האָט מען איהר גאָרניט געהאָלפען?

צוויי אויגען ווי צוויי ליידיגע טעג, א צושפּרייטע מויל און א פלאַטשיגען נאָז מיט צוויי גרויסע נאָזלעכער. דאָס אלעס צוזאמען האָט געמאכט דעם איינדרוק ווי עס לאכט. עס איז זיכער אז די נאַ־טור האָט אָהן הילף דאס אליין ניט געקענט טאָן, ניט געקענט באשאַ־פען אזא מייסטערווערק.

אָבער איז לאכען דער אויסדרוק פון פרייד?

אויב מען קוקט זיך צו צו דער באשעפעניש, וואס האָט געגעבען עפענטליכע פארשטעלונגען, נאך דעם ווי דער ערשטער איינדרוק פון פרייד פארשווינדעט, קען מען זעהן סמנים פון קונסט, צו זיין אזוי פאָלשטענדיג פון זיך אליין איז ניט מעגליך. דער מענש האָט ניט קיין מאכט איבער שעהנקייט, אָבער ער קען אלע מאָל באהערשען מיוסקייט, פון א האטענטאטען פראפיל קען מען ניט מאכען קיין גרי־כישען, אבער פון א רוימישען נאז קען מען אלע מאָל מאכען א קאל־מוקישען. עס איז גענוג ארויסצונעמען דעם וואָרצעל פון נאָז און איהם איינפלאכען. איז גווינפאלין געווען ווערט גענוג, ווען ער איז א קינד געווען, אז מענשען זאָלען זיך מיט איהם אָפּגעבען אזוי פיעל, אז זיי זאָלען איבעראנדערשען זיין אויסזעהן? פארוואס ניט? אויב אפילו עס איז נאר געווען פאר אויסשטעלונגען? לויט אלע ווארשיינ־ליכקייטען האָבען גוטע קענער פון דער קינדערשער אנאטאָמיע גע־

ארבייט אויף זיין פנים. זיי האָבען אויסגעריבען די פלייש, זיכער ווען ער איז נאָך זעהר יונג געווען, און האָבען איהם געמאַכט אזא אויסזעהן. דער וויסענשאפטליכער קינסטליכער ארומקוועטשען האָט צושפרייט זיין מויל, געעפענט די ליפען, ארויסגעשטעלט די יאסלעס, צושפרייט די אויערען, צובראָכען דעם ביין און איינגעוויקוועטשט דעם נאָז, צודרעהט די ברעמען און שפעטער געלאזען א הויט איבערוואקסען אויף די וואונדען, און פון דער מייסטערהאפטער סקולפטור ארבייט, פון דער מאסקע, איז גווינפעלין געווארען.

א מענש ווערט אזוי ניט געבארען.

אבער אונטער אלע אומשטענדען איז גווינפעלין געווען אן ערפאָלג. ער איז געווען א געשאנק פון דעם אויבערשטען פאר די אומעדיגקייט פון מענשען, ביי וועלכען אויבערשטען? ביין טייפלישען? ביים געטליכען? מיר לאָזען איבער די פראגע ניט פארענטפערט.

גווינפעלין האָט געגעבען עפענטליכע פאָרשטעלונגען, קיינער האָט ניט געקאָנט אזא איינדרוק מאַכען אויף מענשען ווי ער. ער פלעגט אויסהיילען היפאָכאנדרי בלויז וויזענדיג זיך. מענשען אין טרויער פלעגען איהם דארפען אויסמיידען, ווען ניט פלעגען זיי זיך צולאכען אונאנשטענדיג ווי זיי פלעגען אויף איהם א קוק טאָן. יעדער איינער וואס האָט נאר א קוק געטאָן אויף איהם פלעגט זיך האלטען ביי די זייטען פון געלעכטער. ווען ער פלעגט רעדען פלעגען זיי זיך קייקלען אויף דער ערד. ער איז געווען דער געגענזאץ צו לאנגוויילינקייט.

דערפאר האָט ער באלד געקראָגען א שם פאר א שוידערליכען מענשען.

לאכענדיג פלעגט ער ארויסרופען געלעכטער.

און דאך האָט ער ניט געלאכט. זיין פנים האָט געלאַכט. ניט זיינע געדאנקען. אָט דער אונפארגלייכליכער פנים, וואס דער מזל אדער א מענש האָבען געמאכט, האָט געלאכט. גווינפעלין איז ניט געווען פאראנטווארטליך דערפאר, זיין אויסזעהן האָט גארניט געהאט צו טאָן מיט זיין אינווייניג. ער האָט ניט געקענט אראָפנעמען פון זיין שטערען, ברעמען, ליפען, מויל דעם געלעכטער וואס ער האָט זיי ניט געגעבען. עס ליגט שוין אויף אייביג אויף זיין פנים. עס איז געווען דער אטאמאַטישער געלעכטער, און מען האָט איהם ניט געקענט ווידערשטעהן, ווייל ער איז געווען פארשטיינערט. צוויי קאנוואולסיעס מיט׳ן

מויל זענען אנשטעקענד א לאַך און א גענעץ, און דער גאַנצער מאָס־טעריעזער אויסזעהן פון זיין פנים האָט מיטגעהאָלפען, זיין גאַנצע פי־זיאָנאָמיע איז געווען א טייל פון דעם געלעכטער. יעדער פאַרוואונדע־רונג וואס ער וואָלט נאר געפיהלט, יעדער סאָרט ליידען, אלע זיינע עמאָציעס האָבען נאָך פאַרגרעסערט אויף איהם דעם געלעכטער. ווען ער וואָלט געוויינט וואָלט ער געלאַכט, און וואס ער וואָלט נאר גע־וואָלט, וואס ער וואָלט געטראַכט, ווי ער וואָלט נאר אויפגעהויבען זיין קאָפּ וואָלטען אלע זיך צולאַכט.

זאָל זיך דער לעזער פאַרשטעלען א קאָפּ פון א מעדוזע נאר פרעהליך.

וואס נאר איינער זאָל האָבען אין געדאַנק א קוק טוענדיג אויף איהם, מוז מען זיך צולאַכען.

אין אַלטען גריכענלאַנד פלעגען זיי האָבען אויף די טעאַטערע א לאַכענדען קאָפּ פון בראָנז. די קאָפּ האָט געהייסען קאָמעדיע. די קאָפּ האָט געלאַכט און געמאַכט מענשען לאַכען. אבער די קאָפּ איז געווען עטוואס מעלאַנכאָליש. אלע פאַראַדיעזן וואס ענדיגען זיך מיט משוגעת, אלע איראָניען וואס ענדיגען זיך מיט וויייזהייט, זענען קאָנצענטרירט און פאַראייניגט געוואָרען אין דער קאָפּ. די גאַנצע סומע זאָרג, אַנ־טוישונג, אונצופרידענהייט איז געווען אפּגעשטעמפּעלט אויף דעם אונ־באַוועגליכען שטערען, און האָט געגעבען די גאַנצע סומע פון מעלאַנ־כאָלישער פרייד. איין זייט פון מויל איז געווען אויפגעהויבען צו די מענשען שפּאָטענדיג פון זיי, אצווייטע זייט צו די געטער שימפּענדיג זיי. מענשען זענען באַקאַנט מיט דער מאָדעל פון אידעאַלען, סאַר־קאַזם און דער העכסטער אויסדרוק פון איראָניע וואס מענשען האָבען אין זיך, און די מאַסע וואס פלעגט זיך ארומקלייבען ארום דעם גע־לעכטער פלעגט פאַרטיג זיין צו שטאַרבען פאַר דער שטיינערנער אונבאַוועגליכקייט פון דעם לאַך. מען קען כמעט זאָגען אז גוויני־פּלין איז געווען אן אייביגער לאַך. אָט די ליעבענסלאָזע טויטע מאַס־קע, די אַלט־גריכישע קאָמעדיע אנגעפּאַסט אויף א לעבעדיגען מענ־שען, אָט די פאַרשאַלטענע קאָפּ פון אונאויפהערליכע לוסטיגקייט האָט ער געטראָגען אויף זיין האַלז, וואס פאַר א מאָס אויף די אַקסלען פון א מענש.

אייביגער געלעכטער. לאָמיר קומען צו א פאַרשטענדעניס און

ערקלערען אונזער מיין. אויב מיר לאָזען גלויבען די מאַניכיער אז די אבסאלוטע בייגט זיך אויך, אז גאָט אליין מישט זיך אריין אמאָל. לאָמיר אויך פארשטעהן דעם ווילען. מיר גיבען ניט צו, אז ער איז אינ־גאנצען מאכטלאָז. יעדער עקזיסטענץ טראגט אן עהנליכקייט צו א בוכשטאַב וואס ערקלערט זיך אין א צושריפט. פאר גווינפּלענען איז דער צושריפט געווען ווי פאָלגט: מיט דעם קראַפט פון ווילען קאָנ־צענטרירענדיג די גאנצע אויפמערקזאמקייט און אויף דער באדינגוני אז קיין איין עמאציע זאָל ניט אפּווענדען די אויפמערקזאמקייט. קען ער אָפּהאַלטען דעם אייביגען געלעכטער אויף זיין פּנים, ווי איבער־דעקען דאס מיט א סאָרט טראגישען וואואל, דאן האָבען מענשען שוין ניט געלאכט אין זיין אנוועזנהייט, זיי האָבען געשוידערט.

מיר וועלען דא זאָגען אז גווינפּלען האָט כמעט ווי קיין מאָל ניט געמאכט דעם פארזוך, ווייל עס האָט געפאָדערט די גאנצע קראַפט פון זיין כאַראַקטער. נאָך מעהר די קלענסטע אפּווענדונג איז געווען גענוג צו פאראורזאכען דעם געלעכטער, אראָפּגענומען פאר א מאָ־מענט און עס קומט צוריק ארויף אזוי אונפארמיידליך ווי דאס פּלי־סען פון וואסער. און עס פלעגט נאָך זיין שטאַרקער אין דער פּראָ־פּאָרציע פון דעם טרויער וואָס אויף זיין פּנים איז געווען פריער.

מיט דער אויסנאמע איז גווינפּלענס געלעכטער געווען אייביג.

זעהענדיג איהם האָט מען געלאַכט, ווען מען האָט געלאכט האָט מען אָפּגעקערט די קאָפּ.

פרויען האָבען זיך באזונדערס געשראָקען פאר איהם. דער מאַן איז שוידערליך. דער צולאכען זיך איז געווען א נויטווענדיגקייט און מען האָט דאָס מיט פארגעניגען געטאָן, אבער דערנאָך ווען דער לאַך איז אָפּגעקילט געוואָרען האָט מען שוין אויף איהם ניט געקענט קו־קען. פאר א פרויען אויג איז ער שוין געווען אונערטרעגליך.

דער איבעריגער טייל פון קערפּער איז געווען אן אויסערגעוועהנ־ליך פיינער. ער איז געווען אויך, גוט געבויט, פלינק און אויף קיין פאלם ניט קיין קאַליקע אויסער אין פּנים. דאָס איז נאָך אן אורזאך אז ער איז ניט אזוי פון דער נאטור, נאר א קינסטלערישע באשאפונג. פון געבורט איז ער געווים געווען ווי אנדערע קינדער. זיין קערפּער איז אין א גוטען צושטאַנד, נאר זיין פּנים איז געמאַכט געוואָרען אויסדרוקספול

זיינע ציין האָט מען איהם איבערגעלאזען, ציין זענען נויט־וועגדיג צום לאכען.

די אָפּעראציע וואס איז אויף איהם געמאכט געווארען איז געווען א שווידערליכע. ער האָט דאָס ניט געדיינקט וואס הייסט נאָך ניט אז עס איז ניט געשעהען. דער כירורגישער סקולפּטור האָט נאָר גע־קענט האָבען ערפאָלג מיט א זעהר יונגע קינד, און איינער וואס וואָלט ניט פארשטאַנען וואס עס פּאסירט מיט איהם, און איינער וואס קען מיינען אז א וואונד איז אָ קראנקהייט, נאָך מעהר מען דארף וויסען אז אפילו אין יענע טעג האָט מען געקענט איינשלעפערען א מענשען. נאר דאן האָט מען דאס גערופען כשוף און היינט הייסט דאס אנא־סטעזיא.

אלס צוגאָב האָבען נאָך די וואס האָבען איהם ערצויגען געמאכט מיט איהם גימנאַסטיק, און אטלעטישע איבונגען, האָבען איהם צו־געגרייט פאר א פּאיאץ, פאר איינעם וואָס זאָל געבען עפענטליכע פּאָר־שטעלונגען.

זיינע האָר האָט מען געפארבט מיט איקרע, א געהיימניס וואס מען האָט ווידער אנטדעקט היינטיגע צייטען. שעהנע פרויען באנו־צען זיך דערמיט, דאס וואס פלעגט אמאָליגע צייטען מאכען מיאוס, מאכט היינט שעהן. גווינפּעלין האָט געהאט געלע האָר. דער פארבען די האָר האָט דאס געמאכט הארט און וואליג. פון די האָר האָט זיך ארויסגעזעהן א גרויסער שטערען, באשאפען צו אנטהאלטען געדאנקען, הינטער דעם געלעכטער איז געווען א נשמה, וואס האָט געטרוימט ווי ביי אונז אלע.

נאָך מעהר דער געלעכטער איז געווען גווינפּעלינס טאלאַנט, ער האָט זיך ניט געקענט העלפען און ער האָט דערפון פּראָפּיטירט. דורך דעם האָט ער פארדינט אויף א לעבען.

גווינפּעלין, ווי דער לעזער האָט שוין ווארשיינליך אליין געטראָ־פען, איז געווען דער אינגעל וואס איז איבערגעלאזען געווארען אויף דעם ברעג ביי פּאָרטלאנד, און וועלכער איז שפּעטער אנגעקומען אין דער פּאָרענדער קאסטען אין וויימוט.

---

# 13טער קאַפּיטעל.

איצט איז שוין דער אינגעל געוואָרען אַ מאַן. פופצעהן יאָהר זענען שוין אַריבער. גווינפּעלין האָט זיך דערנעהענטערט צו פינף און צוואַנציג יאָהריגען געבורטס־טאָג.

אורסוס האָט געהאַלטען ביידע קינדער ביי זיך.

אורסוס און האָמאָ זענען שוין ביידע געוואָרען אַלט. אורסוס איז שוין אין גאַנצען פּליכיוואַטע. דער וואָלף ווערט שוין אויך גראָה, די יאָהרען וואָס אַ וואָלף לעבט זענען ניט באַשטימט. לויט מאַלינען זענען דאָ וועלף וואָס לעבען אַכציג יאָהר.

די קליינע מיידעלע וואָס איז געפונען געוואָרען אויף דער טויטער פרוי, איז שוין איצט אַ גרויסע, זעכצעהן יאָהר אַלט. בלאַס מיט ברוינע האָר, שלאַנק און איידעל, אַז זי ברעכט זיך כמעט איבער, זעהר שעהן מיט אויגען פול מיט ליכט און דאָך בלינד.

אין יענער פאַטאַלע נאַכט וואָס האָט אומגעוואָרפען איהר מוטער אין שניי, וואו זי איז געשטאָרבען איז זי בלינד געוואָרען.

ביי איהר איז אויף אייביג פּאַראַליזירט געוואָרען דער זעהונגס נערוו, אויף איהר פּנים איז געוועזען אַ ביטערער פּאַרדראָס, איהרע גרויסע קלאָרע אויגען האָבען געהאַט די אייגענטימליכקייט, פאַר איהר זענען זיי געוועזען אויסגעלאָשען, האָבען זיי דאָך פאַר אַנדערע געשיינט. געהיימניספולע אַנגעצונדענע פאַקלען האָבען באַלויכטען די אויסער־ליכקייט אַליין. זי האָט באַלויכטען און אַליין גאָרניט געהאַט. פון דער טיפעניש פון איהר אונהיילבאַרע אָפּגעזונדערטקייט, פון הינטער דעם שוואַרצען וואַנט וואָס מען רופט בלינדקייט, פלעגט שטראַלען אַ ליכט, זי האָט די זון פון דער וועלט ניט געזעהן, אַבער איהר נשמה האָט מען יע געזעהן.

איהרע טויטע אויגען האָבען געהאַט אַן אונבאַשרייבליכען שיי־נענדען גלאַנץ.

אורסוס, וואָס איז געוועזען אַ מאַניאַק אויף ליטיינישע נעמען האָט

איהר א נאמען געגעבען דיא. ער האט זיך טיילוויז באראטען מיט'ן וואלף. ער האט צו איהם געזאגט: דו רעפּרעזענטירסט דעם מענש, איך די חיה. די קליינע זאל מיט זיך פארשטעלען די וועלט פון אויבען. אויף דעם אופן וועלען מיר האבען דעם גאנצען אוניווערז אין אונזער הייזעל. די מענשהייט, די חיה און די געטליכקייט.

אזוי האט מען דאס קינד גערופען דיא.

מיט גווינפּעלין האבען זיי שוין ניט געהאט אזוי פיעל קאפּדרעהעניש, אויף מארגען, דעם זעלבען טאג ווען ער האט געזעהן דעם אינגעלם פּנים האט ער איהם געפרעגט: „ווי רופט מען דיר?" און ער האט געענטפערט: „מען רופט מיר גווינפּעלין."

„זאל זיין גווינפּעלין", האט אורסוס געזאגט.

אויב די מענשליכע צרות קענען צונויפגעזאמעלט ווערען, איז דאס צונויפגעקליבען געווארען אין גווינפּעלין און דיא. יעדער פון זיי איז געבארען געווארען אין אן אפּטיילונג פון גהנים, גווינפּעלין אין דער שוידערליכער און דיא אין דער פינסטערער. זייער עקזיסטענץ איז צוזאמענגעשטעלט געווארען פון צוויי פארשידענע שאטענס פון צוויי זייטען פון לעבען. די שאטענס האט דיא געהאט אין איהר און גווינפּעלין האט זיי געהאט אויף איהם. ערגער איז געווען גווינפּעלינען ער האט אלעם געזעהן. זי איז געווען בלינד. פאר איהם איז געווען אן אומגליק וואס האט פאר איהר ניט עקזיסטירט, ער פלעגט זיך פארגלייכען צו אנדערע מענשען, און איז געווען זיין אייגענע רעטעניש, פילען אז איהם פעהלט עפּעס און ניט וויסען וואס, זעהן די גאנצע וועלט און זיך אליין ניט זעהן. דיא האט געהאט א וואואל די נאכט, גווינפּעלין האט געטראגען א מאסקע — זיין פּנים. די אונערקלערבארסטע זאך איז געווען וואס ער איז געווען פארמאסקירט מיט זיין אייגענע פלייש, וואס זיין פּנים איז געווען האט ער ניט געוואוסט, זיין פּנים איז פארשוואונדען, זיין קאפּ האט געלעבט און זיין אויסזעהן איז פארשוואונדען. די מענשליכע גרעסטע געזעלשאפט איז געווען פאר גווינפּעלין און דיא'ן אן אויסערליכער פאקטאר. זיי זענען געווען ווייט דערפון, זי איז געווען אליין און ער איז געווען אליין. פאר איהר האט די וועלט ניט עקזיסטירט אויסער הערען און פיהלען. פאר איהם האט לעבען געמיינט צו האבען די מענגע ארום איהם און אויסער איהם. דיא איז געווען אויסער די ליכט, ער אויסער דעם לעבען. זיכער זיי זענען

ביידע געוועזן אונגליקליכע. א באַאָבאַכטער וואָלט באלד צו זיי דער־פילט אונאויפהערליכען רחמנות. וואס זיי ליידען?

זיי האָבען געלעבט אין א גן־עדן; זיי האָבען זיך ליעב געהאט.
גווינפּעלין האָט פארגעטערט דיאָן.
פאר איהר איז ער געווען דער גרעסטער.
„דו ביזט אזוי שעהן,“ פלעגט זי זאגען צו איהם.

## 14טער קאַפּיטעל.

בלויז איין פּרוי אויף דער וועלט האָט געזעהן גווינפּעלין’ען. דאָס איז געווען די בלינדע מיידעל.

וואס גווינפּעלין איז פאר איהר געווען, האָט זי געוואוסט פון אורסוסען, פאר וועמען גווינפּעלין האָט דערצעהלט פון זיין ארומ־שלעפּען זיך נאָך דעם ווי מען האָט איהם איבערגעלאזען אויפ’ן פּאָרט־לאנדער ברעג. זי האָט געוואוסט אז ווען זי איז געווען א קליין קינד, איז זי געלעגען א שטאַרבענדע אויף איהר געשטאָרבענער מוטער, און איינער אביסעל גרעסער פון איהר האָט איהר אויפגעהויבען. און דער איינער, וואס איז אליין געווען א פארטריבענער און פארלאָזענער, האָט איהר ניט פארלאָזען, און ווי מיעד ער איז געווען, האָט ער איהר נאָך גענומען אויף זיך, ווען אלע האָבען זיך אָפּגעווענדט, ווען דער הימעל אליין איז געווען פארמאכט, און עס האָט אויסגעוויזען אז גאָט אליין האָט זיי פארלאָזען, איז ער געקומען און איהר מיט זיך גענומען, מאַכענדיג זיין וועג נאָך שווערער. ער איז געווען איהר מו־טער און איהר ניאנקע. ער וואס איז אליין געווען אויף דער וועלט. וואָס איז אליין פארלאָזען געוואָרען האָט איהר אדאָפּטירט, ער האָט ווי געוויזען א ביישפּיל פאר אנדערע אז ליידענדיג אליין האָט ער נאָך געקענט העלפען אַן אנדערע אין איהרע ליידען, אז אויף דער וועלט, וואס האָט פאר איהם גאר ניט געהאט, האָט ער אנטדעקט

— פליכט. וואו יעדער וואלט זיך אפגעהאלטען איז ער צוגעטראטען. ער האט איהר אראפגענומען פון א טויטען קערפער — איהר, דיאן, אליין א האלב נאקעטער, האט ער איהר פארדעקט מיט זיינע שמאטעס ווייל עס איז איהר קאלט געווען. אליין זייענדיג הונגעריג, האט ער געטראכט וואו מען קען קריגען פאר איהר עסען און טרינקען, אז פאר דער קליינער מיידעל האט דער קליינער איינגעל באקעמפט דעם טויט. אז ער האט איהם באקעמפט אונטער אלע פארמען, אונטער דער פארמע פון ווינטער און פראסט, אונטער דער פארמע פון איינזאמקייט, פון שרעק, פון שניי, פון הונגער און דארשט, פון שטורעם. אז פאר איהר — דיאן האט דער טיטאן 10 יאהר אלט מיט אלע זיינע כוחות געקעמפט. זי האט געוואוסט אז דאס אלעס האט ער געטאן ווען ער איז נאך א קינד געווען, און איצט ווען ער איז שוין א מאן איז ער איהר שטארקייט,ווייל זי איז אליין שוואך. איהר רייכטהום, ווייל זי איז אליין ארעם, איהר היילונג ווייל זי איז קראנק, איהר זעהן, ווייל זי אליין איז בלינד. דורך די אונבאוואוסטע פינסטערניש האט זי קלאר געזעהן זיין איבערגעבענהייט, זיין זעלבסטאויפאפפערונג, זיין קוראזש, זיין העלדישקייט. זי האט געפילט אין דער אבסטראקציע וואו זי האט געלעבט א געדאנק וואס איז ניט פאראורזאכט פון זונען־ליכט. זי האט פארנומען דעם געהיימניספאלען אויסזעהן פון טוגענד, אין דער אומגעבונג, האבען די אונזעהבארע זאכען אין איהר באוועגונג געלאזען אויף איהר אן איינדרוק פון דער ווירקליכקייט. איהר גאנצען לעבען איז זי געווען אין שרעק פון א מעגליכער געפאר, ווען גווינפעלין וועט ניט זיין דערביי. זי האט געפילט אז גווינפעלין איז העכער פון איהר, אבער ער איז קיין מאל קאלט ניט געווען צו איהר, קיין מאל ניט אוועקגעגאנגען, קיין מאל ניט פארשטעלט פון איהר. ער איז געווען צערטליך־איידעל און איבערגעגעבען. דיא האט געציטערט פון דאנקבארקייט, איהרע אויגען אנגעפילט מיט שאטענס, האט זי געפילט, פון דער טיפעניש פון איהר הארץ די גוטסקייט, די גרויסע ליכט.

די אידיאלע גוטסקייט איז די זון און גווינפעלין איז פאר איהר די זון געווען.

פאר דער מענגע וואס האט צופיעל קעפ צו האבען איין געדאנק צופיעל אויגען צו קענען עטוואס זעהן. פאר דער מענגע וואס קען

מעהר ווי די אויסערליכקייט ניט זעהן, איז גווינפּעלין געווען אַ פּאַיאַץ אַ קלאָון, אַ קונצען מאַכער, עטוואס מעהר און עטוואס ווינציגער פון אַ חיה. די מענגע האָט מעהר ניט געזעהן ווי זיין פּנים.

פאר דיאן אבער איז ער געווען דער ערלייזער. ער האָט איהר אויפגעהויבען פון קבר און איהר לעבעדיג געמאַכט, און געמאַכט עס זאָל זיין מעגליך פאר איהר צו לעבען. ער איז געווען דער באפרייער וועמענס האַנט זי האָט געהאַלטען אין איהרער. גווינפּעלין איז געווען איהר פריינד, איהר ברודער, איהר פיהרער, איהר ערציער, איהר חבר מיט וועמען זי פלעגט זיך אוועקלאָזען אין יענע ווייטע וועלטען פון חלומות, וואו די מענגע האָט בלויז געזעהן אַ מאנסטער, האָט זי אַ מלאך געזעהן.

עס איז געווען דערפאר וואס זייענדיג בלינד האָט זי זיין נשמה געזעהן.

## 15טער קאַפּיטעל.

אורסוס זייענדיג אַ פילאָזאָף, האָט פארשטאַנען און האָט צוגע־שטימט צו דיאס איבערגעבענהייט.

„די בלינדע זעהן די אונזעהבארע". האָט ער געזאָגט.

ער פלעגט קוקען אויף גווינפּעלין און זאָגען:

„אַ האַלבער מאנסטער און אַ האַלבער גאָט."

גווינפּעלין פון זיין זייט איז פאר'שכר'ט געווען מיט דיאן. עס איז דאַ די אונזעהבארע אויג דער געדאַנק און די זעהבארע, דער שוואַצאַפּעל. ער האָט מיט דער זעהבארער אויג געזעהן, דיא איז גע־ווען שעהן. גווינפּעלין איז ניט געווען מיאוס, ער איז געווען שוידער־ליך: און דאָ איז געווען זיין קאָנטראַסט. דיא איז געווען ליעבליך אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע ווי ער איז געווען שוידערליך. ער שוי־דער: זי גראַציעז. עס איז געווען עטוואס טרוימהאַפטעס אין דיאן.

זי איז געווען עהנליך צו א ווידזיאָן וואס האָט זיך טיילווייז אנגענומען א קערפּערליכע פאָרמע, און איהר גאַנצען אויסזעהן אין איהר שלאַנקייט, אין דער אונרוהיגקייט פון א דין יונג בוימעל. אין איהרע שולטערן, ווי עס וואָלט אונזעהבארע פליגלען אויף זיי געווען, אין דעם געבוי פון איהר קערפּער אנווייזענדיג פון איהר פרויענליכקייט. צו דער נשמה מעהר ווי צו דעם זינען, און איהר ווייסקייט וואס איז כמעט ווי דורכזיכטיג געווען. אין דעם הייליגען אונשולד פון איהר שמייכעל, — אן אויסערגעוועהנליכע עהנליכקייט צו א מלאך, און א געניגענדע מאָס פרוי.

גווינפּלען ווי מיר האָבען געזאָגט, האָט זיך פאַרגליכען צו דיאַן.

גווינפּלען איז געווען א פּראָדוקט פון מזל, קאָמפּלעצירט פון געטליכקייט. דאס אומגליק האָט זיינע פינגער אוועקגעלייגט אויף איהם און דאס גליק אויך. פון די צוויי עקסטרימען איז צוזאַמענגעשטעלט זיין מזל, אויף איהם האָט גערוהט די קללה און די ברכה. ער איז געווען דער פאַרשאָלטענער. ווער איז ער געווען? ער האָט ניט געוואוסט ווען ער האָט זיך אנגעקוקט, האָט ער זיך אליין ניט געקענט. ער איז פאַר זיך אליין א פרעמדער געווען, אבער דער פרעמדער איז מאָנסטערהאַפט געווען. גווינפּלען האָט געלעבט ווי אין א פרעמדען האָבענדיג א פּנים וואס איז ניט זיינער געווען. דער פּנים איז שוידערהאַפט געווען, אזוי שוידערהאַפט אז ער האָט אמוזירט. ער האָט אזוי פאַרוואונדערט אז ער האָט ערוועקט געלעכטער. ער איז געווען שוידערליך קאָמיש. קיין מאָל איז נאָך אויף דער ערד אזא פאַרשטעלטער פּנים ניט געזעהן געווארען, קיין מאָל האָט מען נאָך אזא שוידערליכען אויסזעהן אין חלום אפילו ניט געזעהן. קיין מאָל זענען נאָך די אַלע עקעלהאַפטיגקייטען וואס קענען אפשטויסען א פרוי, ניט אזוי צוזאַמענגעקליבען געווארען אין איין פּנים. די אונגליקליכע הארץ, פאַרמאַסקירט אין דעם פּנים ניט געווען אזוי פאַראורטיילט צו איינזאַמקייט, ווי ער. אבער ניין! ווען די אונבאַוואוסטע שלעכטע כחות האָבען זיך אויסגעלאָזען, האָט די אונזעהבארע גוטסקייט אנגעפאַנגען צו טאָן איהר ארבייט, און דער ארימער געפאַלענער מענש האָט זיך אויפגעהויבען צו דער איבערגעבענהייט, און האָט די טויב בארוהיגט, אָט דעם געפאַלענעם און ערנידעריגטען מענש.

אבער דערצו איז נויטיג געווען אז די שעהנקייט זאָל ניט זעהן

דעם מאַסקירטען פּנים, צוליעב דעם גליק איז דער אומגליק נויטיג געד
ווען, און די איז צום גליק בלינד געווען.

גווינפּעלין האָט געפיהלט אז ער איז דער אביעקט פון ערלייזונג,
צוליעב וואָס איז די פּאַרפּאַלגונג? ער האָט ניט געוואוסט, וואָרום
די ערלייזונג? ער האָט ניט געוואוסט. עטוואָס האָט איהם געשטעמד
פּעלט מיט דער שאַנדע, מעהר ווי דאָס האָט ער ניט געוואוסט. ווען
גווינפּעלין איז שוין געווען אַלט גענוג צו פאַרשטעהן, האָט אורסוס
איהם געלייענט פון מעדיצינישע ביכער, האָט זיך אבער צוריקגעהאַלד
טען פון „מאַכען וואָס פאַר עס איז היפּאָזעטען". און האָט גוט אַכד
טונג געגעבען ער זאָל ניט ציהען קיין שלוס פון זיי. מגעליכקייטען
זענען געווען פון א פאַרברעכען וואָס איז געגען איהם באַגאַנגען געד
וואָרען אין זיין קינדהייט, אבער פאַר גווינפּעלין איז געווען אַלץ
איינס, ער האָט געמוזט לעבען א געבראַנדמאַרקטער אויף אייביג.
פאַרוואָס? ניטאָ קיין ענטפער. שטילקייט און איינזאַמקייט איז געווען
ארום איהם. אַלע זענען געווען פרעמדע פאַר איהם אין זיין טראַגיד
שער ווירקליכקייט. און מיט איין אויסנאַם איז אַלעם געווען אונזיכער.
אין דעם לעבען איז זי געווען א געטליכע ערשיינונג. זי איז געווען
צווישען איהם און פאַרצווייפלונג. ער האָט געזעהן, אנגערירט זיך,
דערוואַרעמט אונטער דעם צויבער פון דער אויסערגעוועהנליכער מייד
דעל, און אונטער איהר איינפלוס פלעגען ווייכער ווערען די שטריכען
אויף זיין פּנים.

גווינפּעלין און דיאַ זיינען געווען א גוטע פּאָר, און זיי האָבען
זיך פּאַטעטיש ליעב געהאַט. איין נעסט פאַר צוויי טויבען, דאָס איז
זייער געשיכטע געווען, זיי זיינען אונטערוואַרפען געווען דעם אונערד
וויזאַלען געזעץ, פון גלוסטען איינע צו די אנדערע, זיך זוכען און זיך
געפינען.

גווינפּעלינס פאַרפאַלגער, וועד זיי זיינען נאָר ניט געווען, און
צוליעב וואָס זיי זאָלען דאָס ניט האָבען געטהאָן, האָבען זייער ציעל
פאַרפעהלט. זיי האָבען געוואָלט מאַכען אַ פאַרצווייפעלטען מענש און
זיי האָבען געמאַכט א צויבערליכען. זיי האָבען איהם געמאַכט פאַר
אַ קאַליקע, דעם אינקוויזיטאָרס צוואַנג איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען
אין א לאַשצענדע פרויען־האַנט. גווינפּעלין איז געווען שווידערליך,
קינסטליך שווידערליך, שווידערליך דורך מענשליכע הענט, זיי האָד

בען איהם אפגעריסען אויף אייביג פון זיין פאמיליע און פון דער גע־זעלשאפט. ווען ער איז נאך א קינד געווען, האבען זיי איהם שוין רואינירט, אבער אויף דער רואינע האט די נאטור אכטונג געגעבען ווי זי גיט אכטונג אויף אלע רואינען. די נאטור קומט צו הילף אלע פארלאזענע, דארט וואו אלעס פעהלט, גיט זי זיך אפ מיט איהר גאנצער קראפט. אלע איינפאלענדע פארלאזענע ווענד באדעקט זי מיט גראז און בלומען, זי האט די מאך פאר'ן שטיין און די ליעבע פאר'ן מענש.

---

## 16טער קאפיטעל.

אזוי האבען די צוויי אונגליקליכע געלעבט. זי דורך איהם, ער דורך איהר.

די יתומה האט געהאט דעם יתום, די צוויי זיינען איינע די אנ־דערע דאנקבאר געוועזען.

זיי זיינען דאנקבאר געווען דער אונבאשטימטקייט, אייבי־דאנקבאר געווען, ווי פיעל מענשען האבען געמיינט, אז זיי טהוען תפילה צו יופיטער'ן, ווען זיי האבען גאר תפילה געטהאן צו יהאווא׳ן. די אטעאיסטען פארשטעהען גאר ניט, אז דער בלויזער פאקט, אז עס איז זיי גוט געווען אדער שלעכט, טהוען זיי תפילה צו גאט.

צו זיין א קאליקע, הייסט זיין אויסגעשלאסען, צו זיין בלינד הייסט שטעהן איבער אן אפגרונד, דער אויסגעשלאסענער האט א חבר געקראגען דער אפגרונד איז באוואוינט געווארען.

גווינפעלין האט געזעהן, קומענדיג צו איהם אין דער פולער ליכט א שטראהל פון דעם מזל וואס איז עהנליך צו טרוים, א וויי־סער וואלקען פון שעהנקייט אין דער געשטאלט פון א פרוי און ער־שיינונג פון פרייד וואס האט א הארץ געהאט, און די ערשיינונג וואס האט אויסגעזעהן ווי א וואלקען איז א פרוי געווען וואס האט

איהם ארומגענומען און איהם געליעבט. איהם דעם פארלאָזענעם און פון דער געזעלשאַפט פארשטויסענעם, האָט זי געליעבט. פאר־לאַנגען זאָלען ערפילט ווערען איז דאָס גרעסטע גליק, געווינפעלינס און דיא'ס איז ערפילט געוואָרען.

די פארלאָזענקייט פון דעם קאליקע האָט זיין מנוחה געפונען און האָט זיך אויסגעשפרייט אין פאר'שכר'טער עקסטאַז אין דעם גלויבען. און א האַנט איז אויסגעשטרעקט געוואָרען פאר דער בלינ־דער אין דער נאַכט.

עס איז געווען דאָס אריינדרינגען פון צוויי פארצווייפעלטע אין דעם אידעאלען לעבען: צוויי ארויסגעשטויסענע האָבען זיך איינע די אנדערע אריינגעלאָזען, זיי האָבען זיך איינע אָן די אנדערע אָנ־געהאַלטען, וואָס איינעם האָט געפעלט, האָט דער אנדערער געהאַט. וואָלט די ניט בלינד געווען, וואָלט זי אויסגעקליבען גוועננפעלינ'ען? וואָלט גווינפעלין קיין פארזעהעניש ניט געווען, וואָלט ער אויסגעקלי־בען דיאַן? זיי וואָלט וואַרשיינליך אַזוי ניט געוואָלט קיין פארזע־העניש, ווי ער ניט קיין בלינדע, וואָס פאר א גליק פאר דיאַן וואָס גווינפעלין איז א פארזעהעניש, ווי מזל'דיג איז גווינפעלין וואָס זי איז א בלינדע. א גרויסע נויטווענדיגקייט איינע פאר די אנדערע איז געווען דער גרונד פון זייער ליעבע, גווינפעלין האָט געראַטעוועט דיאַן, דיא האָט געראַטעוועט גווינפעלינ'ען, דאָס איז געווען זייער גאַנצע געמיינשאַפטליכעס, א צוזאַמענשטויס פון צרות האָט באשאַ־פען א פארהערונג, אן אומאַרמונג פון די וואָס האָבען זיך געפונען אין דעם אפּגרונד, נעהענטער קען מען שוין ניט זיין, פארצווייפעל־טער קען מען שוין ניט זיין.

גווינפעלין האָט פון איין זאַך געטראַכט:

„וואָס וואָלט איך געווען אָהן איהר?"

און זי האָט געטראַכט:

„וואָס וואָלט פון מיר געוואָרען אָהן איהם?"

דיביידע גלות מענשען האָבען זיך אין איין לאַנד געפונען. די צוויי אונהיילבארע האָבען זיך איינע די אנדערע געפונען. און זיי האָבען זיך באנוגענט מיט זיך אליין, אויסער זיך האָבען זיי זיך גאָר ניט פארגעשטעלט. רעדען איינע צו די אנדערע איז א פארגע־ניגען געווען, זיך דערנעהענטערען איינע צו די אנדערע איז א געגוב

געוועז, דורך געגענזייטיגע אינטואיציע, זיינעז זיי אנגעקומעז צו גע־געגזייטיגע פארהערונג. זיי האבעז ביידע געטראכט דעם זעלבעז גע־דאנק. ווען גווינפעלין פלעגט געהן, פלעגט זי זיך איינהערעז צו זיינע טריט, זיי פלעגעז געהן זייט ביי זייט אין ליכט און פינסטערניש, פול מיט פערפום און מוזיק פון טרוימהאפטע ארכיטעקטור, זיי האבעז איינע צו די אנדערע באלאנגט, זיי האבעז געוואוסט אז זיי וועלעז בלייבעז צוזאמעז אויף אייביג, אין דעם זעלבעז פרייד און עקסטאז. און קיין זאך איז ניט אזוי מאדנע ווי די גן־עדן פון די צוויי מענשעז פון גיהנום.

זיי זיינעז געוועז אויסערגעוועהנליך גליקליך.

פון זייער גהינום האבעז זיי א גן־עדן געמאכט, אט דאס איז די קראפט פון ליעבע.

זי האט געהערט ווי גווינפעלין לאכט און גווינפעלין האט גע־זעהן ווי דיא שמייכעלט.

אזוי איז דאס עכסטע גליק געפונעז געווארעז, די עכסטע פרייד פון לעבעז רעאליזירט געווארעז. די אייביגע פראבלעמע פון גליק גע־לייזט געווארעז. פון וועמעז? פון די צוויי אונגליקליכסטע.

גווינפעלין איז געוועז דיא'ס רעליגיאן.

צייטענווייז זייענדיג אויסער זיך פון גליק פלעגט זי קניעז פאר אהים.

שטעלט זיך פאר א גרויסעז אפגרונד און אין מיטעז פון דעם אפגרונד א ים פון ליכט און אין מיטעז ים זיינעז די צוויי געוועז שטראהלענדיג פון גליק.

עס איז ניטא קיין ריינקייט וואס קען זיך פארגלייכעז צו דער ליעבע, דיא האט ניט געוואוסט וואס א קוש איז, הען אפילו זי האט געגלוסט נאך דעם, די בלינדקייט איבערהויפט אין פרויעז, האט איהר טרוים, און טראץ דעם שטערעז פאר דעם אנקומעז פון דאס אונבא־וואוסטע שרעקעז זיי זיך ניט פאר זיי, געווהענליך האט די אומגליק־ליכע יוגענד געמאכט צוריקגעצויגעז. וואס מעהר ער איז פאר'שכור'ט געוועז, אליץ מעהר האט ער זיך צוריקגעהאלטעז. ער האט אליץ גע־מעגט וואגעז פאר דער מיידעל מיט וועמעז ער איז צוזאמעז געוועז פון איהר פריהסטער יוגענד, מיט דער מיידעל וואס האט אזוי ניט געוואוסט פון שלעכטס ווי ליכט וויים ניט, מיט דער בלינדער וואס

האָט בלויז איין זאך געזעהן: אז זי פאַרעהרט איהם, אבער ער וואָלט עס באַטראַכט ווי גע'גנב'עט וואָס זי וואָלט איהם אליין געגעבען. ער האָט זיך איבערגעגעבען מיט מעלאַנכאָלישער צופרידענהייט צו ליע־בען איהר ריין, הייליג.

די גליקליכע מענשען האָבען באַוואוינט דאָס אידעאַלע, זיי זיי־נען פאַרהייראַט געווען פון דער ווייטענס ווי צוויי ספערען, זיי פלע־גען זיך קושען אין דער נשמה.

זייער לעבען איז שטענדיג געווען א געמיינשאַפטליכער, זיי האָבען אנדערש ניט פאַרשטאַנען ווי ביידע צוזאַמען: דיא'ס קינד־הייט איז געווען ווי גווינפּלען'ס יוגענד, זיי זיינען צוזאַמען אויפגע־וואַקסען. זיי האָבען א לאַנגע צייט געשלאָפען אין איין בעט. די ביי־דע איז געווען א גרויסער שלאָף צימער, זיי אויפ'ן קאַסטען און אור־סוס אויף דער ערד. אזוי איז באַשלאָסען געוואָרען, און דאַן אין א שעהנעם טאָג, ווען דיא איז נאָך א קינד געווען, איז שוין גווינפּלען אַ ערוואַקסענער בחור געווען, און ער האָט זיך אַנגעפאַנגען צו שע־מען, האָט ער געזאָגט צו אורסוסען: „איך וויל אויך שלאָפען אויף דער ערד." און ביינאַכט האָט ער זיך געלעגט לעבען דעם אַלטען אויף דער ערד. דיא האָט געוויינט, זי האָט געוואָלט ער זאָל שלאָפען אין בעט. אָבער גווינפּלען איז שוין אונרוהיג געוואָרען, ער האָט שיין אַנגעפאַנגען צו ליעבען, איז געבליבען פעסט ביי זיין באַשלוס. פון דאַן אַן פלעגט ער שלאָפען אויף דער ערד מיט אורסוסען. זומער אין שעהנע נעכט פלעגט ער שלאָפען אויסענווייניג מיט האָמאָן. דיא איז שוין געווען דרייצעהן יאהר אַלט און האָט זיך אַלץ ניט אונטער־געגעבען, זי פלעגט אַלע מאָל זיך בעטען: „גווינפּלען, קום לעג זיך לעבען מיר, וועל איך קענען איינשלאָפען." פאַר איהר איז ער נויי־טיג געווען אום צו קענען שלאָפען. צו זעהן איינעמס נאַקעטקייט דאַרף מען קענען זעהן, ניט זעהענדיג האָט זי ניט געוואוסט וואָס דאָס איז אזוינס נאַקעטקייט. פון דיא'ס ניט וויסען פלעגט זיך גווינפּלען פאַרשעהמען, עס פלעגט אמאָל פּאַסירען ווען דיא פלעגט אויפשטעהן אין דער פריה, פלעגט זי זיך זעצען פאַרקאַמען איהרע לאַנגע האָר, און דאָס קליידעל פלעגט זיך פון אויבען אביסעל אראָפּגליטשען, אויפדעקענדיג איהר לייב, פלעגט זי רופען גווינפּלענען און ער פלעגט רויט ווערען און זיך פאַרשעמען און אראָפּלאָזען די אויגען, און ניט

געוואוסט וואָס צו טהאָן אין איהר אַנוועזענהייט, האָט עפּעס אַרויס־געשטאַמעלט, אָפּגעדרעהט די קאָפּ און איז אַרויסגעלאָפען.

דאָס איז געווען די אידיליע, פון וועלכער עס איז געוואָרען אַ טראַגעדיע.

אורסוס פלעגט אַרויסברומען:

„די חיות, זיי האָבען זיך ליעב.“

---

# 17טער קאַפּיטעל.

אורסוס פלעגט צוגעבען: „איך וועל זיי נאָך אַמאָל צרות פאַר־שאַפען, איך וועל זיי חתונה מאַכען.“

אורסוס פלעגט גווינפּלענען געבען לעקציעס אין דער טעאָריע פון ליעבע.

„ליעבע — דו ווייסט ווי דער גוטער גאָט צינדט אָן דעם פייער? ער שטעלט אַוועק די פרוי פון אונטען, דעם טייוועל איבער איהר און דעם מאַן אויפ'ן טייוועל. אַ שוועבעל, דאָס הייסט איין קוק, און זעה, אַלעס צינדט זיך אָן.“

„אפילו אַ קוק איז אויך ניט נויטיג“, האָט גווינפּלעין געזאָגט טראַכטענדיג פון דיאַ'ן.

אורסוס פלעגט זיך צושרייען: „שלימיאל! נשמות דאַרפען ניט קיין אויגען אַ קוק צו טהאָן.“

מאַנכעס מאָל איז אורסוס געווען אין אַ גוטער שטימונג, גווינ־פּלעין פלעגט אַרומגעהן אוסער זיך פון ליעבע, דאַן פלעגט ער אויס־מיידען אורסוסען, איין מאָל האָט אורסוס צו איהם געזאָגט:

„נו, וואָס ביזטו אַזוי אויסער זיך — דער האָן באַווייזט זיך, ווען ער איז פאַרליעבט.“

„אָבער דער אַדלער באַהאַלט זיך“. האָט ער איהם געענטפערט.

אַן אַנדערש מאָל האָט אורסוס צו זיך אַליין געזאָגט:

„עס וואָלט געווען גוט ווען מען צאמט זיי אביסעל איין, זיי ליעבען זיך צו שטארק, עס קען נאָך דערפון ארויסקומען אונאַנגענעמליכעס.“

און ער האָט זיך טאקע גענומען זיי אפּקיהלען, ער האָט גערעדט צו גווינפּעלין, ווען דיא איז געשלאָפען, און צו דיא'ן, ווען גווינפּעלין איז ניט געווען:

„דיא, דו דאַרפסט זיך אַזוי שטארק ניט צובינדען צו גווינפּעלינ'ען צו לעבען און אַן אַנדערען איז געפעהרליך. עגאָאיזם איז דער אמת'ער וואָרצעל פון גליק. מענער אַנטלויפען פון פרויען, און גווינפּעלין קען זיך נאָך פאַרליעבען, ער האָט אזוי פיעל ערפאָלג, דו קענסט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען וויפיעל ערפאָלגען ער האָט!“

„גווינפּעלין, איהר זייט ניט קיין זעהר גוטע פּאָרעל, צו פיעל מיאוסקייט אויף איין זייט און צופיעל שעהנהייט אויף דער צווייטער: וועגען דעם דאַרף מען זיך פאַרטראַכטען. זייט רוהיגער מיין יונג, ווער ניט צו ענטוזיאסטיש וועגען דיאַן, מיינסט ערענסט, אַז דו זעהסט וואָס פאַר אַן אונטערשייד צווישען אייך, זי האָט אַלעס די דיא, ביזט איהר באשערטער? באטראכט זיך און באטראכט איהר, און וואָס פאַר א ווייסע הויט, וואָס פאַר א האָר, ליפּען, איהר פּיסעל, און ניט רעדענדיג וועגען איהרע הענט. — די שולטערען ווי רונד זיי זיינען, איהר פּנים איז אַ געטליכער, ווען זי געהט, שפּראַצט ליכט פון איהר טראַט, און ווי ערענסט זי רעדט, וואָס פאַר א וואונדערבארען קלאַנג איהר שטימע האָט, און מיט אַלעם דעם איז זי אַ פרוי... זי איז ניט אזוי נאַריש צו זיין אַ מלאך. זי איז א פּאָלשטענדיגע שעהנהייט, איך זאָג דיר עס כדי דו זאָלסט זיין ערענסטער און זיך באַרוהיגען.“

דערפון איז נאָך פאַרפּילפּאַכט געוואָרען די ליעבע צווישען דיאַן און גווענפּעלינען, און אורסוס האָט זיך געוואונדערט אויף זיין מיסערפאָלג. פונקט ווי א מענש זאָל זאָגען: „מאָדנע, טראָץ מיין גיסען בוימוואָל אויפ'ן פייער, לעש איך איהם ניט אוים!“

האָט ער געוואָלט אויסלעשען אָדער אפילו אָפּקיהלען זייערע געפיהלען? ניין, געוויס ניט, עס וואָלט איהם שטארק וועה געטאָן ווען ער האָט ערפאָלג, אין גרונד גענומען האָט אָט די ליעבע פאַר זיי אַ פלאַם, איהם אויך דערוואַרעמט און באַצויבערט.

אָבער מען דאַרף זיך רייצען מיט די וואָס באַצויבערן אונז, אַז דער רייצען זיך איז וואָס מענער רופען אַן ווייזהייט.

אורסוס איז כמעט געוועז א פאַטער און מוטער פאַר זיי, ער האָט זיי ערצויגען בורטשענדיג, און בורטשענדיג האָט ער זיי געגעבען עסען, אַז די אדאַפּטירונג האָט זיין וועגעל נאָך שווערער געמאַכט; ער פלעגט אפילו זיך איינשפּאַנען מיט האמאַן איהם צו שלעפּען.

נאָך די ערשטע פאַר יאָהר אבער, ווען גווינפּעלין איז שוין אויפגעשטאַנען, און אורסוס איז שוין עלטער געוואָרען, פלעגט שוין גווינפּעלין שלעפּען מיט האמאַן.

זעהענדיג גווינפּעלין אַן ערוואַקסענער, האָט ער איהם איינמאָל גוט באַטראַכט, און געזאָגט: „זיי האָבען דיר געגעבען אַן אוצר.“

די פאַמיליע, אַן אַלטער מאַן, צוויי קינדער און א וואָלף, זיינען מיט יעדען טאָג נעהענטער געוואָרען איינע צו די אַנדערע.

דער וואַנדער־לעבען האָט זיי ניט געשטערט אין זייער בילדונג. אורסוס פלעגט זאָגען „וואַנדער הייסט יואַקסען“. גווינפּעלינען האָט מען ווארשיינליך געמאַכט איהם אויסצושטעלען אין עפענטליכע פּלעצער. אורסוס האָט איהם נאָך קולטערווירט. קוקענדיג אויף זיין מאַסקע האָט ער געזאָגט מען האָט איהם גוט אַנגעפאַנגען, דערפאַר האָט ער איהם אויסגעשטאַטעט מיט אַלע לעהרען און פילאָזאָפיע.

ער פלעגט אָפט זאָגען צו איהם: „ווער א פיליזאָף, צו זיין א פיליזאָף מיינט צו זיין העכער ווי דאָס פאָלק און זעהר שפּאָט. אַז דו וועסט זיין א פליזאָף וועט מען דיר ניט קענען ווי טהאָן. קוק אויף מיר, איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געוויינט א דאנק מיין חכמה, און מיינסטו אַז ווען איך וואָלט וועלען וויינען, האָב איך ניט געהאַט קיין געלעגענהייט?“

אורסוס און זיינע מאַנאָלאָגען, צו וועלכע דער וואָלף פלעגט זיך צוהערען, פלעגט זאָגען: „איך האָב גווינפּעלינען געלעהרענט אַלעם אריינרעכענענדיג ליטיין, און דיאַן גאַרניט: אריינרעכענענדיג מוזיק.“ ער האָט זיי ביידען געלעהרענט זינגען, ער אַליין פלעגט זעהר גוט שפּילען אויף א פלייט פון יענער צייט, ער האָט אויך געשפּיעלט אויף א „שיפאַניע“ וואָס א כראָניקער פון יענער צייט רופט אַן „דער

וואגאבונדען אינסטרומענט." די מוזיק פלעגט צוציהען אסך מענשען.

ער האָט זיי געלעהרענט זינגען נאָך די מעטאָדען פון ארפעוס און עגיד בינטשאוס, און אָפט אין מיטען לעהרנען פלעגט ער אויס־שרייען ענטוזיאסטיש: „ארפעוס, מוזיקער פון גריכענלאַנד!" „בינט־שאוס, מוזיקער פון פיקארדי!"

דער בילדען זיך האָט ביי די קינדער ניט צוגענומען די גאנצע צייט, אזוי אז זיי זאָלען ניט האָבען קיין צייט פאר דער געגענזייי־טיגער פארעהרונג. זיי זיינען אויפגעוואקסען צוזאמען, און זייערע הערצער זיינען געווען אזוי צוזאמענגעפלאכטען, ווי צוויי יונגע בוימ־לאך, וועלכע מען פלאנצט נאָהענט איינע צו די אנדערע.

„זאָל זיין אזוי!" האָט אורסוס געברומט, „איך וועל זיי חתונה מאכען." און צו זיך פלעגט ער בורטשען: „זיי דערעסען מיר שוין מיט זייער ליעבע."

די פארגאנגענהייט, אזוי פיעל ווי זיי האָבען דאָס געהאט, האָט מעהר ניט עקזיסטירט פאר זיי. זיי האָבען געוואוסט וואס אורסוס האָט זיי וועגען דעם געזאגט.

זיי האָבען אורסוס'ען גערופען: „פאטער".

גווינפלען האָט גאר ניט געדיינקט פון זיין קינדהייט, אויסער עפעס א דורכגאנג פון טייוואָלים איבער זיין וויגעל. ער האָט גע־האט אז איינדרוק ווי קרומע פיס האָבען געטאפטשעט אויף איהם. צי עס איז געווען באוואוסטזיניג אָדער אונבאוואוסטזיניג, האָט ער ניט געוואוסט. וואס ער האָט גוט געדיינקט איז ווי מען האָט איהם איבערגעלאָזען, ווי ער האָט ארומגעבלאָנזשעט, ווי ער האָט געפונען דיאז און ווי ער איז צוגעקומען צו דער הייזעל וואו אורסוס האָט געוואוינט, און וואס איז איצטער זייערע.

דיא האָט נאָך פון פריהער ווינציגער געדיינקט. זי איז געווען אזוי קליין אז אלעס איז פון איהר פארשוואונדען, זי האָט זיך דער־מאָנט ווי זי איז געלעגען אויף איהר טויטער מוטער, האָט זי ווען געזעהן די זון? אפשר, זי פלעגט זיך אָנשטריינגען זיך צו דערמאָ־נען, די זון? וואס איז דאָס? זי האָט געדיינקט עפעס לייכטענדיג און ווארים.

זיי פלעגען פון די זאכען רעדען צווישען זיך שטילערהייד, דיא פלעגט זאָגען צו איהם: „די ליכט איז ווען דו רעדסט."

איינמאָל האָט זיך גווינפּעלין שוין ניט געקענט איינהאַלטען. זעהענדיג איהרע נאַקעטע אָרעמס, האָט ער איהר ביים האַנט אָנגע־כאַפּט און דורכגעווישט מיט זיינע ליפּען. א צודרעהטע מויל און אַן אידעאַלער קוש. דיא איז געוואָרען עקסטאַטיש, זי איז געוואָרען רויט און האָט ניט געוואוסט וואס צו טהאָן מיט זיך. גווינפּעלין האָט געזיפצט אין א מין שרעק. ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען פון קוקען אויף איהר ווייסקייט.

דיא האָט אויסגעשטרעקט איהר נאַקעטען אָרעם און געזאָגט: „נאָך אמאָל". גווינפּעלין האָט זיך אַוועקגעריסען און אַנטלאָפען.

אויף מאָרגען האָט זיך דער שפּיעל נאָך אמאָל אָנגעפאַנגען.

---

## 18טער קאַפּיטעל.

צייטענווייז האָט זיך גווינפּעלין פאַרגעוואָרפען, פון זיין גליק האָט ער געמאַכט א פראַגע פון געוויסען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז ערלויבענדיג די פרוי וואָס קען איהם ניט זעהן איהם ליעב צו האָבען, מיינט אָפּנאַרען איהר. וואָס וואָלט זי געזאָגט ווען איהרע אויגען עפענען זיך פּלוצלונג אויף? ווי עס וואָלט איהר אָפּגעשטויסען דאָס וואָס ציהט איהר צו! זי וואָלט א געשריי געטהאָן, מיט איהרע הענט פאַרדעקט איהר פּנים און ווי זי וואָלט אַנטלאָפען. א טיעפען ווייטאָג פלעגט ער דערפיהלען; ער פלעגט זינגען צו זיך אַליין, אַז זייענדיג א מאָנסטער, טאָר ער ניט ליעבען. עס איז זיין פליכט צו לאָזען וויסען דער בלינדער מיידעל.

און איינמאָל האָט ער צו איהר געזאָגט:

„דו ווייסט, אַז איך בין זעהר מיאוס?"

„איך וויים, אַז דו ביסט געטליך."

ער האָט פאָרטגעזעצט:

„ווען דו הערסט אַלעמען לאַכען, ווייסטו אַז זיי לאַכען דאָס פון מיר? זיי לאַכען ווייל איך בין שוידערליך."

„איך האָב דיך ליעב" פלעגט זי איהם ענטפערען.

און זי האָט צוגעגעבען:

„איך בין שוין געווען טויט. האָסטו מיר לעבעדיג געמאכט. ווען דו ביזט דאָ, בין איך נאָהענט צום הימעל. גיב מיר דיין האנט און איך וועל אָנריהרען גאָט."

זיי האָבען זיך אָנגענומען ביי די הענט און זיינען געבליבען שטיל, אורסום האָט זיי זיכער געהערט.

אויף מאָרגען, ווען אַלע דריי זיינען געזעסען ביים טיש, האָט ער געזאָגט:

„נאָך אַלעמען איז דיא אויך מיאוס."

די באמערקונג האָט פארפעהלט איהר ציעל, קיינער האָט איהם ניט געהערט, זיי זיינען געווען פארטיפט איינע אין די אַנדערע.

אורסוס מיט זיין באמערקונג האָט ארויסגעוויזען אַ קענטשאַפט אין פרויען פסיכאָלאָגיע. ס'איז זיכער אַז גווינפּעלין איז אין זיין עהרליכקייט באַגאַנגען אַן אונפאָרזיכטיגקייט. זאָג צו יעדער אַנדער בלינדע פרוי איך בין מיאוס, און עס קען ווערען געפעהרליך. זיי בלינד און זיין פארליעבט, הייסט זיין צוויי מאָל בלינד. אין אַזאַ צושטאַנד האָט מען ליעב צו חלומ'ען אוועק צו נעהמען די אילוזיע פון ליעבע. מיינט צו נעהמען דעם בעסטען טייל פון איהר. דער גאַנצער ענטוזיאַזם איז נויטיג, פיזישער און מאָראַלער פארעהרונג. נאָך מעהר, מען טאָר ניט זאָגען אַ פרוי עטוואַס וואָס איז שווער צו פארשטעהן, זי טראַכט דערפון און אָפט טראכט זי שלעכט. עס טרעפט אַמאָל אַז אַליין ניט ווייסענדיג פארוואָס, צוליעב עפּעס אַ וואָרט, ווערט אַ האַרץ אויסגעליידיגט. קיין זאַך איז ניט אַזוי געפעהרליך ווי די אויסליידי־גונג פון אַ צובראָכענער וואָזע.

גליקליכער ווייזע איז דיא ניט געוואַכט געוואָרען פון דעם שלאָף. זי איז ניט געמאַכט געוואָרען ווי אַלע אַנדערע פרויען, זי האָט געהאַט אַ זעלטענע נאַטור, איהר קערפּער איז געווען אַן אָפּגע־צערטער, איהר האַרץ ניט. דער פונדאַמענט פון איהר זיין איז גע־ווען אייביגע ליעבע.

גווינפּעלינס ווערטער האָבען נאָר אויף אַזוי פיעל געמאַכט אויף

איהר אן איינדרוק, אז זי זאָל ארויסזאָגנען די פאָלגענדע ווערטער:
„וואָס איז דאָס זיין מיאוס? טהאָן שלעכטס? גווינפעלין טהוט בלויז גוטס. ער איז שעהן.“
דאן האָט זי פאָרטגעזעצט:
„זעהן, וואָס הייסט ביי אייך זעהן, איך וויים, אז איך זעה ניט נאָר מיר דאכט זיך, אז זעהן איז פארבאָהאַלטען.“
„וואָס מיינסטו?“ האָט גווינפלעין געפרעגט.
„זעהן, הייסט באהאַלטען דעם אמת.“
„ניין“, האָט ער איהר געענטפערט.
„יע, ווירקליך“, האָט זי געענטפערט, „אויב דו זאָגסט אז די ביזט מיאוס.“
זי האָט זיך פאר א מאָמענט פארטראַכט און דאן צוגעגעבען:
„ליגנער!“
און גווינפעלין איז געווען בארוהיגט. ער האָט איהר דערצעהלט זיין געוויסען איז געווען בארוהיגט און זיין ליעבע אויך.
אזוי איז זי געוואָרען זעכצעהן יאָהר, און ער כמעט ווי פינף און צוואָנציג.
ביי זיי האָט זיך, ווי מען וואָלט איצטער געזאָגט, „די לאַגע זיך ניט געענדערט.“ זינט זייער זאָגענאָנטע חתונה, ווען זי איז געווען ניין מאָנאַטען אלט און ער צעהן יאָהר. דערפאַר איז זייער יוגענד געווען א מין הייליגע, אזוי ווי עס טרעפט אמאָל, אז א פארשפעטיגטע נאָכטיגאַל זינגט אמאָל א גאַנצע נאַכט, ביז די זון געהט אויף.
פיער און צוואָנציג יאָהר און זעכצעהן:
אורסוס האָט זיך איין מאָל צו זיי אָנגערופען:
„אין גיכען וועט איהר זיך מוזען אויסוועהלען א רעליגיע.“
„צוליעב וועלכען צוועק?“
„כדי איהר זאָלט קענען הייראַטען.“
„אָבער מיר האָבען דאָך שוין געהייראַט.“ האָט זי געזאָגט.
דיא האָט ניט פארשטאַנען, אז מען קען זיין מאַן און ווייב, אַנדערש ווי זיי זיינען דאָס געווען.
אין גרונד גענומען, האָט די הייליגע אונשולדיגקייט, די גייסטיגע צופרידענהייט, די פאַלשטענדיגע באַנוגענונג, אורסוסען ניט אומצופרידען געשטעלט, ער האָט געזאגט ווייל מען האָט געדאַרפט עפּעס

זאָגען. אבער דער דאָקטאָר איז איהם האָט געמיינט, אז דיא, אויב ניט צו יונג, איז זי אבער צו שוואך פאר דעם, וואס ער האָט אָנגע־רופען א „הייראט פון פלייש און בלוט."

אָבער דאָס איז געווען אונפארמיידליך, דאָס האָט ער געזעהן. אויסער דעם זיינען זיי שוין ווירקליך ניט געווען פארהייראט? אויב די אונצושיידבארע עקזיסטירט אויף דער וועלט, איז דאָס ניט אין דעם בונד צווישען דיאן און גווינפּלין? זיי זיינען דאָך ארייג־געטריבען געוואָרען אין איינער דעם אנדערענס ארעמס דורך אונ־גליקליכע אומשטענדען.

און אזוי ווי דער בונד וואלט ניט שטארק גענוג געווען, איז די ליעבע געקומען און האָט דאָס נאָך פארשטארקט, נאָך געהענטער צוגעדריקט איינע צום צווייטען, וואס פאר א קראפט קען צוברעכען די אייזערנע קייט וואס איז פארשטאַרקט געוואָרען דורך א קניפּ פון בלומען?

זיי זיינען געווען אונצושיידבאר.

דיא האָט געהאט שעהנהייט, גווינפלין ליכט, יעדער האָט זיין נדן מיטגעבראכט.

און דערווייל, טראָץ גווינפּלינס טרוימען און זיין פּארטיעפען זיך אין זיין ליעבע, אין דער אינערליכער באוואוסטזיין פון זיין ליעבע, איז ער דאָך א מאן געווען, און פאַטאַלע געזעצען קען מען ניט אויס־מיידען. ער האָט דורכגעמאכט ווי אלע אנדערע גרויסע נאַטורען, א נאַטירליכען דונקעלען טריב. ווען ער פלעגט געבען זיין פאַרשטע־לונג, פלעגט ער מוזען קוקען אויף פרויען, ער פלעגט זיך אבער באלד כאפּען און פול מיט חרטה פלעגט ער זיין קאָפּ אָפּקעהרען.

לאָמיר דאָ צוגעבען, אז קיינער האָט איהם קיין מוט ניט צו־געגעבען אויף די פּנים'ער פון די פרויען, אויף וועלכע ער פלעגט קוקען, פלעגט ער זעהן א ווידערגעפיהל, אנטיפאטיע, א צוריקוויי־זונג.

עס איז קלאָר געווען, אז קיין אנדערע ווי דיאַ איז פאַר איהם ניט מעגליך געווען, דאָס האָט איהם אין זיין חרטה געהאָלפען.

# 19טער קאפיטעל.

וואס פאר אז אמת'ע זאכען עס געפינען זיך אין מעשיות! דער ברען פון אז אונזעהבארען טייפעל וואס ריהרט דיך אן, איז די אור־זאכע אויף חרטה פאר א שלעכטען געדאנק.

מיט גווינפעלינען האט דער שלעכטער געדאנק זיך ניט געקענט ענטוויקלען, דערפאר פלעגט ער דערפון ניט ליידען, אבער צייטענ־וויז פלעגט ער האבען דערפון פארדרוס.

אזעלכע דונקעלע געוויסענסביסע.

וואס איז דאס געווען? גאר ניט.

זייער גליק איז געווען א פאלשטענדיגער, אזוי פאלשטענדיג, אז זיי זיינען אפילו ארעם ניט געווען.

צווישען די יאהרען 1689 און 1704 האט זיך עפעס געענדערט.

מען פלעגט מאנכעס מאל זעהן א שווערען וואגען געפיהרט פון צוויי געזונטע פערד, אריינפאהרענדיג, צו אווענט צו, אין א קליינע שטעטעל ביים ברעג פון ים, עס האט אויסגעזעהן ווי אן איבערגע־קערטע שיף ארויפגעזעצט אויף פיער רעדער. אלע פיער רעדער זיי־נען געווען פון דער זעלבער מאס, אלעס איז געווען געפארבט גריז. אין פארשידענע גראדען פון שארף גריז ביז עפעל גריז. אט דער גרינער וואגען האט געצויגען די אויפמערקזאמקייט, און אויף די ירידען פלעגט מען איהם רופען די גרינע קאסטען. דער קאסטען האט געהאט צוויי פענסטער: איינעם אויף א ברעג, און פון הינטען א טיר און א בריקעל פון טרעפלאך: דורכ'ן דאך איז געווען א קוימען, אויך גריז געפארבט, דורך וועלכען עס פלעגט דורכגעהן דער רויך, די הויז איז אלע מאל געווען ריין געוואשען און געפארבט.

פון פארענט איז געווען א מין באלקאן, צו וועלכען דער פענסטער האט ווי א טיר געפיהרט. פון אונטען זיינען די פערד געשפאנט געווען. פון אויבען איז געזעסען דער אלטער מיט לייצעס אין האנט, און ביי זיין זייט זיינען געזעסען צוויי ציגיינער פרויען, אנגעטהאן

ווי געטינס און האָבען געטרומפּייטערט. עס איז געווען אורוסעו קאַסטעו באַרייכערט פון ערפאָלג, און די נייע קאַסטען זיינע האָט אויסגעזעהן ווי א טעאַטער. א באַשעפעניש צווישען א הונט און א וואָלף איז געווען צוגעקייט צום וואָגען, דאָס איז געווען האמא.

ווי איז דער וואוקס פון אן אַרימער הייזעל ביז אן אָלימפּישען רייט־וואָגען פאָרגעקומען?

גווינפּעלין איז באַריהמט געוואָרען.

אורסוס, ווען ער האָט אַמאָל צו איהם געזאָגט: „זיי האָבען דיר אן אוצר געגעבען.“ האָט געוואוסט וואָס ער רעדט.

ער האָט איהם געמאַכט פאַר זיין שילער, און האָט איהם אַלעם געלערענט, און אונטער דער מאַסקע האָט ער אַנגעשטאָפּט אזוי פיעל געדאַנקען, ווי ער האָט נאָר געקענט.

ווי די קינד איז נאָר אויסגעוואַקסען, און ווי אורסוס האָט גע־מיינט, אז ער איז שוין פאַרטיג, דערויף האָט ער איהם ארויפגע־פיהרט אויף דער ביהנע, דאָס הייסט אין פאָרענט פאַר דער הייזעל.

זיין ערשיינונג האָט געמאַכט אן אונגעהייערען איינדרוק, די פאַרבייגעהער האָבען זיך אָפּגעשטעלט, קיין מאָל האָט מען נאָך אזא נאָכמאַכען א געלעכטער ניט געזעהן. קיינער האָט ניט געוואוסט ווי מען האָט געקענט מאַכען אזא געלעכטער. אַנדערע האָבען געמיינט אז ער איז אזוי נאַטירליך און אנדערע, אז ער מאַכט עס אזוי. די מענגע פלעגט איהם אַרומרינגלען אומעדום, אויף די גאַסען, אויף ירידען, און א דאַנק די „אַטראַקציע“ האָט זיך א שאַט געטהאָן א רעגען, פריהער פון פּרוטעס און דאַן פון פּענים, און ענדליך פון שי־לינגס, און עס איז אַראָפּגעגאַנגען אין דער אָרימער קעשענע פון אַט דער גרופּע.

זיי פלעגען פאָהרען פון איין פּלאַץ צו א צווייטען, קייקלען זיך מאַכט קיין שטיין ניט רייכער, אבער א וואָגען יא. און פון יאָהר צו יאָהר, פון שטאָדט צו שטאָדט, ווי גווינפּעלין פלעגט וואַקסען און מיט איהם זיין מיאוסקייט, איז דער עוצר אויף וועלכען אורסוס האָט פאָראויס געזאָגט געוואַקסען.

„וואָס פאַר א טובה זיי האָבען דיר געטהאָן מיין יונג“. פלעגט אורסוס איהם זאָגען.

דער „עצר“ האָט מעגליך געמאַכט אז אורסוס דער פאַרוואַלטער

פון גווינפעלין'ס ערפאלגען, זאל זיך קענען אויסבויען א וואגען נאך זיין פארלאנג. דאס האט געדארפט זיין א וואגען גרוים גענוג צו טראגען א טהעאטער אויף זיך און פארשפרייטען קונסט און וויסען. צווישען פאלק. נאך מעהר אורסוס האט נאך רייכער געמאכט זייער גרופע מיט צוויי פערד און צוויי פרויען, וועלכע זיינען געווען די געטינס פון דער טרופע, ווי מיר האבען פריהער געזאגט, און די דיענסטען „מיר זיינען א קייקלענדיגער טעמפעל" פלעגט אורסוס זאגען.

די צוויי ציגיינערינס וואס אורסוס האט ערגעץ געקראגען, זיינען געווען יונג און מיאוס, און אויף אוסרוסען'ס פארלאנג האט מען זיי גערופען פיבוס און ווענוס, אין ענגליש רופט מען זיי פיבי און ווינאס.

פיבי איז געווען די קעכין און ווינאס די וועשעריז, און זי פלעגט אויך רייניגען דעם טעמפעל.

און די טעג וואס מען פלעגט שפילען, פלעגען זיי דיאן אנטהאן.

אויסער די עפענטליכע פארשטעלונגען, פלעגט דיא ווי פיבי און ווינאס, געהען אנגעטהאן אין פלארענטינישע אונטערקליידלאך, פון באבלומטע שטאפען און א פרויען וועסטעל, וואס, ניט האבענדיג קיין ארבעל זיינען איהרע הענט נאקעטע געווען. אורסוס און גווינפעלין פלעגען טראגען א מין רובאשקע און א פאר ברייטע הויזען ווי מאטראזען. גווינפעלין פלעגט נאך אויך אכטונג געבען אויף די פערד. אורסוס און האמא פלעגען אכטונג געבען איינע אויף די אנדערע.

דיא, זייענדיג צוגעוויינט צו דער גרינער קאסטען, פלעגט ארייננעהן און ארוים איינע אליין, אזוי ווי זי וואלט געזעהן.

א געניטע אויג וואס איז געווען גוט באקאנט מיט דער געביידע האט אין א ווינקעל געזעהן די אלטע הייזעל וואס איז שוין איצט געשטאנען אויף אן ארט און האט שוין אליין מעהר ניט געדארפט פאכען ווי האמא האט איהר שוין ניט געדארפט פיהרען, זי איז באנוצט געווארען פאר א שלאף-צימער, און אין איהר פלעגט אורסוס און גווינפעלין זיך איבערטהאן, געגען איהר איז געווען די קיך.

די געבוי פון א שיף איז ניט בעסער אראנזשירט ווי דער אינעווייניג פון דער „גרינער קאסטען" אלעס איז פאראוים געזעהן גע-

וואַרען, עס איז געווען צוטיילט אין דריי אָפּטיילונגען, די אָפּטיילונ־גען האָבען קיין טירען ניט געהאַט, זיי זיינען פּאַרדעקט געווען מיט שטיקער געוואַנט.

די אונטערשטע אָפּטיילונג איז געווען פאַר די מענער די פאַ־דערשטע פאַר די פרויען, די מיטעלסטע צוטיילענדיג ביידע געשלעכ־טער איז געווען דער טהעאַטער. דער אָרקעסטער און די סצענישע עפעקטען זיינען געווען אין קיך.

אין אַן אָפּטיילונג אונטער'ן דאַך זיינען געווען די דעקאָראַציעס, ווען מען פלעגט עפענען אַ טירעל, פלעגען די לאַמפּען אילומינירען די ביהנע.

אורסוס איז געווען דער באַשאַפער פון די וואונדער.

ער האָט געהאַט אַ פיעל זייטיגען טאַלאַנט, צווישען די אונער־וואַרטעטע זאַכען וואָס ער האָט פּראָדוצירט זיינען געווען שטימען, וואָס פלעגען זיך הערען ליכט און פינסטערניש, אַ ספּאַנטאַנער ווע־רען פון ציפערן און ווערטער אויף אַ וואַנד, און נאָך אַסך מאָדנע זאַכען.

איינמאָל האָט גווינפּלין געזאָגט צו איהם:

„פאָטער, דו זעהסט אויס ווי אַ כישוף־מאַכער."

און אורוס האָט געענטפערט:

„אפשר איז דאָס דערפאַר וואָס איך בין איינער."

די גרינע קאַסטען, וואָס איז געבויט געוואָרען נאָך אורסוס' מאָדעל, איז געמאַכט געוואָרען אַז פון דער לינקער זייט צווישען די פאָדערשטע און אונטערשטע רעדער זאָל זיך אויף זאַוויעסעס אראָפּ־לאָזען די מיטעלסטע ברעט. די ברעט האָט זיך געהאַלטען אויף קיי־טען צוגעטשעפּעט צו ביידע זייטען און פון אונטען, ווען די ברעט פלעגט זיך אראָפּלאָזען, פלעגען זיך צוויי פלעשלאַך אראָפּלאָזען צו דער ערד און זיי פלעגען אויפהאַלטען די ברעט ווי די פיס פון אַ טיש. די עפענונג האָט אויסגעזעהן פונקט ווי די מויל פון גהינום, ווי די פיוריטאַנער גלחים פלעגען זאָגען און זיך אָפּקעהרען מיט שרעק.

אַט דער סאָרט טהעאַטער האָט עקזיסטירט לענגער ווי מען שטעלט זיך געוויינליך פאָר, ער עקזיסטירט נאָך איצט אויך, און אַזעלכע טהעאַטערע פלעגען די באַלעמען און באַלאַדעס פון איינער אין פילקינגטאַן געשפּיעלט ווערען אין ענגלאַנד, און אין פראַנקרייך

די פאסטאראלס פון גילבערט האליז, און פלאנדערס, די דאבעלע כאַ־רעז פון קלעמענט. אין דייטשלאנד די „אדם און חוה" פון טעמים, און אין איטאליען די וועניצישע פאראדען פון אנומוקציא און פון קא־פאסים.

דער וואגען מיט די קאלירען פון האפנונג, וואס האט געפיהרט אורסום'ן און גווינפעלינען און זייערע רייכטימער, און אין פארענט האבען פיבי און ווינוס געטרומפייטערט ווי צוויי זיגער, און האבען פארמירט א טייל פון דער קינסטלערישער און ליטעראַרישער גאנצ־קייט.

אנקומענדיג אין א שטעטעל אדער דארף, צווישען די טרומפיי־טען פון ווינאס און פיבי, פלעגט אורסום האלטען זיינע ערקלערונגען.

„די סימפאניע" פלעגט ער אויסשרייען „איז גריגאַריש, בירגער, די גריגארישע פארמע פון גאטעס־דיענסט. דער גרויסער פארשריט האט זיך צוזאמענגעשמויסען אין איטאליען מיט די אמבאראזישע גע־בעט, אין שפאניען מיט מאזאַרישען געבעט, און האט טריאומפירט איבער זיי."

און דאן איז די גרינע קאסטען אפגעשטעלט געווארען, און איז אווענט איז די ברעט אראפגענידערט געווארען, דער טהעאטער גע־עפענט און די פארשטעלונג האט זיך אנגעהויבען.

די סצענע פון טהעאטער איז געווען א לאנדשאפט געמאלען פון אורסוס'ן, און אזוי ווי מאלען האט ער ניט געקענט, פלעגט מען דאס נוצען פאר אנדערע צוועקען אויך.

דאס וואס מיר רופען איצט אן דעם פארהאנג, איז ביי זיי גע־ווען א שטיק געוואנט פון פארשידענע שרייענדע קאליערען.

דאס פובליקום איז געשטאנען פון אויסענווייניג, גרופירט אין א האלבען קרייז, און געקוקט אויפ'ן ספעקטאקעל, און אלע סארטען וועד־טערס.

ווען עס איז מעגליך געווען, האבען זיי געגעבען זייערע פארשטע־לונגען אין דעם הויף פון א קרעטשמע. דארט איז געווען אזוי פיעל לאדזשען, וויפיעל פענסטער עס איז געווען. די פארשטעלונג איז גע־ווען פאר אן איינגערען קרייז, האבען זיי געקראגען בעסער באַ־צאהלט.

אורסוס האט אין יעדער זאך געהאט א האנט אין דער שטיק

און דער טרופּע, איז קיד, איז אָרקעסטער.

ווינאס האָט געקלאַפּט אין דעם „קארקאוואו“, א סאָרט פּויק און פּידו האָט געשפּיעלט אויף דעם „מאראש“, א סאָרט גיטאר.

דער וואָלף פלעגט זיך אויך מאכען נוצליך און צייטענווייז פלעגט ער אויך שפּיעלען אין קליינע ראָליען.

ווען מען פלעגט זיי ביידען זעהען אויף דער ביהנע, אורסוס און האמא, אין זיין וואָלפען פעל, פלעגט מען ניט וויסען ווער עס איז דער מענש און ווער די חיה, אורסוס פלעגט מיט דעם שטאָלצירען.

---

## 20טער קאַפּיטעל.

אורסוס פלעגט שרייבען אליין זיינע שטיק. עס פלעגט געוועהנ־ליך זיין אינטערלודען, א פּאָרמע וואָס ווערט שוין איצט מעהר ניט גענוצט, איינע פון זיינע שטיק האָט געהייסען „אורסוס רורסוס“, גע־וועהנליך פלעגען זיינע שטיק האָבען לאטיינישע נעמען, און די פּאָ־עזיע מעהרסטענס אין ספּאַניש; זיינע ספּאנישע פערזען זיינען אלע געווען אין גראַמען. ווי כמעט אלע קאסטילאנישע קאנעטען פון יע־נער צייט. ספּאניש איז אין יענע צייט געווען א שפּראַך, וואָס כמעט אלע האָבען פארשטאַנען, ענגלישע מאטראזען האָבען גערעדט ספּאַ־ניש גוט. אויסער דעם האָבען זיי געהערט לאטיין אין דער קירכע און אויף די פּאַרשטעלונגען, און אויב זיי האָבען ניט פארשטאַנען. האָט דאָס זיי אויך ניט געאַרט. דאָ און דאָרט איז געווען א פּאָר ענגלישע ווערטער, וואָס האָט זיי אלעם ערקלערט.

אורסוס האָט געמאכט אן אינטערלוד, ספּעציעל פרא גווינפּע־לין, פון וועלכען ער איז געווען שטארק צופרידען.

דער נאָמען פון דעם אונטערליעד איז געווען „צורונענער כאאָס.“

די מעשה איז געווען אזא:

א נאכט סעצענע: ווען דער פּאָרהאנג האָט זיך אויפגעהויבען,

האט די מאסע וואס א״ז געשטאנען פאר דעם גרינעם קאסטען, גאר ניט געזעהן, ס׳איז געווען פינסטער, אין דער פינסטערניש האט מען באלד געזעהן דריי פיגורען באוועגען זיך, א וואלף אבער און א מענש. דעם וואלף האט האמא געשפיעלט, דעם בער אורסוס און דעם מענש — גווינפעלין. דער בער און דער וואלף האבען פארגעשטעלט הונ־גער, די בלינדע — קראפט פון הונגער, אוןביידע האבען זיך ארויפ־געווארפען אויף גווינפעלינען, ס׳איז געווען א כאאס באקעמפענדיג דעם מענש. די פנים׳ער האט מען ניט געקענט זעהן.

דער בער האט געברומט, דער וואלף האט געקריצט מיט די ציין, דער מענש האט געשריען. דער מאן איז שוין געווען אונטער די חיות. ער האט אויסגעשריען נאך הילף, ער האט שוין געקרעכצט. די אנוועזענדע האבען געקוקט אויף דער סצענע ווי צוגעשטימטע. זיי האבען געהערט דעם פארצווייפעלטען געשריי פון מאן און אט, אט וועלען די ווילדע חיות, זיי האבען איהם נאכגעפאלגט מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם, א קאמפף, געשרייען, א געברום און פלוצ־לונג — שטיל, א ליעד פון דער פינסטערניש ארויס, א שטימע האַ־בען זיי געהערט. געהיימניספולע שוועבענדע מוזיק האט אקאמפאנירט דאס ליעד פון דעם אונזעהבארען. און פלוצלונג, ניט וויסענדיג ווי איז א ווייסקייט אויפגעשוואומען. די ווייסקייט איז געווען ליכט, די ליכט א פרוי, די פרוי איז געווען דער גייסט. רוהיג, ריין, שעהן און איהר ריינקייט איז דיא ארויסגעשוואומען און צוגעגאנגען ביז׳ן מיטען פון דער ביהנע, ליכט אין דער פינסטערניש, זי איז געווען די שטימע די ליכטיגקייט. דערזעהענדיג איהר איז דער מאן אויפ־געשטאנען און געגעבען א זעץ מיט ביידע פויסטען די חיות און זיי אומגעווארפען אויף דער ערד.

און דאן האט דער גייסט, געהענדיג געזונגען דריי פערזען אין א געגנוג ריינעם ספאניש, אז די מאטראזען זאלען קענען פארשטעהן.

פלוצלונג האט א שטראהל ליכט א שיין געטהאן אויף גווינפע־לינס פנים.

דער קאנטראסט פון ליכט אויף פינסטערניש האט איהם אין זיין גאנצער מאנסטערהאפטער געשטאלט געוויזען.

עס איז אונמעגליך איבער צו געבען דעם איינדרוק וואס דער בילד האט געמאכט אויף דער מאסע. עס איז געווען ווי אן אויפגעהענ־

דע זון פון געלעכטער. דער געלעכטער ווערט געבראכען פון דאס אונ־ערוואַרטעטע, און קיין זאך האָט ניט געקענט זיין מעהר אונערוואַר־טעט ווי זיין ערשיינונג, ווי די ערשיינונג פון דער קאָמישער און שווי־דערליכער מאסקע. אַלע האבען געלאכט, מענער, פרויען, אַלטע, פלי־כעוואטע און יונגע קינדער. גוטע און שלעכטע, פרעהליכע און אומע־דיגע, אַלע און פון אַלע זייטען, פון אויבען און אונטען, פון פאָרענט און פון הינטען. און די וואָס האָבען ניט געקענט זעהן האָבען געלאכט פון דעם געלעכטער. און דער געלעכטער האָט זיך געענדיגט מיט א קלאַפען אין די הענט און טאַפּטשען מיט די פיס. דער פאָרהאנג איז אראָפּגעפאלען, גווינפּלענען האָט מען ארויסגערופען און ארויסגערו־פען, עס איז געווען א געוואלדיגער ערפאָלג, מענשען פלעגען זיך אין גאס באגעגענען פלעגען זיי איינע די אנדערע פרעגען: האסטו געזעהן דעם „צורונענעם כאאָם?“ מענשען זענען געקומען זעהן גווינפּלענען, די פרעהליכע זענען געקומען לאכען, די מעלאַנכאָלישע אַלע זענען געקומען לאכען. זיי האָבען אזוי פיעל געלאכט אז עס איז שוין גע־ווען אומגעזונט. אבער אויב עס איז דא א פעסט וואס פארשפּרייט זיך ניט אזוי שנעל איז דאס דער געלעכטער, און דערפאר האָט דער ער־פאָלג ניט דערגרייכט ווייטער. דעם „צובראָכענעם כאאָם“, האָט מען געקענט זעהן פאר א פעני, די רייכע געהן ניט אין אזעלכע פּלעצער וואו מען קען אריינקומען פאר א פעני. אורסוס האָט לאנג געטראכט וועגען זיין ווערק אויף וועלכען ער האָט א לאנגע צייט געארביים. „עס איז פון דעם סאָרט וואס עס שרייבט איינער וועמען מען רופט שעקספּיער.“ האָט ער אונוויסענדיג געזאָגט.

דער קאָנטראַסט פון דיאַס ערשיינונג האָט נאך צוגעגעבען צו דעם איינדרוק וואס גווינפּלענס אויסזעהן האָט געמאכט. די ווייסע פיגור ביי דעם זייט פון דער פאַרזעהעניש; דאס פּובליקום האָט גע־קוקט אויף דיאן פול מיט אונרוהיגקייט, זי איז געווען ווי איינע פון יענע פּריסטערינס, וואס ווייסען גאר ניט וועגען מענער. מען האָט געזעהן אז זי איז בלינד און מען האָט געפיהלט אז זי זעהט, זעהט ווייט און טיעף. עס האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט געשטאַנען אויף דעם שוועל פון דאס איבערנאַטירליכע. זי איז געקומען אויף דער וועלט טאָן עפּעס, און דאס טאָן ווי מען טוט דאס אויף יענער וועלט. איהרע האר זענען געווען ווי דאס „אשאַפענדע מאכט, צופרידען און

ערשטוינד פון דער שאפונג. אלע האבען געפיהלט אז זי האט ליעב איהר מאנסטער, האט זי געוואוסט אז ער איז א מאנסטער? יע, זי האט איהם אנגערירט און ניין, ווייל זי האט זיך פארליעבט אין איהם. א גאנצע נאכט האבען זיי גע'חלומ'ט דערפון, זיי האבען פארשטאנען מעהר ווי זיי האבען געזעהן.

וואס, אבער דיא האט איבערגעלעבט איז מעהר ווי די מענשליכע שפראך קען ארויסברייינגען. זי האט געפיהלט אז זי איז צווישען א מענגע מענשען און זי האט ניט געוואוסט וואס א מענגע איז, זי האט געהערט א גערויש, ניט מעהר. פאר איהר איז א מאסע: א גערויש און אין גרונד גענומען איז דאס ניט מעהר. דער מענש לעבט, קעמפט און שטארבט. אין דער מענגע האט זיך דיא געפיהלט איינזאם ווי זי וואלט געשטאנען אויפ'ן שפיץ פון א בארג איבער אן אפגרונט, און מיט אמאל האט זי זיך צוריק געפונען, זי האט ארויפגעלייגט איהר האנט אויף גווינפעלינס מעכטיגען קאפ. אונגעהערטע פרייד! זי האט מיט איהרע ווייסע פינגער אנגערירט דעם וואלד געדיכטע האר אונטער איהרע פינגער האט זי געפיהלט די וואל. דיא האט אנגערירט א שעפס און זי האט געוואוסט אז דאס איז א לייב, איהר גאנצע הארץ איז צושמאלצען געווארען פון גרוים ליעבע. זי האט זיך שוין איצט געפיהלט זיכער, זי האט געפונען איהר באשיצער, איהר רעטער. די אנוועזענדע האבען געמיינט אז זיי האבען געזעהן דאס פארקערטע, פאר זיי איז גווינפעלין יעראטעוועט געווארען און דער רעטער איז דיא געווען. „וואס איז דער אונטערשייד". האט אורסוס געטראכט. ווייל ער האט גוט געזעהן דיאס הארץ, און דיא זייענדיג שוין זיכער און בארוהיגט האט פארגעטערט דעם מלאך, ווען די מענגע האט געקוקט אויפ'ן מאנסטער, אויך צוגעצויגען האבען זיי זיך געפיהלט, נאר אין א פארקערטען זין און דאן האבען זיי אויסגעשאסען איין א הילכיגען געלעכטער.

אמתע ליעבע קען ניט מיעד ווערען. זייענדיג דורכאויס נשמה קען דאס קליינליך ניט ווערען. די אויסערגעוועהנליכע איינדריקע זענען באנייט געווארען אלע אבענט, און דיא פלעגט וועלען ווייגען ווען דאס פובליקום פלעגט זיך קייקלען פון געלעכטער. ארום איהר זענען מענשען פרעהליך געווען, זי איז געווען גליקליך.

ווי דאס זאל אבער ניט זיין דער אויסדרוק פון פרייד ווען מען

פלעגט דערזעהן געווינפעלינען, איז ווייזט אוים ניט שטארק געפעלען געוואָרען אורסוסען, ער וואלט געוואלט מען זאָל מעהר שמייכלען און ווינציגער לאכען, אבער דער טריאומף באַרוהיגט, ער פלעגט יע־דען אבענט באַרוהיגט ווערען רעכענענדיג וויפיעל געלט עס איז איינ־גענומען געוואָרען. און ער פלעגט זיך באַרוהיגען מיט דעם וואָס נאָך אַלעמען וועט עפּעס פאַרט פאַרבלייבען ביי זיי אין געדאַנק נאָך דעם ווי זיי וועלען האָבען אָפּגעלאַכט, און אפשר איז אזא מיינונג ניט גע־ווען אזוי פאַלש, עס נעמט געוועהנליך לאַנג ביז עטוואָס זעצט זיך אַראָפּ אין די געדאַנקען פון פאָלק. דער אמת איז אז די צושויער זייענדיג אויפמערקזאַם צו דעם וואָלף, דעם בער, דעם מענש, און דאַן צו די מוזיק, צו דעם געשריי וואָס איז אזוי האַרמאָניש געווען, צו דער נאַכט וואָס איז דורכגעריסען געוואָרען מיט דער ערשיינונג פון ליכט, איז עמפּפאַנגען געוואָרען מיט טיעפע סימפּאַטיע, און אפילו מיט דרך־ארץ צו דער דראַמאַטישער פּאָעמע, צורונענער כאָאָס, דער זיעג פון דאָס אידעאַלע איבער דאָס מאַטעריעלע האָט פאַראור־זאַכט די גרויסע פרייד.

אָט אזוי זענען די פאַרגעניגענס פון פאָלק.

דאָס איז געווען גענוג פאַר זיי, זיי האָבען ניט געקענט זיין אויף אַטלעטישע און פוגעליסטישע פאַרשטעלונגען פון די רייכע אין זיך וועמען אזוי פיעל און אזוי פיעל טויזענדער גינאָס אויף העלעמס־גייל געגען דעם אירלענדער.

---

# 21טער קאַפּיטעל.

דער מענש האָט איין געדאַנק: ראַכע צו נעמען פאַר די פאַרגע־ניגענס וואָס ער האָט. דערפאַר: פאַראַכטונג צו דעם קאָמיקער.

דער באַשעפעניש רייצט מיר, נעמט אוועק מיינע שלעכטע שטי־מונגען, לעהרענט מיר, באַצויבערט מיר, באַרוהיגט מיר, גיט מיר אי־

דעאַלען, איז גוט און נויטיג פאַר מיר. וואָס זאָל איך איהם דערפאַר געבען? ערנידערונג, א זעץ אין די אויגען. פון דערווייטענס וועלען מיר איהם שימפען, ער פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגען, מוז ער זיין שלעכט ער איז פאַר מיר נויטיג, האַסען מיר איהם. וואו איז א שטיין וואָס איך קען אויף איהם וואַרפען, גייסטליכער גיב מיר דיינעם, פילאָזאָף דיינעם, בוסעט, שנייד איהם אָפּ די קאָפּ. בוסאַ, באַליידיג איהם. רעד־נער, שפּיי מיט שטיינער אויף איהם, לאָמיר פאַרשטיינען דעם בויב, רואינירען די פּרוכט און דאַן עסען זיי. בראַוואָ! און אראָפּ מיט איהם! צו דעקלאַמירען פערזען איז ניט גוט פאַר'ן געזונט, אקטיאַרען געהט אוועק! זאָלען דער שוישפּילער צוזאַמענקלייבען א מענגע מענשען און מאַכען איינזאַם, אזוי האַבען די רייכע קלאַסען אדער ווי מען רופט זיי די העכערע קלאַסען ערפונדען פאַר דעם קאָמיקער די פאָרמע פון איינזאַמקייט, אפּלאַדיסמענטען.

דאָס פּראָסטע פאָלק האָט ניט פיינט געהאַט גווינפּעלינען, זיי האַבען איהם אפילו ניט פאַראַכטעט. ניט מעהר — דער נידעריגסטער ארבייטער פון דער נידעריגסטער שיף וואָס האָט געלאַנדעט אין דער ערגסטער שטעדטעל, האָט זיך געהאַלטען אונפאַרגלייכליך העכער פון איהם.

גווינפּעלין איז געווען ווי אַלע קאָמיקער; אפּלאָדירט און פאַר־איינזאַמט, נאָר ווען פאַר אנדערע קאָמיקער איז דאָס געווען א שטראָף איז דאָס פאַר איהם געווען א ברכה. ער איז צופרידען געווען פון די אפּלאַדיסמענטען און נאָך מעהר צופרידען פון דער איינזאַמקייט. דורך די אפּלאַדיסמענטען איז ער רייך געוואָרען און דורך דער איינזאַמ־קייט איז ער גליקליך געווען.

זיין רייך איז דער נידעריגער וועלט מיינט זיך ניט פילען מיזע־ראַבעל, עס מיינט ניט צוטראַגען קיין צוריסענע קליידער, ניט גע־פראָרען צו ווערען פון קעלט, ניט צו ליידען קיין הונגער. עס מיינט עסען נאָך איינעמס אַפּעטיט און טרינקען נאָך זיין דאָרשט נאָך. עס מיינט, צו האָבען אַלע נויטווענדיגקייטען אפילו וואַרפען אַן ארימאַן א פעני. אָט אזא רייכטום, דורך וועלכען מען זאָל קענען לעבען זעלבסט־שטענדיג האָט גווינפּעלין געהאַט.

אויף דער צווייטער זייט האָט ער געהאַט ליעבע, וואָס נאָך קען מען פאַרלאַנגען?

ער האָט מעהר גאר ניט געוואָלט.

עס האָט אויסגעוויזען אז ווען מען קומט צו איהם און מען שלאָגט איהם פאר אראָפּצונעמען די מאסקע און ער זאָל צוריק קריגען זיין פּנים, וואלט ער זיך ענטזאגט. ניין, ער וואלט קיין מאָל דערצו ניט צוגעשטימט. ווי וואלט ער דאן געשפּייזט דיאן? וואָס וואָלט געווארען פון דער ארימער און שעהנער מיידעל וואס האט איהם ליעב? אָהן דער מאסקע וואָלט ער געווען א געוועהנליכער פּאיאַץ וואס קלייבט אויף קליינגעלט פון דער ערד, און דיא וואלט ווארשיינליך ניט געהאַט קיין ברויט יעדען טאָג. וואס פאר א געפיהל פון שטאָלץ ער האָט דערפיהלט זייענדיג דער פארזאָרגער פון דער וואונדערבאַרער מיידעל.

ער האָט באקעמפט די ארעמקייט. ווי? דורך דער מאסקע דורך זיין פּנים האָט ער ארויסגעהאָלפען, געלט געמאכט. ער פלעגט זיך נאר דארפען ווייזען און געלט איז געפלאָסען. ער איז געווען דער הערשער איבער מאסען. ער קען טאָן אלעם וואס ער וויל נאָר פאר דיאן. ער פלעגט איהר געבען וואס זי פלעגט דאר דארפען. ער איז געווען דער וואס האָט צופרידען געשטעלט איהרע פארלאנגען, איהרע קאַפּריזען אזעלכע וועלכע קענען נאר זיין אין דעם איינגען קרייז פון א בלינדער מיידעל. גווינפּעלין און דיא זענען געווען ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, א גליק איינע פאר די אנדערע. ער פלעגט זיך פיהלען ערהויבען אויף איהרע פליגלען, זי אין זיינע ארעמס. ס'איז ניטאָ קיין גרעסערע זאך ווי נוצליך זיין פאר דעם וואס מען האָט ליעב. און דאס פלעגט ער נאר קענען טאָן דורך זיין פּנים, די מאסקע.

גווינפּעלין איז געווען געפאנגען פון זיין מאסקע, אבער מיט דיאן איז ער געווען אין געפענגעניש ווי אין גן־עדן. צווישען זיי און די לעבעדיגע וועלט איז געווען א וואנט. די וואנט האָט זיי איינגעצאַמט אבער אויך פארטיידיגט. וואס קען מען טאָן צו זיי אז זיי זענען אזוי פארצאמט? אוועקנעמען זיין ערפאָלג? אונמעגליך. מען וואלט געדארפט צונעמען זיין פּנים, צונעמען זיין ליעבע? אונמעגליך. דיא קען איהם ניט זעהן, זי איז גליקליכערווייזע אונהיילבאר בלינד. וואס נאָך פאר א אונבאקוועמליכקייט האָט ער געקענט האָבען? גארניט. וואס פאר א באקוועמליכקייטען האָט ער געהאט? אלע. ער איז געליעבט געווען טראָץ זיין פּנים און פיליייכט דערפאר. געליעבט

צו זיין, דארף מען נאָך מעהר? קווינפעלין פלעגט טראכטען וועגען דעם וואס ער איז א קאליקע מיט דאנקבארקייט, אזוי לאנג ווי עס וועט נאָר זיין א פלאַץ פאר פארשטעלונגען און מענשען אונטען און דער הימעל אויבען, איז ער פארזיכערט מיט א לעבען. דיאן וועט קיין זאך ניט פעהלען. גווינפעלין וואלט זיך ניט געביטען מיט זיין פנים מיט אפאלא. זייענדיג א מאנסטער איז ער גליקליך געווארען.

ער איז געווען אזוי גליקליך אז ער פלעגט רחמנות האָבען אויף די מענשען ארום איהם. ער פלעגט צייטענווייז ארויסקוקען, וועלענדיג זעהן ווי אנדערע לעבען און ער פלעגט צוריק אריינקומען זייענדיג שטאַרק צופרידען צו זיין ארומגעצאמט, נאָך דעם ווי ער פלעגט זיך פארגלייכען.

וואס פלעגט ער זעהן ווען ער פלעגט ארויסקוקען? וואס זענען די מענשען וואס פלעגען קומען צו איהם אלע טאָג, און אלע טאָג אנדערע? אלע טאָג אן אנדער מענגע און דיזעלבע מאסע, אלע טאָג אנדערע פנים'ער און דיזעלבע אונגליקליכע. יעדען אבענט פלעגען קומען מענשען און זיך ארומגעשטעלט אין א האלב קרייז ארום איהם און אלע מאָל פלעגט ער אויף זיי רחמנות האָבען.

דערוויל איז די „גרינע קאסטען" געווארען אלץ מעהר פאפולאר.

די נידעריגע פרייזען פלעגען צוציהען די נידעריגע קלאסען. די וואס פלעגען קומען זענען געווען די ארימע, די שוואכע, די קליינע. מען פלעגט געהן צו גווינפעלינען, ווי מען פלעגט געהן שכר'ן, פון דער הויך פון זיין ביהנע פלעגט ער באטראכטען די מענשען, זיינע געדאנקען זענען געווען אנגעפיהלט מיט אלע פארמען פון מענשליכען אומגליק. די מענשליכע פיזאָנאָמיע ווערט געפאָרמירט דורך דעם געוויסען און דורך דעם לעבען וואָס מען פיהרט. עס איז ניט געווען קיין איין סאָרט ליידען וואס גווינפעלין זאָל ניט דערקענען נאָך די קנייטשען אויפ'ן פנים. דעם קינדס מויל האָט נאָך ניט געגעסען, דער מאן איז א פאטער, די פרוי א מוטער און הינטער זיי זענען דא ליידענדע פאמיליען. דער מענש לעבט אייביג אין שמוץ און פארברעכען: און מען קען פארשטעהן די אורזאך, אויף אן אנדערען פלעגט מען קענען זעהן סימנים פון נאַטירליכע גוטסקייט אפגעווישט פון געזעלשאפטליכען פאראכטונג און האס. אויף דעם שטערען פון דער אל-

טער פרוי איז הונגער אויסגעקריצט, אויף דעם שטערען פון דער יונ־גער מיידעל, זעהט מען פראסטיטוציע, אין דער מענגע איז געוועזן ארבייטער וואס פלעגען קיין ארבייט ניט קענען קריגען.

צייטענווייז פלעגט אן אלטער סאלדאט קומען און זיך אוועק־זעצען אמאָל פלעגט ער נאך זיין א קאליקע, און גווינפלען פלעגט דערזעהן דעם געשפענסט מלחמה. אויף אנדערע שטערנס פלעגט ער זעהן דאס צוריקקערען זיך צו דער חיה, ער פלעגט די שאטענס זעהן און פלעגט זיך פארטראכטען וועגען זיי, ער און דיא האָבען געהאט גליק און אלע אנדערע אומגליק.

צייטענווייז פלעגט ער מיט זיינע אויגען, נייגעריג פאָרשען די סאמע טיפעניש פון דעם לעבען וואו אזוי פיעל לעבענס פלעגען אונ־טערגעהן, אזוי פיעל פאמיליעס צודריקט פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען, מאראל אויסגעראטען פון געזעץ, ארעמקייט נאך מעהר דער־שלאָגען.

וואס פאר א משוגה'ס עס איז צו זיין גליקליך, ווי ער פלעגט טרוימען. געדאנקען האָבען איהם באהערשט, אבארדיטעטען, ער האָט אמאָל געראטעוועט א קינד, איצט האָט ער געוואלט ראטעווען די גאנצע וועלט. אמאָל פלעגט דער געזעלשאפטליכער אומגליק פאר־שטעלען זיין אייגען גליק און ער פלעגט זאגען צו זיך אליין: „וואס קען מען טאָן פאר די מענשען?“

צייטענווייז פלעגט ער זיין אזוי פארטיפט, אז ער פלעגט עס ארויסזאגען אין דער הויך. דאן פלעגט אורסוס א טרייסעל טאָן מיט די אקסלען און קוקען אויף איהם.

און גווינפלען פלעגט ווייטער רעדען צו זיך אליין: אה, ווען איך וואָלט נאר שטארק געווען, ווי איך וואלט געהאָלפען די אומ־גליקליכע! אבער וואס בין איך דען, אן אטאם, וואס קען איך טאָן? גארניט.

ער האָט א טעות געהאט. ער פלעגט טאָן זעהר פיעל פיר די אומגליקליכע, ער פלעגט זיי מאַכען לאכען.

און, ווי מיר האָבען געזאגט, צו פאראורזאכען געלעכטער הייסט יענער זאל פארגעסען אלע צרות.

וואס פאר א בעל־צדקה איז דער וואס פאראורזאכט פארגעסענ־הייט!

# 22טער קאפיטעל.

א פילאזאף איז א שפיאן: אורסוס האט געהיט און געשטודירט זיין שילער. אונזערע געדאנקען לאזען איבער א קוים באמערקעבארען שטעמפעל אויף אונזער שטערען, וואס קען קלאר געזעהן ווערען פון דעם פיזיאגאמיקער, דערפאר האט קיין זאך וואס גווינפעלין האט דורכגעטראכט ניט פראביי אונבאמערקט פאר אורסוסען. איין מאל ווען קווינפעלין איז געזעסען פארטראכט איז אורסוס צו איהם צו מיט די ווערטער:

„ווי עס זעהט אויס ביזטו א באאבאכטער, העז היט זיך דאס איז ניט דיינע געשעפטען. דו דארפסט טאן איין זאך, ליעבען דיאז. דו ביזט גליקליך פון צוויי זייטען: די ערשטע איז וואס די מאסע זעהט דיין צורה, די צווייטע איז דאס דיא זעהט דיר ניט, דו האסט ניט קיין רעכט פאר דעם גליק דיינעם. עס איז ניטא קיין איין פרוי וואס זעהענדיג דיין מויל וועט זיך נאך לאזען פון דיר א קוש טאן, און דעם מויל וואס איז די אורזאך פון דיין אונגליק, דער פנים וואס איז די אורזאך פון דיין רייכטום, איז ניט דיינער, דו ביזט אזא פאר־זעהעניש ניט געבארען געווארען, דו האסט צוגע׳גנב׳עט ביים טייפעל זיין מאסקע, דו האסט אנגענומען די גרימאסע וואס ליעגט אויפ׳ן גרונט פון דער אונענדליכקייט, דו ביזט שווידערליך מיאוס, באנוגען זיך מיט דעם פרייז אין דער לאטערי, עס זענען דא אין דער וועלט, און דאס איז א זעהר גוטע זאך, די גליקליכע וואס האבען א רעכט דערצו און די גליקליכע דורך א צופאל. דו ביזט איינער פון די גליק־ליכע דורך א צופאל, דו ביזט דער גראבען וואס א שטערען איז גע־נאכט געווארען, דער ארימער שטערען באלאנגט צו דיר.

„זוך ניט ארויס צו קריכען פון דעם גראבען און נאך יאלטען דעם שטערען, ווארים איינער! דו האסט א טייערען אוצר אין דיין נעץ, טו מיר א טובה און זיי צופרידען. איך זעה דו זיצסט פאר־טראכט, דאס איז אידיאטיש. הער זיך צו, איך געה רעדען צו דיר אין

דער אמת פּאָעטישער שפּראַך. גיב דיאַן עסען ביפשטייק און קאָטלע־טען און איז זעקס מאָנאַטען צייט ווערט זי אַזוי שטאַרק ווי א טערק. דאַן האָב מיט איהר חתונה, האָט א קינד, צוויי, דריי, א גאַנצען געמיינזאַכטס פון קינדער, דאַן וועסטו זיין א פילאָזאָף. נאָך מעהר. דער מענש איז גליקליך וואָס איז ניט קיין נאַר. צו האָבען קינדער, דאָס איז א גוטע זאַך. האָב קינדער, טריקען זיי אָפּ, וויש אָפּ זייערע נעז, לייג זיי שלאָפען, וואַש זיי אָרום, און זאָלען זיי אַרומקריכען אַרום דיר. אויב זיי לאַכען איז גוט, אויב זיי ריטשען איז נאָך בעסער, ווען מען וויינט לעבט מען. קוק זיך צו ווי זיי זויגען ווען זיי זענען זעקס מאָנאַטען אַלט, ווי זיי קריכען ווען זיי ווערען א יאָהר, ווי זיי געהן צו צוויי און ווי זיי ווערען גרויס צו פּופּצעהן און פאַרליעבען זיך צו צוואַנציג. דער וואָס האָט דעם פאַרגעניגען האָט אַלעס. איך האָב זיי ניט געהאַט בין איך א חיה געוואָרען. דער גרויסער גאָט, וואָס האָט געמאַכט פיינע פּאָעמעס האָט די דיקטירט צו זיין אַרויס־העלפער משה: פאַרמעהרט זיך! און די וועלט דאַרפסטו ניט פאַר־זאָרגען, זי וועט זיין ווי זי איז, דו מיש זיך ניט, דו פאַרנעם זיך ניט מיט זאַכען פון אויסענווייניג, לאָז דעם האָריזאָנט זיך באַוועגען. א קאָמיקער איז געמאַכט געוואָרען מען זאָל קוקען אויף איהם, ניט ער זאָל קוקען. דו ווייסט וואָס עס טוט זיך דאָרטען, אויף דער וועלט? די וואָס האָבען א רעכט גליקליך צו זיין, ניט דו, דו ביזט גליקליך דורך א צופאַל, דו ביזט דער גנב און זיי די בעל־הבתים, זיי זענען די גע־זעצליכע דו דער אַריינדרינגער. וואָס נאָך פאַרלאַנגסטו? נעם אָן מיין עצה, מערען זיך דורך דיאַן איז דאַך, נאָך אַלעמען ניט אַזא אָפּקו־מעניש.

„די וואָס זענען גליקליך דורך רעכט, די פון אויבען האָבען ניט ליעב די פון אונטען זאָלען אויך גליקליך זיין. ווען זיי וואָלטען דיך געפרעגט, מיט וואָס פאַר א רעכט ביזטו גליקליך? וואָלסטו ניט גע־וואוסט וואָס זיי צו ענטפערען, דו האָסט קיין רעכט ניט דערצו און זיי האָבען, קיין אונטערשיעד ווער עס האָט זיי געגעבען די ערלויבעניש צו זיין גליקליך, זיי האָבען איהר! שרעק זיך פאַר זיי, און לאָז זיי צורוה כדי זיי זאָלען דיר צורוה לאָזען. דו ווייסט, פּאַסקודניאַק דו, ווער די גליקליכע דורך רעכט זענען? זיי זענען געפערליכע מענשען, זיי זענען לאָרדען. הא, א לאָרד, דאָס איז א מענש וואָס האָט געווים

געהאט באציהונגען מיט'ן טייוועל איידער ער איז אויף דער וועלט געקומען, און האט אויסגעווירקט ביי איהם ער זאל איהם אריינלאזען דורך דער טיר! קיין אנדער זאך האט ער אויף זיין לעבען ניט געטאן. אבער גוטער גאט! וואס איז דאס ווערט? באשטימט צו ווערען איז פאראיים דו זאלסט ווערען דער בעל־הבית איבער מענשען, אונטער־קויפען דעם טייוועל ער זאל דיר געבען די ערשטע ראליע אין דעם שפיל!

לייען דאס וואס איך האב אנגעשריבען, עס ליגט דארט, וועסטו וויסען וואס א לארד איז: א לארד איז דער וואס האט אלעס און איז אלעס. א לארד איז דער וואס ווען נאך א יונגער מאן האט דאס רעכט פון אן אלטען, און ווען ער איז אלט די רייכקייט פון א יונגען. זיין אליין א פארברעכער זאל ער האבען דעם רעספעקט פון אלע עהר־ליכע מענשען. א פייגלינג און א גענעראל איבער מוטיגע מענשען. פויל און זאל האבען די פרוכט פון ארבייט, אונוויסענד און מיט דעם דיפלאם פון קעמבסידזש אוןאקספארד. נאריש, און פארעהרט ווערען פון דיכטער. מיאוס און פרויען זאלען שמייכלען צו איהם. א פערד מיט דער פעל פון א לייב.

מיספארשטעה מיר ניט, איך זאג ניט אז א לארד איז נויט־ווענדיגערוייזע מיאוס, נאריש, פארדארבען און אלט. איך זאג נאר אז ער קען דאס זיין און זאל דערפון ניט ליידען. אין געגענטייל לארדען זענען פרינצען. דער קעניג פון ענגלאנד איז א לארד, דער ערשטער אין לאנד. די פארצייטיגע קעניגע פלעגען זיך רופען לארד, דער לארד פון דענמארק, דער לארד פון אירלאנד, לארד פון די אינזלען, דער לארד פון נארוועגיען רופט זיך קעניג אינגאנצען דריי הונדערט יאהר. לוקאס, דער עלטסטער קעניג פון ענגלאנד איז אנגערופען געווארען ביי דעם הייליגען טעאספארום „מילארד לוקאס". לארדען זענען פי־רען, דאס הייסט גלייכע מיט וועמען? מיט'ן קעניג. איך מאך ניט דעם טעות פון פארבייטען די לארדען מיט'ן פארלאמענט. דער פאר־לאמענט איז פון פאלק, ביסלעכווייז ווייזט מען דאס פאלק די טיר, דער פארלאמענט האט א רעכט צו שטימען, זייער פרייהייט באַ־שטעהט אין זאגען יע. די פירען קענען זאגען ניין, און זיי האבען דאס געזאגט. די פירען קענען אפשניידען די קאפ פון דעם קעניג אבער דאס פאלק קען ניט. דער זעץ פון דער האק אויף דעם קאפ פון קארל

דעם ערשטען האט צוגעגעבען מוט ניט די קעניגע, נאר די לארדען. און עס איז געווען גוט וואס זיי האבען דעם טויטען קערפער פון קראמוועלען אויף דער תליה. די לארדען האבען די מאכט, ווארום? ווייל זיי האבען רייכטום.

„ווייסטו אז איך בין אמאל געווען הויז דאקטאר ביי א לארד וואס האט געהייסען מארמאדוק וואס האט געהאט אן איינקונפט פון נייז הונדערט טויזענד פראנצויזישע פראנקען א יאהר? פארשטעה דו פארשטאפטע קאפ!

לארדען עקזעסטירען און מיר מוזען צוגעבען אזוי איז גוט, און ווען מיר גיבען ניט צו איז וואס? ,דאס פאלק איז אונצופרידען!"

פלאטא אליין האט ניט געקענט פארשטעהן דאס קאמישע דערפון א פילאזאף וואלט אויסגעלאכט געווארען, ווען ער וואלט געפריידיגט געגען די גרויסקייט און שווערקייט פון די לארדען. עס איז אזוי ווי די פליגען וואלטען דיסקוטירט וועגען דעם פוס פון דעם עלפאנט. איך האב איין מאל געזעהן ווי אן עלפאנט טרעט ארויף אויף א ווארעם האט איהם צודריקט. ער איז אונשולדיג געווען, ער האט אפילו ניט געוואוסט אז עס זענען דא אזעלכע „זאכען ווי ווערים, דער גוטער עלפאנט! מיין גוטער יונג די ווערים וואס ווערען טאג טעגליך צודריקט זענען די מענשליכע ראסע, צודריקען איז א געזעץ, און מיינסטו אז דער ווארים אליין צודריקט גאר ניט? אבער לאמיר ניט אויסרעכענען קארעטען זענען דא, דער לארד זיצט אינוויינינג און די מענשען זענען אונטער די רעדער. דער קלוגער מיידעט איהר אויס, שטעל זיך אוועק אן א זייט און לאז די קארעטע פארביי פאהרען, און איך אליין, איך האב ליעב לארדען און מיידע זיי אויס. איך האב מיט איינעם געלעבט און דאס איז גענוג פאר מיין אלבאם. איך דערמאן זיך אן זיין ווילע, שעהן ווי די זון אונטער וואלקענס. אלע מיינע ערינערונגען זענען מיט איהם דעם גראסארטיגען מארמאדוק לאדזש, אויך שעהן, סימפאטיש, מיט א גרויסען איינקונפט און צירונג. אלע מאל באגלייט פון געלעהרענטע, נאר מעהר די פאלאצען און שלעסער פון די לארדס איז א זאמלונג פון דאס שעהנסטע וואס איז דא אין אונזער קעניגרייך. איך האב ליעב די לארדס, איך דאנק זיי פאר'ן זיין אזוי מעכטיג און רייך. איך וואס בין באדעקט מיט שאטענס, קוק מיט אינטערעס און פארגעניגען אויף דעם מין און געטליכער בלויקייט וואס הייסט לארד.

„מען פלעגט אריינגעהן אין מארמאדוק לאדזש דורך א גרויסען און ברייטען הויף וואס איז געווען א גרויסער פיער עק צוטיילט אין אכט קלענערע פיער־עקען, ארומגערינגעלט מיט שפאצירגענגע און גרויסע מארמארנע קאלאמען, און ברייטע אלעען אויף אלע זייטען, און א גרויסער פאנטאן אין מיטען. דארטען האב איך געמאכט די באקאנטשאפט מיט א געלערנטען פראנצוזו מאנעסיור ל'אבע דע קאראס. אין מארמאדוק לאדזש איז געווען א גרויסע ביבליאטעק, דארטען בין איך געזעסען אונטער מארמארנע קופאלען און געלייענט ביכער. אט דאס אלעס ווערט געוועהנליך געזעהן פון א קליינעם צאהל נייגעריגע רייזענדע. ווייסטו, דו לעבערליכער יונג, אז סער וויליאם נארט וואס איז לארד גריי פון רולסטאן, האט מעהר וואלד בוימער אויף זיינע בערג ווי דו האר אויף דיין קאפ? יע, איך פארעהר און רעספעקטיר אונזערע לארדען.

„זיי זענען די לארדען וואס צוזאמען מיט אונזער קעניגליכער האכהייט ארבייטען שווער צו קריגען און פארזיכערען מאטעריעלע און גייסטיגע מעגליכקייטען פאר אונזער פאלק. איך וואלט וועלען זעהן ווי מען נעמט ביי זיי צו די רעכט צו פארזארגען אונז אלע. עס איז ווי א מענש וואלט געזאגט אז די וועלט איז שלעכט און די מענשען זענען אונגליקליך און גאט האט איהם געוואלט באווייזען אז עס קאן אויך זיין גליק אויף דער וועלט, האט ער באשאפען לארדען. די שאפונג קארעגירט דאס פריהערדיגע און עס פארשטאפט די מיילער פון די פילאזאפען. די גרויסע זענען גרויס, א פיער רעדענדיג וועגען זיך זאגט: „מיר" דער קעניג זאגט צו א פיער: „אייער הייליגקייט". די לארדען האבען געמאכט א סך קלוגע געזעצען, זייער גרויסקייט דערגרייכט אזוי ווייט אז זיי האבען אן אייגענע שפראך וואס דאס פראסטע פאלק קען ניט פארשטעהן, צווישען זיך האבען זיי אפילו נידעריגע און העכערע לארדען. א באראן קען ניט וואשען די הענט צוזאמען מיט א גראף אהן דעם לעצטענס ערלויבעניש, דאס זענען וואונדערבארע אייגענשאפטען און האלטען אויף נאציאנען.

„ווי פיין עס איז פאר א פאלק צו האבען פינף און צוואנציג הערצאגס, פינף מארקיזען, זעקס און זיבעציג אירעלס, ניין גראפען און איין־און־זעכציג באראנען וואס מאכט צוזאמען הונדערט און־זעקס־און זיבעציג פיערען, אנדערע זענען האהייטען און אנדערע לארדען, וואס

מאַכט עס אויס אויב עס זענען דאָ אַ פּאָר שמאַטעס דאָ און דאָר־טען, אַליין קען ניט זיין פון גאָלד. שמאַטעס? נו גוט, דאָרטען איז דאָך דאָ גאָלד איינע פאַרשטעלט די אַנדערע. עס מוז דאָך זיין עטוואָס אַנדערש ווי דאָס ערשטע. יע, נו, עס זענען דאָ אומצופרידענע מענ־שען, נו וואָס איז? שרייבען זיי און רעדען און די רייכע האָבען פּאַר־געניגען דערפון. אונזערע לאָרדען זענען אונזער גרויסקייט. די יאַגד־הינט וואָס לאָרד קאַרל מאָון האָט זענען מעהר ווערט ווי דער שפּי־טאַל פאַר קאַליקעס אין מאַרגייט, און דער יעזוס שפּיטאַל צוזאַמען גענומען. טאַמאַס אַסבאַרן, הערצאָג פון לידע, גיט אויס אויף פערד מעהר ווי פינף טויזענד גינאַס אַ יאָהר. די אַדעליגע פון שפּאַניען האָבען אויפגעהערט אויף זיך ערוועהלט פון קעניג כדי זיי זאָלען זיך ניט קענען רואינירען. ער איז אַן אונערטרעגליכער מענש. אונזערע לאָרדען, זענען פאַרשווענדערס אויף אַ גרויסען אופן. איך פאַרגעטער דאָס, איך בין דאַנקבאַר פאַר אַ שעהנע ערשיינונג וואָס געהט פאַרביי. איך האָב ניט די ליכט אָבער די אָפּשיין האָב איך יאָ. עס שיינט אָב אויף מיינע וואונדען וועסטו זאָגען, געה צום טייוועל! האַ, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרער שיינענדער פּלאַנעט, דאָרט פון אויבען! עס איז עפּעס צו האָבען די לבנה ליכט. די אידעע פון אונטערדריקען די לאָר־דען, וואָלט אפילו אָרעסטעס אַליין, ווי משוגע ער איז ניט געווען, ניט וואַגען צו זאָגען, אַז די לאָרדען זענען איבעריג אָדער נוצלאָז איז פּונקט ווי זאָגען אַז די שטאָטען אַליין זענען נוצלאָז, און אַז דער מענש איז ניט געמאַכט געוואָרען צו לעבען ווי חיות קוקען אויף די גראָז און געביסען ווערען פון הינט. די טאָהלען ווערען געשאָרען פון שעפּס, דער שעפּס פון פּאַסטוך, וואָס קען נאָך זיין גערעכטער?

אַ שערער אָדער אַ שערער און אַ האַלב, פאַר מיר איז דאָס אַליין איינס. איך בין אַ פילאָזאָף און מיר אַרט אַזוי פאַר'ן לעבען ווי דער פליג, דער לעבען איז נאָר אַ דערוויילינגער אַפּרוה־אָרט. ווען איך דער־מאָן זיך אַז הענרי באַוועס האָוואַרד, לאָרד פון בערקשיר האָט פיער און צוואַנציג קאַרעטען און איינער איז באַצירט מיט זילבער און אַ צוויי־טער מיט גאָלד. גאָט אין הימעל! איך ווייס זעהר גוט אַז ניט יעדער איינער האָט פיער און צוואַנציג קאַרעטען, אָבער מען טאָר ניט זיין אומצופרידען. דיר איז געווען קאַלט איין נאַכט? דאָס איז גאָר ניט, ס'איז דאָ נאָך אַנדערע וועמען עס איז אויך קאַלט, און נאָך אַנדערע

איז קאלט, און זיי זענען נאך הונגעריג דערצו. ווייסטו, אז ווען ניט די קעלט וואלט דיא ניט בלינד געווארען און זי וואלט דיר ניט גע־ליעבט, טראכט זיך אריין אין דעם, דו פערד איינער, און ווען אלע מענשען וועמען עס פעלט עפעס וואלטען אונצופרידען געוועזן, וואלט א שעהנע מעשה געוועזן. שטיל זיין, דאס איז דער געזעץ. איך בין איבערצייגט אז גאט וויל אז די פארדאמטע זאלען האלטען דעם צונג ווען ניט וואלט גאט פארדאמט געווארען אויסהערענדיג דעם אייביגען געשריי. דער גליק פון די אלימפּער האלט זיך אויף דעם שווייגען פון די וואס זענען אויפ'ן קאקוטוס. פאלט אייער מויל איהר מענשען! איך טו בעסער איך האב פאר זיי דרך־ארץ, איך האב פריער אויסגע־רעבענט די לארדען אבער איך מוז צורעכענען צוויי ארצביסקופען און פיער און צוואנציג ביסקופען. קורץ איך ווער א באגייסטערטער ווען איך טראכט דערפון. איך געדיינק אז איך האב געזעהן אין א הויז ביי דעם אויפזעהער פון דעם ביסקופ פון ראפיא, ער איז א מיט־גליד פון דער קירכע, פארשטעהט זיך און א מיטגליד פון דער אריס־טאקראטיע, א מאסע פון די פיינסטע ווייץ וואס איז צוזאמענגעקליבען פון די פויערים פון דעם געגענד און וואס ער אליין האט ניט גע־פלאנצט, אום ער זאל האבען צייט צו בעטען גאט.

ווייסטו אז מיין הערר, לארד מארמאדיק איז געוועזן דער פאר־וואלטער פון דער קאסע פון אירלאנד, און דער הויך באשיצער פון דעם הערשער פון קיניסבארא פון יארק, ווייסטו אז דער לארד טשעמ־בערלין, וואס איז א ירושה־שטעלע אין דער פאמיליע פון הערצאג פון אנקאסטער, טוט אן דעם קעניג צו זיין קראנאציע און קריגט דערפאר פערציג היילען פון רויטען וועלוועלט אויסער די בעט אין וועלכען דער קעניג איז געשלאפען? איך וואלט דיר געוואלט זעהן אפליי־קענען דעם פאקט אז דער עלטסטער גראף אין ענגלאנד איז סער ראָ־בערט דרעון, געקראגען דעם טיטול פון הענרי דעם פינפטען ,אלע טי־טולען פון לארדען מיינט אז זיי זענען הערשער איבער שטיקער לאנד מיט דער אויסנאם פון אירלע ריווערס, וועמעס פאמיליען נאמען איז זיין טיטול. ווי וואונדערבאר עס איז זייער רעכט ארויפצולייגען שטייער אויף אנדערע און ארויפצולייגען, ווי דאס ווערט איצטער געטאן. א באזונדער שטייער פון פיער שילינג אויף א פונט סטערלינג איינ־קונפט, וואס האט שוין אנגעהאלטען א יאהר, און די פיינע שטייערען

אויף שטאַרקע געטרענקע אויף ווייַן און ביער און אויף הונדערט אנדערע קליינינגקייטען. לאָמיר רעספּעקטירען דאָס וואס עקזיסטירט.

די גייסטליכע אליין זענען אונטער די לאָרדען, דער ביסקופּ פון מאַן איז אונטערטעניג דעם אירעל פון דערבי, די לאָרדען האָבען געפערליכע חיות אין זייער אייגענטום און אויב גאָט האָט ניט באשאפען געננוג פון זיי, ערפינדען זיי זיי אליין, זיי האָבען באשאפען דעם העלדיגען ווילדען חזיר, וואס איז אזוי פיעל העכער פון דעם ווילדען חזיר ווי דער ווילדער חזיר איז העכער פון דעם חזיר, און ווי דער לאָרד איז העכער פון דעם גייסטליכען, און נאָך און נאָך אזעלכע חיות, זיי האָבען מאַנעזשערים וואו זיי ערציהען אונבאקאנטע מאנסטערס, קיין ווילדער וואלד קען זיך מיט זייערע מאנעזשערים ניט פארגלייכען. ווייסטו אז עס איז פאראן א הערצאָג אין סקאטלאנד וואס קען גאלאָפּירען אויף דרייסיג מייל און בלייבען אויף זיין אייגענעם גוט? ווייסטו אז דער לאָרד בורצביסקופּ פון קאנטעבאריי האָט אן איינקונפט פון א מיליאָן פראנק פון פראנקרייך? ווילסטו אז די קעניגין פאטאן איינקונפט פון זיבען הונדערט טויזענד פונט שטערלינג אויפ'ן ציווילען ליסט, אויסער איהרע שלעסער, וועלדער, טייכען, שיפען און נאָך אנדערע זאכען, וואס זענען ווערט איבער א מיליאָן שטערלינג. די וואס זענען אונצופרידען איז שווער צופרידען שטעלען.“

„יע“, האָט גווינפּעלין ארויסגעברומט. „דורך דעם גהנים פון די אָרימע איז דער גן־עדן פון די רייכע אויפגעבויט.

---

## 23טער קאפּיטעל.

דאָן איז דיא ארייַנגעקומען, ער האָט אויף איהר געקוקט און בלויז איהר געזעהן. אזוי איז שוין ליעבע, איינער קען פאר א מאָמענט פיהלען שלעכט דורך א געוויסען געדאנק. קומט אבער די פרוי וואס ווערט געליעבט טרייבט זי אלע געדאנקען אוועק און נאר זי אליין בלייבט.

מיר ווילען דאָ דערמאָנען א פאסירונג: אין דעם „צורונענעם כאָאָס" איז דא איין וואָרט „מאנסטערא" וואס זי דאַרף זאָגען צו גווינפּעלין און פון וועלכען זי איז געווען שטארק אונצופרידען, האָט זי דאס געענדערט פאר דעם וואָרט „קווירא" וואס מיינט „איך וויל דאס". אורסוס איז געווען שטארק אונצופרידען מיט דעם ענדערונג: אין זיין טעקסט, ער וואָלט מיט פארגעניגען געזאָגט צו דיאן וואס מוסארט, האָט אין אונזער צייט געזאָגט צו וויסאטען, „דו דאַרפסט האָבען דרך־ארץ פאר דעם רעפּארטואר."

„דער מענש וואס לאַכט", אונטער דעם נאָמען איז גווינפּעלין בארימט געוואָרען.

דער נאָמען גווינפּעלין איז כמעט ווי אונבאוואוסט געווען די גאַנצע צייט, איז איצט אין גאַנצען פארשוואונדען, זיין פּאָפּולאַריטעט איז געווען ווי זיין אויסזעהן — א מאַסקע.

טראָץ דעם פלעגט מען קענען זיין נאָמען לייענען אויף גרויסע פלאקאטען אין פאָרענט פון דעם גרינעם קאסטען. די פלאקאַרדע האָט אורסוס אנגעשריבען:

דאָ קען מען זעהן גווינפּעלינען, פארלאָזען ווען ער איז ניין יאָהר אלט געווען, אין דער נאַכט פון דעם ניין און צוואנציגסטען יאנואר 1690, ביי די נעפערליכע קאמפּאַרטשיקעס אויפ'ן פּאָרטלענדער ברעג, אויפגעוואקסען און איצט רופט מען איהם:

„דער מענש וואס לאַכט."

דער לעבען פון די פּאַיאַצען איז געווען אן איינזאמער, יעדען טאָג פלעגען זיי פון דער טומעלדיגסטער פארשטעלונג דאַרפען צוריקגעהן צו זעהר איינזאמענקייט, יעדען אבענט פלעגען זיי זדי אפּטיילען פון דער וועלט. זיי זענען געווען ווי מענשען וואס שטארבען און דאַרפען נאָך אמאָל געבאָרען ווערען.

דער קאָמיקער איז ווי די ליכט טורעמס אויפ'ן ים, זיי זענען אויף און פארלעשען זיך, און ער עקזיסטירט פאר דעם פּובליקום ווי א גייסט וואס שיינט אויף ביי דער פארשטעלונג און דאן פארלעשט ער זיך.

גלייך ווי די פארשטעלונג האָט זיך געענדיגט, האָט ער זיך צור־

ריקגעצויגעך אין דער איינזאמקייט. ווען די מענגע האָט געהאַלטען ביים ארויסגעהן און זיי האָבען נאָך גערעדט צווישען זיך, האָט מען שוין פון דער גרינער קאסטען אויפגעהויבען די ברעט און זי איז שוין פאַרמאַכט געווען. אויף איין זייט איז שוין געווען די מענשליכע געזעלשאַפט, און אויף דער צווייטער די שטיבעל. אין דער שטיבעל איז געווען פרייהייט, ריינער געוויסען, קוראַזש, איבערגעבענהייט, אונשולד, גליק, ליעבע און א גרופּע שיינענדע שטערען.

בלינדקייט וואָס זעהט און מיאוסקייט וואָס ווערט געליעבט, זענען געזעסען זייט ביי זייט און האָבען זיך געדריקט די הענט, איינגעבויגען איינע צו די אנדערע, אז א שטערען ריהרט אָן דעם צווייטען און רעדען שטילערהייט.

די מיטעלסטע אָפּטיילונג האָט מען גענוצט פאר צוויי צוועקען, פאר א טעאטער פאר'ן פּובליקום און אַן עס־צימער פאר די אקטיאַריען.

אורסוס פלעגט צוזאמען רעכענען די איינאַמע און דאַן פלעגען זיי עסען. פאר פאַרליעבטע איז אַלעס אַן אידיליע אין עסען און טרינקען צוזאמען, ערלויבט מען זיך א סך פאַמיליאַריטעט, אַן אנגעשטאָפּטע מויל א קוש טאָן, טרינקען פון דער זעלבער גלאָז, ווי מען טרינקט דעם טעה פון דער זעלבער ליליע, צוויי געליעבטע ביים עסען זענען ווי צוויי טויבען. גווינפּעלין פלעגט סערווירען דיאַן, צושניידען איהרע עסען ארייננגיסען איהרע געטראַנקען און אַלע אנדערע זאכען וואָס מען פלעגט דארפען טאָן ביים טיש.

„המם", האָט אורסוס א בורטשע געטאָן, וואָס האָט זיך געגען זיין ווילען געענדיגט מיט א שמייכעל.

דער וואָלף פלעגט ליגען אונטערן טיש, און עסען, קיין זאך, קיין אויפמערקזאמקייט ניט שענקען אויסער דעם ביין וואָס ער האָט געהאַלטען.

ווינאָס און פיבי פלעגען עסען ביים טיש און האָבען אביסעל געשטערט. די צוויי ווילדע פרויען זענען געבליבען ווילדע און פלעגען רעדען דעם ציגיינערישען זשאַרגאָן.

דאַן פלעגען דיאַ און די צוויי זיך צוריקציען אין זייער אָפּטיילונג, אורסוס פלעגט געהן צובינדען האָמאָן און גווינפּעלין איז געווען

שער. ווי ער וואָלט געווען האמערס א העלד. אין מיטען נאכט פלעגען פארנומען מיט די פערד, און איז געווארען פון א געליעבטען א קוט־שוין אלע שלאָפען אויסער דעם וואָלף וואָס פלעגט פון צייט צו צייט עפענען אן אויג און זיין אויף דער וואך.

אין דער פריה פלעגען זיי ווידער זיין צוזאמען, זיי פלעגען עסען פריישטאק געוויינטליך אויף חזר פלייש און טיי, טיי פלעגט מען טרינקען אין ענגלאנד זינד דעם יאָהר 1678.

דאן פלעגט דיא אין דעם סאפאנישען קאסטיום, און אויף דער ראט פון אורסוסעס שלאָפען עטליכע שטונדע. אין דער צייט פלעגען אורסוס און גווינפעלין אפטאָן אלע ארבייטען וואס מען האָט געדארפט אין אזא לעבען ווי זייערען.

גווינפעלין פלעגט זעלטען אוועק געהן פון דעם גרינעם קאסטען, אויסער אין איינזאמע פלעצער וואו קיין מענש קומט נים. אין שטאָדט פלעגט ער נאר געהן ביינאכט, פארדעקט מיט א גרויסען הוט וואס פלעגט פארשטעלען זיין פנים.

מיט אן אויפגעדעקטען פנים פלעגט מען איהם נאר זעהן אין טעאטער.

די גרינע קאסטען פלעגט אבער זעהר זעלטען קומען אין שטעדט.

גווינפעלין צו זיין פיער און צוואנציגסטען יאָהר, האָט נאָך נים געזעהן קיין גרעסערע שטאָדט ווי די פינף פארטען.

זיין בארימקייט איז אבער געוואקסען, עס איז שוין ארויס פון דעם פראסטען פאָלק, מען האָט שוין געוואוסט פון איהם העכער אויך. צווישען די פארעהרער פון עקסצענטריזיטעטען און די וואס זוכען קור־ריאזען, האָט מען געוואוסט אז ערגעץ וואנדערט ארום אין פארשי־דענע פלעצער אן אונגעעווהנליכע מאַסקע. מען האָט וועגען איהם גע־רעדט, מען האָט איהם געזוכט, מענשען פלעגען פרעגען: „וואו איז ער?"

דער מענש וואס לאכט ווערט וואס ווייטער אלץ מעהר באריהמט. מיטגעהאָלפען אין זיין באריהמטקייט האָט איהם אורסוסעס שטיק.

אזוי שטאַרק איז ער שוין באריהמט געווארען, אז אורסוס האָט איין מאָל געזאָגט —

„מיר מוזען פאָהרען אין לאָנדאן."

## 24טער קאַפּיטעל.

אין יענער צייט האָט לאָנדאָן געהאַט בלויז איין בריק, לאָנדאָן בריק און אויף איהם זענען געשטאַנען הייזער.

דער בריק האָט פאַרבונדען לאָנדאָן מיט סאַוטוואַק, א שטעדטעל ביי לאָנדאָן, פול מיט שטיינדלעך פון דעם טייך טיימז. ער איז געווען אין גאַנצען פאַרבויט מיט קליינע הילצערנע הייזלעך וואו דער פייער איז גאַנץ אָפט געווען זייער גאַסט, און צייטענווייז צושטערען א גאָר גרויסען טייל פון דער שטעדטעל. ווי עס האָט פּאַסירט אין יאָהר 1666.

אין יענער צייט איז סאַוטוואַק ארויסגערעדט געוואָרען סאָדריק, היינט רעדט מען דאָס ארויס סוסאַריק, אדער כמעט אזוי, נאַכאַלע־מען: די בעסטע וועג ארויס צו רעדען ענגלישע ווערטער איז זיי גאָר אין גאַנצען ניט ארויסרעדען. אזוי ווי „סאַוטעמפּטאָן" ווערט ארויס־געזאָגט סטעמפּטן".

סאַוטוואַק, פון יענער צייט האָט אויסגעזעהן ווי סאַוטוואַק פון איצטער, ס'איז געווען א שטאָדט, דאָס הייסט א שטעדטעל. אָבער א לעבעדיגע און אן אַקטיווע, א סך שיפען קומען דאָרט אָן, גרויסע רינגען זענען געווען צוגעשמידט צו דער וואַנט וואָס איז געווען ארום דעם טיימז. די וואַנט האָט מען גערופען: „די וואַנט פון עפראַק". יאָרק ווען עס איז נאָך געווען א זאַקסישע געגענד האָט געהייסען עפּ־ראַק, א לעגענדע דערצעהלט אז דער הערצאָג פון עפראַק האָט זיך דאָרט דערטרונקען. דער וואַסער איז דאָרטען ווירקליך טיף גענוג צו דערטרינקען א הערצאָג. די פיינקייט פון דעם קליינעם אנקאַר פּלאַץ האָט צוגעצויגען א סך שיפען און זיי פלעגען קומען דאָרטען אנקערען. די האָלענדישע שיף „וואַגראַנט" פלעגט דאָרט אויך קומען, זי פלעגט מאַכען וועכענטליכע רייזעס צווישען לאָנדאָן און ראָטערדאַם, אנ־דערע שיפען פלעגען אויך צוויי מאָל א טאָג אָפּגעהן פון דאָרטען קיין גרינוויטש, קיין דעפּפאָרד, קיין גראַפסענד, אָפּגעהענדיג מיט איין פלוס און אנקומען מיט א צווייטען. די רייזע צו גרינוויטש האָט אינגאַנצען

געגומען זעקס שעה, טראָץ דעם וואָס עס איז געווען צוואַנציג מייל.

א שיף אַזוי געבויט ווי די „וואַגעראַנד" קען מען מעהר ניט זעהן אויסער אין מיוזעאום. עס איז געווען אַ זעהר שווערע שיף מיט צוויי מאַסטען, און אַ גרויסער צימער אין מיטען. צוויי דעקען איינער אין פאָרענט און איינער הינטען, די דעקען זענען געווען פלאַכע ווי די אייזען באַדעקטע שיפען וואָס מיר האָבען אין דער איצטיגער צייט. פון וועלכע עס רינט אראָפּ די וואַסער פון שיף אין שלעכטע וועטערן. די אונבאַקוועמליכקייט וואָס די שיפסלייט פלעגען דאַרפען אויסשטעהן דעם זעץ פון יעדער אנקומענדע כוואַליע, און אויב איינער איז שוין געווען שוואַכלעך פלעגט דאָס איהם אראָפּוואַשען פון דעק. אויף דעם אופן פלעגט די שיף פאַרלירען אַ סך מענשען. די שיף פלעגט געהן דיד־רעקט צו האָלאַנד און ערגעץ זיך ניט אָפּשטעלען.

א גרויסער שטיין איז געווען ביי דעם ברעג פון „עפּראַק וואַנט" וואָס האָט מעגליך געמאַכט דעם אַנקומען פון שיפען. די וואַנט איז געווען אויסגעשניטען פאַר טרעפּ אין אַ סך פּלעצער, דאָס איז געוועזן הויפּטזעכליך אויף'ן זידליכען זייט פון סאַוטוואַק, פאַרבייגעהער פלעגען זיך קענען אנשפּאַרען, פון יענער זייט, אויף דער וואַנט און אויף דעם אופן זעהען דעם טיימז, אויף דער אנדערער זייט פון טייך האָט מען געקענט זעהן לאָנדאָן.

איבער דעם שטיין, גלייך הינטער דער לאַמבערט הויז, ניט ווייט פון דעם שפּאַציר גאַנג וואָס מען האָט גערופען פוקסזאַל איז געווען, צווישען אַ פאַבריק פון פאַרצעלייי און אַ גלאָז פאַבריק וואו מען פלעגט מאַכען קאָלירטע פלעשער, אַ גרויסער פעלד באַוואַקסען מיט גראָז. פלעגט מען דאָס רופען דער גרינער פעלד.

דעם גרינעם פעלד פון סאַוטוואַק פלעגט מען אויך רופען דער טאַרינ־צען פעלד, ווייל ער האָט אַמאָל באַלאַנגט צו באַראָן אַסטינג, וואָס איז אויך געווען באַראָן טאַרינצען. דאַן איז דאָס איבערגעגאַנגען צו לאָרד טאַצקאַסטער, וואָס האָט צוליב פּראָפיטען דאָס געמאַכט פאַר אַ פאַלקס־פּלאַץ, ווי שפּעטער האָט דער הערצאָג פון אָרלינס שפּעקולירט און עס איז אנגעקומען אין דעם באַזיץ פון דער קירכע.

דער פעלד איז געווען אַ סאָרט שפּיל פּלאַץ, וואו עס פלעגען קומען צירקען, אַקראָבאַטען און מוזיקער, דערפאַר איז דער פּלאַץ

„אַלע מאָל געווען פול מיט נאַראָנים וואָס זענען געקומען קוקען אויפ׳ן טייוועל„. ווי דער ארצביסקופ שארף פלעגט זאָגען.

א סך אכסניה׳ס פלעגען דאָרט זיין אָפען א גאנצען יאָהר און האָבען געלייזט א סך געלט. די אכסניה׳ס זענען געווען פּראָסטע שטאָלען וואס איז נאר געווען באזוכט בייטאָג, ביי נאכט פלעגט דער בעל אכסניה פארשליסען זיין פּלאַץ און געהן אהיים שלאָפען. בלויז איינע פון אָט די אכסניה׳ס איז געווען א הויז, די אכסניה האָט גע־האָט א גרויסען הויף און א טויער פאר קאָרעטען. זי איז אויך געווען דער איינציגער פּלאַץ אויף דעם פעלד וואו מען האָט געקענט איבער־נעכטיגען. און געהייסען האָט זי די טאדקאסטער קרעטשמע נאכ׳ן נאָמען פון דעם געוועזענעם אייגענטימער פון פּלאַץ.

אין דער קרעטשמע איז געווען א בעל־הבית און א אינגעל, דעם בעל־הבית נאָמען איז געווען וועז־ניקלעפ און דעם אינגעלס געוויקום. הערר ניקאלס — ווארשיינליך ניקאָלאַי וואָס איז געווארען ניקעלס אין דער ענגלישער אויסשפּראך — איז געווען א שטילער און געזעץ־ליבענדער בירגער. ער איז געווען שטארק באוואקסען, ספּעציעל זיינע הענט און ברעמען, און דער אינגעל איז געווען אין גאנצען פערצעהן יאָהר אלט און איז געווען א פרעהליכער יונג מיט א פארטוך. זיין קאָפּ איז געווען גלאט ראזירט — א צייכען פון דינערשאפט.

---

## 25טער קאַפּיטעל.

איין מאָל איז א זעהר ווינטיגען און קאלטען אבענט, אז אבענט ווען יעדער איינער היילט זיך דורך די גאסען צו קומען אהיים, איז זיך א מאן געגאנגען איבער דעם טארינצו פעלד און קומענדיג נאָ־הענט צו דער טאדקאסטער קרעטשמע איז ער געבליבען שטעהן. עס איז געווען דער ווינטער פון 1704—1705. דער מאן איז געווען גע־

קליידעט ווי א מאטראָז, ער איז געווען שעהן געבויט און פון א גוטער האלטונג. ווי הויף מענשען אבער אויך ניט פארבאָטען פאר'ן פראס־טען פאָלק, צוליב וואס האט ער זיך אפגעשטעלט ? זיך איינצוהערען צו וואס האָט ער זיך צוגעהערט ? צו א שטימע וואס איז ווארשיינ־ליך געקומען פון הויף אויף יענער זייט וואנט, עס איז געווען ווען א באָאהרענטע שטימע אָבער אזוי הויך האט דער מענש גערעדט אז מען האט איהם געהערט אויף יענער זייט וואנט. אין דער זעלבער צייט האט מען אויך געהערט א טומעל פון א סך מענשען. די שטימע האט געזאָגט:

— „מענער און פרויען פון לאָנדאָן, אָט בין איך דא, איך באגריס אייך און גראטוליר אייך, ווייל איהר זייט ענגעלנדער. איהר זייט א גרויס פאָלק, איך זאָג נאָך מעהר איהר זייט א גרויס באפעלקערונג אייערע קלעפ מיט'ן קולאק זענען נאָך בעסער ווי אייער שלאגען זיך מיט'ן שווערד. איהר האט אן אפעטיט, איהר זייט א נאציאָן וואס עסט אויף אנדערע, צויבערהאפטע פונקציע. די טייל פון דער וועלט מאכט ענגלאנד פאר א באזונדערן קלאס. איהר זייט איבעראשענד אין פאָליטיק און פילאָזאָפיע, באזונדערס אין דעם באזיץ פון אייערע קאָלאָניעס, די באפעלקערונג און די אינדוסטריען, און אויך ווייל איהר ווייסט ווי צו מאַן יענעם שלעכטס און זיך גוטס. די צייט קומט ווען עס וועלען זיין בלויז צוויי טיילען אויף דער וועלט, איינע וועט זיין „די זייט פון דער מענשהייט", די צווייטע „די ענגלישע זייט". איך זאָג דאס צו אייער עהרע, איך, וואָס איך בין ניט קיין ענגלענדער און ניט קיין מענש זייענדיג א דאקטאר. מיינע העררען איך לעהרען. וואס ? צוויי זאכען, דאס וואָס איך ווייס און דאס וואָס איך ווייס ניט. איך פארקויף רפואות און גיב אוועק אידעען. דערנעהענטערט זיך און הערט צו, וויסענשאפט לאדעט אייך איין, עפענט אייערע אויערען, אויב זיי זענען קליינע וועט אין זיי אריינגעהן אביסעל אמת, אויב גרויסע אסך נארישקייט. איך האָב א קאמעראד וואס מאכט לאכען, איך מאַד אייך דענקען. מיר וואוינען אין דער זעלבער קאסטען, גע־לעכטער איז א נאָהענטער קאמעראד צו דער וויסענשאפט. ווען אי־מיצער וואלט פרעגען דעמאָקריטוסען „ווי פיעל ווייסטו ?" וואלט ער ענטפערען „איך לאַך". און איך, ווען אימיץ פרעגט מיר „וואס לאכ־סטו ? ענטפער איך: „איך ווייס." אבער, איך לאַך ניט. איך ווייז אַן

אויף די פּאָפּולערע טעות'ן. איך נעהם זיך אונטער צו רייניגען איי־ער אינטעלעקטען, זיי זענען אומריין, גאָט ערלויבט דעם מענשען זיך אָפּצונאַרען, און אָפּגענאַרט צו ווערען. איך שעם זיך ניט, איך זאָג אָפען אז איך גלויב אין גאָט אפילו ווען ער איז אומגערעכט, אבער ווען איך זעה שמוץ — טעות'ען זענען שמוץ — קער איך דאס אויס.

„ווי וויים איך וואס איך וויים?" דאָס דארף קיינעם ניט אנ־געהן נאָר מיר אליין. יעדער מענש לעהרענט זיך ווי ער קען. לאַק־טאנטיאוס פלעגט שטעלען פראגעס צו א בראָנזענער קאָפּ פון ווירגיל, און די בראָנזענע קאָפּ פלעגט ענטפערען. סילוועסטער דער צווייטער פלעגט פיהרען געשפּרעכען מיט פויגלען, פלעגען די פויגלען רעדען? א פראגע. די טויטע קינד פון רב אליעזר האָט גערעדט מיט'ן היי־ליגען אגוסטין, צווישען אונז גערעדט, צווייפעל איך אין די אלע פאַק־טען, אויסער דעם לעצטען. די טויטע קינד האָט גערעדט, זעהר גוט, אבער אונטער דעם צינגעל האָט ער געהאט א שטיקעל גאָלד וואו עס איז געווען אויסגעקריצט עטוואס. דאָס קען ערקלערט ווערען. זעהט ווי פאָרזיכטיג איך בין אָפּטיילענדיג דאָס אמת'ע פון דאס פאלשע. עס זענען דא נאָך זאכען אין וועלכע איהר ארעמע מענשען גלויבט און פון וועלכע איך וויל אייך באַפרייען. דיסקארידס האָט געגלויבט אז עס איז דאָ א גאָט אפילו אין פלאנצען. אבער ער האָט א טעות געהאט, דאָס וואָס עס איז דאָ אין די פלאנצען איז ניט קיין גאָט. נאָר א טייפעל. איך האָב דאָס אונטערזוכט. עס איז ניט אמת אז דער שלאַנג וואָס האָט צוגערעדט חוהן האָט געהאט, לויט קאדעמוס א מענשליך פּנים. גארסיאס פון פּארטא, קאדעמעסטא און יאן הוגא ארצביסקופּ פון טרעוועס לייקענען אָפּ אז עס איז גענוג אָפּצושניידען א בוים אום צו כאַפּען אן עלעפאנט. איך שטים מיט זיי איין. בירגער, אז איהר וועט אָפּטיילען דעם אמת פון שקר וועט איהר גלויבען אין גאָט אויף איינעם פון די צוויי אופנים, ווי דער דאָרשטיגער אין זאָפ־טיגער פרוכט אדער ווי דער אייזעל אין דעם בייטש, און איצט וויל איך אייך פאָרשטעלען די מיטגלידער פון מיין געזעלשאפט."

דאָ האָט א שטאַרקער ווינט א טרייסעל געטאָן די לאָדענס פון דער קרעטשמע וואס איז שוין געווען אן אלטע. דאָס האָט פאראור־געשטעלט און ווען עס איז שטיל געווארען ווידער אנגעפאנגען.

זאכט א גאנצען טומעל פון די צושויער, דער רעדנער האט זיך אפּ־

„אין אונטערברעכונג, זעהר גוט. רעד דו צפון ווינט, מיינע הערהן ראס פארדריסט מיר ניט, דער ווינט פלוידערט ווי אלע איינזאמע באשעפענישען. קיינער איז ניט נאהענט צו איהם, טומעלט ער. איך פאנג אן וואו איך האב פריהער געלאזען. פארשטעלענדיג אייך די ארטיסטען פאנג איך אן מיט מיין פריינט וואס איז א וואלף. ער באַ־האלט ניט דעם פאקט, קוקט איהם אן, ער איז געלעהרענט, ערענסט און וואנגענד. גאט האט איהם ווארשיינליך געוואלט מאכען פאר א דאקטאר אין אוניווערזיטעט, אבער דערצו מוז מען זיין אביסעל נאַ־ריש און דאס איז ער ניט. איך וועל צוגעבען אז ער האט פאראורר־טיילע און אז ער איז ניט קיין אריסטאקראט. ער רעדט צייטענווייז מיט א צוויג, ער וואס וואלט געדארפט פארברייגגען מיט א ווייבליכען וואלף. ער האט געהאט א געמיש פון דעם קוויטש פון דער מאמע, און דעם בילען פון זיין טאטען, ווייל ער פלעגט בילען. צווישען מענשען מוז מען בילען. האמא איז א הונט — פארפאלקאמט. לאמיר פאר־הערען דעם הונט — די מאדנע חיה — שוויצט דורכ'ן צונג און שמיי־בעלט מיט'ן עק. איך וועל נאך צוגעבען אז ער איז נוצבאר און העלפט ארוים שווינענדיג, זיין לינקע לאפע ווייס ניט די גוטע טהאט וואס די רעכטע האט געטאן, דאס זענען זיינע מעלות. פון דעם אנדערן מיין צווייטען פריינט וועל איך גאר ניט זאגען. ער איז א מאנסטער און פון איהם וועט איהר צופרידען זיין. פיראטען האבען איהם פארלאזען ביים ברעג פון דעם מערדערליכען ים.

„און די מיידעל איז בלינד, איז זי אן אויסנאם? ניין מיר זענען אלע בלינד. דער קארגער איז בלינד, ער זעהט ניט ווי אונוויסענד ער איז. דער עהרליכער איז בלינד ער זעהט ניט גאט, גאט איז בלינד געווען ווען ער האט באשאפען די וועלט, ער האט ניט געזעהן ווי דער טייפעל האט אריינגע'גנב'עט. איך בין בלינד איך רעד און איך זעה ניט אז איהר זייט טויב. די בלינדע מיידעל וואס אקאמ־פאנירט אונז איז א געהיימניספולע פריסטערן. איך גלויב אז זי איז די טאכטער פון א קעניג אבער זיכער איז דעם בין איך ניט. מיין גרויסע מעלה איז וואס איך צווייפעל. מיינע הערהן איך האב אפּגע־זאגט וואס איך האב געהאט צו זאגען, איצט וועלען מיר אנפאנגען שפילען.“

דער מאַן איז די מאַטראַזען קליידער, וואָס האָט זיך צוגעהערט פון אויסווייניג, איז אריין אין קרעטשמע באַצאָהלט אביסעל געלט ווען מען האָט ביי איהם געבעטען און איז געגאַנגען צום הויף, וואו די צושויער זענען געווען. ער האָט געזעהן אויף יענעם עק הויף א גרינע קאַסטען אויף רעדער, אין מיטען געעפענט, און אויף דער ביהנע איז געווען אן אלטער מאַן אנגעטאַן אין א בערן־פעל, א יונגער מאַן וואָס האָט אויסגעוויזען ווי ער וואָלט געטראַגען א מאַסקע אויפ'ן פנים, א בלינדע מיידעל און א וואָלף.

„זעהט" האָט ער אויסגעשריען. „דאָ זענען דאָך וואונדערבאַרע מענשען!"

## 26טער קאַפּיטעל.

די גרינע קאַסטען וואָס דער לעזער האָט שוין געווים דערקענט איז איצט אנגעקומען אין לאָנדאָן. „דער גרינער פעלד", האָט צוגע־צויגען אורסוסען דערפאַר, ווייל דאָרט האָט מען געקענט שפּילען א גאַנצען יאָהר אפילו אום ווינטער.

עס איז געווען אורסוסעס א פאַרגעניגען צו קוקען אויף דעם טורעם פון דער קירכע פון היילינגען פּאָול.

לאָנדאָן איז נאָך אלעמען געווען א שטאָדט אין וועלכער מען האָט געקענט געפינען אביסעל גוטעס. עס איז צום ביישפּיל געווען א געוואַגטע טהאַט אויפצובויען א קירכע פאַר דעם היילינגען פּאָול. דער אמת'ער היילינגער פאַר קאַטעדראַלען איז פּעטער, פּאָול איז געווען א היילינגער פון א נידעריגער מדרגה.

א קאַטעדראַלע איז א שילד. דער היילינגער פּעטער מיינט רוים די שטאָדט פון דאגמא, דער היילינגער פּאָול איז לאָנדאָן די שטאָדט וואָס האָט זיך אפּגעריסען און איז פּראָטעסטאַניש.

אורסוס ווענעס פילאזאפיע איז געווען אזא ברייטע, אז ער האט אלעס געקענט אריינעמען. האט ליעב געהאט אט די קליינע פארשי־דענארטיגקייטען. און לאנדאן האט איהם ווארשיינליך צוגעצויגען צוליעב זיין ליעבע צו דעם הייליגען פאול.

אורסוס'ען האט גלייך צוגעצויגען דער הויף פון דער טעדקאס־טער קרעטשמע. די וואס האבען געבויט דעם הויף האבען ווייזט אויס פאראויס געזעהן די גרינע קאסטען. ער איז געווען געבויט ווי א פאר־טיגער טעאטער. דער הויף איז געווען א פיערעקיגער, ארום געבויט פון דריי זייטען, און עס איז דארט אויך געווען א גרויסער הילצערנער באלקאן באדעקט מיט א דאך אויפגעהאלטען פון שווערע שטאנגען דורך וועלכע מען איז אריינגעגאנגען אין קרעטשמע. די פענסטער ארום זענען געווען די לאזשען און אספאלט פון דעם הויף איז געווען דאס וואס מיר רופען איצט אן דער ארקעסטער. אין גאנצען האט דער הויף אויסגעזעהן ווי דער טעאטער וואו „אטעלא", „קעניג ליר" און דער „שטורעם" איז געשפילט געווארען.

אין א ווינקעל הינטער דער גרינער קאסטען איז געווען א שטאל.

אורסוס האט געמאכט אלע פארבערייטונגען מיט די הערדן ניקלעס, וואס האט אויס דרך־ארץ צום געזעץ נאר אריינגעלאזען דעם וואלף פאר א גרעסערען געהאלט. די פלאקארדע — „גווינפעלין — דער מענש וואס לאכט." איז אראפ גענומען געווארען פון דער קאסטען און איז אויסגעהאנגען אין פארענט ביי דער קרעטשמע. אונטער דער פלאקארדע איז געהאנגען א שילד אויף וועלכער איז געווען אויפגע־שריבען „דער צורונענער כאאס". דעם מיטען פון באלקאן האט מען אפגעצאמט מיט צוויי ווענט און דאס איז געווען פאר דער אריס־טאקראטיע. דער פלאץ איז געווען גרוים גענוג פאר צעהן מענשען.

„מיר זענען אין לאנדאן", האט אורסוס געזאגט, „און מיר מוזען ערווארטען די אריסטאקראטיע."

אט די לאזשען האט מען אויסגעמעבלירט מיט די בעסטע שט־לען וואס האבען זיך געפונען אין דער קרעטשמע.

די פארשטעלונגען האבען זיך אנגעפאנגען, אבער די אפטיי־לונגען פאר דער אריסטאקראטיע איז געבליבען ליידיג.

דער פלאץ פלעגט אבער אלע מאל זיין געפאקט.

מיט דער איינציגער אויסנאַמע איז דער ערפאָלג געווען א גרויר סער. גאַנץ סאוטוואַק איז געקומען זעהן דעם מענש וואָס לאַכט.

די צירקען און אַנדערע אקראָבאַטען האָבען זיך דערשראַקען פאַר גווינפּעלינען. א רויב פויגעל אַריינקומענדיג אין א שטייג פון גאָלד פישלעך, דאָס איז געווען זייער איינדרוק.

ביי דער זייט פון די שווערד און פייער שלינגערס איז געגעבען געוואָרען אמת'ע פאַרשטעלונגען אויף יענעם פעלד. עס איז דאָרט געווען א פּרויען צירק וואָס האָט געדוישט פון אין דער פריה ביז ביי־נאַכט, פון א געוואַלדיגען קלאַפּען פון אלע סאָרטען אינסטרומענטען. דערביי איז געווען נאָך א צירק וואו עס זענען געווען קונצען מאַכערס וואָס האָבען זיך געקענט פאַרגלייכען מיט די קונצען מאַכערס וואָס מיר זעהען היינטיגע טעג. אָבער קיינער איז ניט געווען אזוי ערפאָלג־רייך ווי אורסוס; דער מענש וואָס לאַכט האָט אַלעם אפּגעווישט. וועגען קיין זאַך האָט מען ניט גערעדט, נאָר וועגען דעם גרינעם קאַס־טען.

„דער צורונענער כאַאָס און כאַאָס דער באַזיגער", האָט אורסוס געזאָגט קוקענדיג אויפ'ן פעלד. אורסוס האָט א העלפט פון זיין ער־פאָלג צוגעשריבען צו גווינפּעלינען, מעהר האָט ער ביי זיך ניט גע־פועל'ן.

גווינפּעלינס ערפאָלג איז געווען געוואַלדיג, אָבער ווייט איז זי ניט געגאַנגען. ערפאָלג קען ווייזט אויס ניט אזוי לייכט אַריבערגעהן דעם וואַסער. עס האָט גענומען א הונדערט און דרייסיג יאָהר ביז דער נאָמען שעקספּיר איז אַריבער פון ענגלאַנד קיין פראַנקרייך. וואַסער איז ווי א וואַנט. און ווען וואָלטער וואָלט שעקספּיר'ן ניט אויפגע־הויבען אביסעל, א זאַך וואָס האָט איהם שפּעטער באַנג געטאָן, וואָלט ער אפשר נאָך ביז היינטיגען טאָג געווען פאַרשלאָסען אין זיין באַ־רימקייט אויף יענער זייט וואַנט — אין ענגלאַנד.

גווינפּעלינס באַרימקייט איז ניט אַריבער דעם לאָנדאָנער בריק, אָבער עס איז זיי געווען גענוג. אורסוס פלעגט זאָגען: „דער זעקעל מיט גאָלד הויבט זיך ווי ביי א מיידעל וואָס האָט א פעלער געמאַכט."

זיי האָבען געשפּילט „אורסוס רורסוס" און „צורונענער כאַאָס".

צווישען די אקטען פלעגט אורסום ווייזען זיין קונסט פון א ווענטרילאגיסט. ער פלעגט נאכמאכען יעדע שטימע וואס ער האט גע־הערט פון דעם פובליקום. א גזאנג, א געשריי, אויף אזא אופן אז עס פלעגט פארמאכען די מויל פון דעם זינגער אדער דעם שרייער אליין. צייטענווייז פלעגט ער נאכמאכען דעם גאנצען טומעל פון דער מענגע, אויף אזא אופן אז מען פלעגט מיינען אז א גאנצע מענגע איז אין איהם. אז אנימערגעווענהנליבער טאלאנט.

נאך מעהר ער פלעגט האלטען רעדעס ווי ציצערא, פארקויפען מעדיצין און אליין אכטונג געגעבען אויף קראנקע און פלעגט זיי אפילו אויסקורירען.

סאוטוואק איז פון איהם געפאנגען געווארען.

אורסום האט זיך באנוגענט מיט די אפלאדיסמענטען פון סאוט־וואק, אבער עס האט איהם ניט אייבעררראשט.

„איך וועל זיי ניט פארבייטען מיט די מענשען וואס ראוואוינען בערגשיר אדער די בעלגיער וואס באוואוינען זומערשיר, אדער אפילו די פאריזער וואס האבען ענטדעקט יארק.“

ביי יעדער פארשטעלונג איז דער הויף פון דער קרעטשמע גע־ווען אנגעפיהלט פון אז אפגעריסענע און ענטוזיאסטישע פובליקום. עס זענען דארט געווען שיפס־לייט, סטאליערס, שיף ארבייטער און קליינע הענדלער, מאטראזען וואס פלעגען אנקומען און אויסגעבען זייער געלט אויף נקבות. עס זענען דארט געווען סאלדאטען וואס זע־נען באשטראפט געווארען פאר עפעס א פארברעכען, צו טראגען זיי־ערע רויטע רעק איבערגעקערט אויף דער לינקער זייט. אלע די מענ־שען פלעגען ארייננקומען פון גאס אין טעאטער און פון טעאטער אין שיינק. די אויסגעלייזיגטע קרוגען האבען גאר ניט געשאדעט זייער ערפאלג.

צווישען די מענשען איז געווען איינער וואס איז געווען העכער פון אלע אנדערע, גרעסער און בעסער געבויט, איז אויך ניט געווען אזוי ארעם געקליידעט ווי זיי. ער איז געווען א שטורעמדיגער פאר־עהרער וואס פלעגט זיך דורכשפארען מיט זיינע עלענבויגענס, ער

האָט געטראָגען דעם טייוועלס פּאַרוק (זיינע אייגענע האָר) ער פלעגט שילטען, שרייען, מאַכען שפּאַס און אויב נויטיג אונטערהאַקען אַן אויג און באַצאָהלען פאַר אַ פלעשעל.

דער שטענדיגער באַזוכער איז געווען דער פאַרביינעהער, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים טיר און אַריינגעהענדיג זיך אַזוי ענטוזי־אַסטיש צושריען.

דער מביז האָט גלייך ליעב באַקומען דעם מענש וואָס לאַכט. ער איז ניט געקומען אַלע טאָג, נאַר ווען ער פלעגט קומען איז ער געווען דער אַנפיהרער. די אַפּלאַדיסמענטען און געשרייען זענען פון איהם אַנגעפיהרט געוואָרען. די געשרייען האָבען ניט דערגרייכט די פליגען, ווייל זיי זענען דאָרט ניט געווען, נאַר די וואָלקענס, און צייטענווייז פלעגען די וואָלקענס אַראָפּרעגענען אויף די קעפּ פון די צושויער.

ער איז געווען אַזוי אַנגעזעהן אַז אורסוס האָט איהם געמוזט באַ־מערקען און גווינפּלין האָט איהם אויך אָנגעקוקט.

דער פרעמדער איז געווען אַז אויסגעצייכענטער פריינד.
אורסוס און גווינפּלין האָבען זיך געוואָלט באַקענען מיט איהם אָדער אַמווייניגסטענס אויסגעפינען ווער ער איז.

איין מאָל איז אורסוס געשטאַנען ביים זייט פון דער קאַסטען און נעבען איהם איז צופעליג געשטאַנען ניקעלס. האָט ער אָנגעוויזען אויף דעם מאַן און געפרעגט:

„ווייסטו ווער דער מאַן איז?“

„געוויס“.

— „ווער איז ער?“

— „אַ מאַטראָז“.

— „ווי הייסט עס.“

— „טאָם־דזשים־דזשעק, האָט ער געענטפערט.“

און אַוועקגעהענדיג האָט דער קרעטשמאַר געזאָגט.

„אַ שאַד וואָס ער איז ניט קיין לאָרד, ער וואָלט געווען אַ גרויסער אויסוואורף.“

די גרופע פון דעם גרינעם קאסטען האבען נאך אלעם געלעבט ווי פריהער, און זיי זענען נאך געוועזען פונקט אזוי אפגעזונדערט ווי פריהער, מיט דער איינציגער אויסנאם וואס זיי האבען פון צייט צו צייט אויסגערעדט א פאר ווערטער צו דעם קרעטשמער.

זינד זיי זענען געקומען אין סאוטוואק האט זיך גוויינפעלין איינגעוואוינט צו נעמען א שפאציר אויף די גרינע פעלדער אלע נאכט צווישען עלף און צוועלף דעם זייגער. נאך דער פארשטעלונג און נאכ'ן עסען, ווען אורסוס און דיא פלעגען שוין שלאפען, אזא מין דונקעלער געפיהל האט איהם באהערשט, וואס האט זיך געפאסט פאר דער נאכט און די פינקלענדע שטערען. יוגענד — איז אזא מין געהיימניספאלע ערוואַרטונג און בייגקשאפט צו וועלכע די נאכט האט זיך געפאסט. אין דער צייט האט מען שוין קיינעם ניט געזעהן אויף יענעם פעלד, אויסער פון צייט צו צייט א וואקלענדען שכור און זיין וואקלענדען שטן. די שיינקען זענען שוין געוועזען פארמאכט און אפילו די טאדקעסטער קרעטשמע איז שוין אויך געוועזען פינסטער. גוויינפעלין פלעגט קומען צוריק א פארטראכטער, פארטרוימטער, פלעגט שטילערהייט אריינגעהן אין דער האלב אפענער טויער. פון וואס פלעגט ער טראכטען? פון דיאן, פון אלצדינג, פון קיין זאך ניט, פון טיפע טיפקייטען.

## 27טער קאפיטעל.

ערפאלג איז ניט קיין באליבטע זאך ספּעציעל ביי די וואס האבען אורזאכע ניט צו פארגינען. די איינגעשלונגענע פארגינען קיין מאל ניט די איינשלינגער. די אקראבאטען זענען געוועזען אין כעס. זיי זענען רואינירט געווארען. דערהויבען זיך פון די איינאמע ביי דעם גרינעם קאסטען איז אין דער זעלבער צייט געוועזען א פאלען פון איינאמע

אין זייערע געשעפטן. אַלע טעאַטערע ווייסן פון דעם פאַל, אַז מענ־שען קומען צו זיי איז ביי אַנדערע ליידיק דער טעאַטער.

טיעף אין האַרצן האָבן זיי אַלע איהם מקנא געווען. קונצען מאַכערס שטריק, געהרס, אַקראָבאַטען און אפילו מוטערס וואָס האָ־בען געהאַט שעהנע קינדער פלעגען טראַכטען: „אַ שאַד וואָס ביי אונז איז ניט אַזאַ פּנים ווי ביי איהם". אַנדערע מאַמעס פלעגען שלאָ־גען די קינדער פאַר זייערע שעהנע פּנים׳ער.

מעהר ווי איין מוטער וואָלט איהר קינד געמאַכט „אַלאַ גווינ־פּעלין". ווען זי וואָלט נאָר געוואוסט ווי אַזוי מען טוט דאָס. דער קאָפּ פון אַ מלאך וואָס ברייננגט גאָר ניט אַריין איז ניט ווערט אַזוי פיעל ווי דער קאָפּ פון אַ טייפעל דורך וועלכען מען קען מאַכען געלט. איין מאָל האָט אַ מוטער פון אַ זעהר שעהנעם אינגעל וואָס פלעגט שפּילען קיופּיד אויסגערופען: „מיינע קינדער זענען גאָר ניט ווערט דער גווינ־פּעלין איז דער איינציגער ערפאָלג." און האַלטענדיג דעם קולאַק פאַר זיינע אויגען האָט זי צוגעגעבען: „ווען איך וואָלט געוואוסט ווער דיין טאַטע איז וואָלט איך פון איהם אַ טעל געמאַכט."

גווינפּעלין איז געווען די פויגעל מיט די גאָלדענע אייער. אַלע זענען געווען אין כעס אויף איהם און אַלע האָבן מיט די ציין גע־קריצט. זיי האָבן זיך צוזאַמענגענומען און האָבן געוואָלט שטערען די פאָרשטעלונג. זיי זענען געקומען צו אַ פאָרשטעלונג און האָבן גע־שריען, געטופּעט מיט די פיס און געפייפט. דאָס האָט געגעבען אוּר־סוסען אַ געלעגענהייט צו האַלטען אַ רעדע און טאָם־זשים־דזשעקען אַ געלעגענהייט צו געבען קלעפּ, וואָס האָט גלייך איינגעשטילט די צו־שטערער. זיינע קלעפּ האָבן איהם נאָך דערנעהענטערט צו אורסוסען און האָט אַרויסגערופען פאַרעהרונג ביי גווינפּעלינען. דאָס איז אַבער אַלץ געווען פון דער וויטענס, ווייל די גרופּע פון דעם גרינעם קאַסטען האָבן זיך געהאַלטען אָפּגעזונדערט.

די קנאה געגען גווינפּעלינען האָט זיך אַבער ניט איינגעשטילט, זיי האָבן אונטערגעשריבען אַ פּעטיציע וואָס זיי האָבן אַוועקגעשיקט צו די הערכערע באַאַמטע, דאָס איז דער געוועהנליכער אופן מיט וועלכען מיר באַקעמפען עטוואָס אויף וואָס מיר זענען אין כעס.

די פּעטיציע האָבען אויך אונטערגעשריבען די גלחים. דער מענגע וואָס לאַכט, האָט זיי אויך געטאָן שאָדען, ניט נאָר די צירקען נאָר אויך די קלויסטער זענען לײדיג געבליבען. די מענשען האָבען פאַר־לאָזען די קירכען און זענען געגאַנגען צו גווינפּעלינען. די גלחים פון די פינף קלויסטערס האָבען אַפּעלירט צו דעם ביסקופּ פון לאַנדאָן, און דער ביסקופּ האָט אַפּעלירט צו דער קעניגין.

די אקראַבאַטען האָבען זייער קלאַגע געמאַכט אויף א רעליגעזען גרונט, זיי האָבען גווינפּעלינען ערקלערט פאַר א כשוף־מאַכער און אורסוסען פאַר אן אפיקורס.

די גלחים ווידער האָבען זייער קלאַגע געמאַכט אויף א געזעל־שאַפטליכען גרונד, אז זיי איבעטרעטען די געזעצע וואָס דער פאַר־לאַמענט האָט דורכגעפיהרט. דאָס איז געווען נאָך ערגער, דאָס איז געווען די צייט גלייך נאָך לאַקס טויט, ווען סקעפּטיציזם האָט גע־הערשט אין ענגלאַנד, און בעלינגבראָק האָט שוין אנגעפאַנגען צו פאַר־זייען די זוימען וואָס האָבען ארויסגעשפּראָצט אין וואָלטערן.

אזוי איז די גרינע קאַסטען אטאַקירט געוואָרען פון צוויי זייטען, פון די אקראַבאַטען אין נאָמען פון דער תורה און פון די גלחים אין נאָמען פון דער פּאָליציי.

האָבען זיי געהאַט אן אורזאַכע? האָבען זיי געהאַט א באַשטימ־טע זאַך צו וועלכע זיך צוצוטשעפּען? יע. דער וואָלף. דער וואָלף איז אויסער געזעץ אין ענגלאַנד. דעם הונט יע, אבער ניט דעם וואָלף. ענגלאַנד ערלויבט דעם הונט וואָס בילט אבער ניט דעם וואָלף וואָס שרייט: די גלחים און די אנדערע כלי־קודש פון די פינף קירכען אין סאַוטוואַק, האָבען דערמאָנט אַז די פילע געזעצען וואָס זענען דא גע־גען וועלף. זיי האָבען גערעדט וועגען די זיכערהייט פון בירגער און אז מען דאַרף דעם וואָלף האַלטען אין א פּלאַץ וואו מענשען קומען ניט א. ז. וו.

אורסוס האָט ערפאַהרען וועגען דעם וואָס עס קומט פאָר און ער האָט זיך דערשראָקען. מורא האָבענדיג פאַר׳ן געזעץ הייסט ניט זיך פיהלען שולדיג. אורסוס האָט ניט שטאַרק געוואָלט זיך צוזאַמענקומען

מיט די פּאָליציי און מיט ריכטער. ער האָט געוואוסט אַז אויב ער קומט זיך צונויף מיט זיי, מוז ער דורכפאַלן.

עס האָט איהם גענומען פאַרדריסען וואָס ער איז געקומען קיין לאָנדאָן.

„שטרעבענדיג צו פאַרבעסערען" האָט ער געזאָגט, „פאַרלירען מיר וואָס מיר האָבען שוין, דאָס איז אַ נאַרישער אמת אָבער אַן אמת."

געגען אַזוי פיעל קלאָגעס האָט ער זיך ניט געקענט שטעלען.

די גרינע קאַסטען איז געווען דער באַליבטער אַמוזירונגס־פּלאַץ אין דעם געגענד און די פּאָליציי האָט זיך געמאַכט ניט זעהענדיג, זיך מאַכען ניט זעהענדיג אין ענגלאַנד מיינט שוין אויך פּראָטעקציע, אַזוי לאַנג ווי מען האָט זיי ניט נעטשעפּעט, האָט אורסוס פריי געאָטעמט און האָמאָ האָט געקענט שלאָפען זיין געשמאַקען שלאָף.

אָט דערפאַר אָבער האָט נאָך מיטגעהאָלפען זייער ערפאָלג. זיי האָבען איצט געמאַכט מעהר געלט ווי פריהער, און דער מענש וואָס לאַכט איז נאָך געוואָרען פּאָפּולערער. דאָס פּובליקום האָט אינסטינקטיוו ליעב דאָס וואָס האָט מורא פאַר'ן געזעץ, און אַפּלאָדירט ווי זיך וועלען רייצען מיט אימיצען. קיין זאַך האָט דעם ערפאָלג ניט געקענט מאַכען אַזוי גרויס ווי אָט די אָנצוהערעניש און די פּלאַטען וואָס מען האָט געגען זיי געמאַכט. מען ווערט שנעלער מיעד פון ליובען יענעם ווי פון טאַדלען, טאַדלענדיג רעדט מען כסדר און דאָס איז אַ שטענדיגע אָנאָנסע.

אורסוס האָט צו גווינפּלענען גאָר ניט געזאָגט, ער האָט איהם ניט געוואָלט דערשרעקען, אויב אַ קאַטאַסטראָפע וועט טרעפען, וועט ער זיך שוין דערפון אַליין דערוויסען.

# 28טער קאפיטעל.

איין מאל אבער האט ער געטראכט אז מען מוז געווינפעלניען עט־וואס זאגען דערפון, ער האט גערעכענט אז מען מוז איהם איצטער מאכען אביסעל אונרוהיג. עס אזי אמת, אז וואס ער האט איהם גע־וואלט זאגען איז געווען אן ערענסטערע זאך ווי די פארשווערונג פון די צירקען און פון דער קירכע. איין מאל ווען געווינפעלין האט צוזאמענ־געקליבען די געלט וואס זיי האבען איינגענומען יענעם אבענט האט ער איין מטבע באטראכט און אין דער אנוועזענהייט פון דעם קרעטש־מער, האט ער געמאכט א פארגלייך צווישען די אפגעריבענע מדבעות וואס דאס פאלק האט געגעבען און די גלאנציגע מטבע אויף וועלכער עס איז געווען דער קאפ פון דער קעניגין אננא. דער פאראזיטישער גלאנץ פון דעם טראהן. ער האט געמאכט א שלעכטע באמערקונג, די באמערקונג איז איבערגע׳חזר׳ט געווארען פון דעם קרעטשמער און זי האט געוואנדערט אזוי ווייט ביז זי איז צוריק געקומען צו אורסוסען דורך פיבי און ווינאס, אורסוס האט זיך דערשראקען, לעסטערענדע ווערטער. ער האט געווינפעלינען אויסגערעדט אין אן ערענסטען טאן:—

— היט דיין פארדאמטע קאפ. עס זענען דא אן אונגעשריבענער געזעץ פאר גרויסע: טו גאר ניט, און אן אונגעשריבענער געזעץ פאר קליינע: זאג גארניט, דער ארימאן האט בלויז איין פריינד, דאס שווייגען. ער דארף רעדען אין האלבע ווערטער. יע, זיך מודה זיין און צושטימען, דאס איז זיין גאנצע רעכט. „יע" צום ריכטער, „יע" צום קעניג. די גרויסע שלאגען אונז מיט שטעקענס אויב זיי ווילען נאר, איך אליין האב שוין אזעלכע קלעפ געקראגען, דאס מעגען נאר זיי און דער גלאנץ ווערט ניט דונקעלער ווען זיי טוען דאס. לאמיר לעבען אין זיכערהייט, דער וואס באליידיגט דעם קעניג שטעלט זיך אין דער זעלבער געפאהר ווי א מיידעל וואס שניידט אפ דעם עק פון א לייב. איך האב געהערט אז דו האסט געפלאפעלט וועגען מטבעות, און אז

דו האָסט געמאַכט א שלעכטע באַמערקונג וועגען א מטבע פאַר וועל־
כער מיר קענען אין מאַרק קויפען א העלפט פון א פערטעל הערינג.
היט זיך. ווער ערענסטער. זיי ווייסען אז עס עקזיסטירט אזא זאַך ווי
שטראָף, נעם איין אין דיין קאָפּ געזעצליכע אמת'ען, דו ביזט אין א
לאַנד וואו דער וואָס שניידט אָפּ א יונגען בוימעל ווערט רוהיג געפירט
צו דער תליה, פאַר א זעהר קליינע זאַך האָט מען גוטהערט סימסאָנען
אריינגעזעצט אין פעסטונג. מיט דריי יאָהר צוריק אין 1702, ניט לאַנג
צוריק האָט מען דאָרט אריינגעוואָרפען א מענש וואָס הייסט דעניעל
די פאָ, ווייל ער האָט געוואַגט צו דרוקען א נאָמען פון א מיטגליד
פון פאַרלאַמענט, וואָס האָט א נאַכט פריער גערעדט אין פאַרלאַמענט
האָסטו ארויסגעזאָגט א וואָרט אנטלויף באַלד, אָבער בעסער איז דו
זאָלסט גאָרניט ריידען, רעדסטו זיי ווי די פויגעל, אבער בעסער זיי
ווי די פיש. דאָס איז מיין עצה.

נאָך דעם ווי ער האָט דאָס איהם אפּגעזאָגט איז אורסוס אונ־
רוהיג געווען נאָך א לאַנגע צייט, גווינפּלין ניט. יוגענד האָט ניט
קיין ערפאַהרונג. דאַך האָט דאָס אויסגעוויזען אז עס וועט גאָר ניט
פאַסירען. וואָכען זענען אוועק רוהיג, און עס האָט אויסגעזעהן אז זיין
באַמערקונג וועגען דער קעניגין ווערט פאַרגעסען.

אורסוס, ווי דער לעזער ווייס איז ניט געווען אפּאַטיש, איז אלע
מאָל געווען וואַך און געהיט פון אלע זייטען.

איין מאָל, א שטיקעל צייט נאָך דעם ווי ער האָט געהאַלטען די
לעקציע, האָט אורסוס ארויסגעקוקט פון פענסטער, דערזעהענדיג
דאָרט עפּעס איז ער בלייך געוואָרען.

„גווינפּלין?“

„וואָס?“

„זעה“ —

„וואָס?“

„דאָרטען.“

„וואָס איז דאָרטען.“

„זעהסטו ניט א מענש דאָרטען?“

„דער מאַן איז שוואַרצען?“

— „יע.“

— „נו?“

— „נו, גווינפעליז, דער איז דער וואַפּענטרעגער.“

— „וואָס איז אַ וואַפּענטרעגער?“

— „דער היטער פון די הונדערט.“

— „וואָס איז דער היטער פון די הונדערט?“

„ער איז פון די שרעקליכע פּאָליציי.“

„וואָס טראָגט ער אין האַנט?“

„דאָס איז אַן אייזערנע וואַפען.“

„וואָס איז די אייזערנע וואַפען?“

„עס איז אַ זאַך פון אייזען.“

„וואָס טוט ער מיט דעם?“

„ער באַנוצט עס דערפאַר רופט מען איהם דער וואַפּענטרעגער.“

„וואָס נאָך?“

„ער ריהרט דיך אָן דערמיט.“

„מיט וואָס?“

„מיט דער אייזערנער זאַך.“

„דער וואַפּענטרעגער ריהרט דיר אָן מיט דעם אייזערנעם וואַ־פען?“

„יע.“

„וואָס באַדייטעט דאָס?“

„דאָס באַדייט: פאָלג מיר נאָך.“

„מוז מען איהם דאַן נאָכגעהן?“

„יע.“

„וואו?“

„פון וואַנען זאָל איך וויסען?“

„אָבער ער זאָגט דיר וואו ער פיהרט דיר?“

„ניין.“

„וואָס?“

„ער זאָגט גאָר ניט און דו זאָגסט גאָר ניט.“

„אָבער — “

„ער ריהרט דיר אָן מיט דעם אייזערנעם וואפען און דו מוזט געהן.“

„אבער וואו?“

„הינטער איהם.“

„אבער וואו?“

„וואו ער וויל געווינפּעלין“.

„און אויב אימיץ שטעלט זיך געגען איהם.“

„ווערט ער געהאנגען.“

אורסוס האָט ארויסגעקוקט פון פענסטער און געזאָגט: „דאנקען גאָט ער איז שוין אוועק. ניט צו אונז איז ער געגאנגען.“

אורסוס איז אפשר געווען צופיל איבערשראָקען צוליב געווינפּע־לינען. דער הער ניקעלס וואָס האָט זיי געהערט האָט ניט געהאט קיין אורזאך צו קאמפּרימענטירען די ארימע מענשען פון דער גרינער קאס־טען. ער האָט אינדירעקט גאנץ גוט פארדינט פון דעם מענש וואס לאַכט, דארט אין הויף האָט קונסט טריאומפירט און ביי איהם האָט מען געטרונקען.

---

## 29טער קאפּיטעל.

אורסוס האָט זיך נאָך אמאָל דערשראָקען און איצט צוליב זיך אליין. מען האָט איהם באפוילען צו קומען צום ביסקופּ פאר א קאָמי־סיע פון דריי אונאנגענעמע פּנימער, די דריי פּנימער זענען געווען דריי דאקטוירים איינער איז געווען א דאקטאר טעאָלאָגיע, דער צווייטער

א דאקטאר מעדיציין און דער דריטער איז געווען דאקטאר פון גע־שיכטע און ציווילען געזעץ. די דריי געלעהרענטע זענען געווען דער צענזור אויף דעם גערעכטען ווארט אין דער עפענטליכקייט. זיי האבען צוזאמענגעשטעלט די צענזור אויף דעם גאנצען געגענד ארום לאנדאן און מיטעלעסעקס. די טעאלאגישע צענזור עקזיסטירט נאך אין ענג־לאנד און זיי האבען נאך א גרויסע מאכט.

און אורסוס האט אין א שעהנעם טאג ערהאלטען א באפעהל ער זאל פערזענליך קומען צו זיי. ער האט געפאלגט דעם באפעהל מורא האבענדיג אז ער זאל נאר ניט זיין צענזורירט, און אויב אז צו זיי איז אפשר אנגעקומען עפעס א שארפע באמערקונג וואס ער האט גע־מאכט.

די זיצונג פון דער קאמיסיע איז געווען אין פאלאץ פון דעם ביסקופ, זיי זענען געזעסען אין דריי לעדערנע פאטער שטולען, פאר זיי איז געשטאנען א טיש און איבער זיי אויף דער וואנט זענען געווען דריי סטאטועז פון מינאס אקוס און ראדעמאנטוס, און א פלאץ צו זיצען פאר דעם באשולדיגטען, ביי זייערע פיס.

אורסוס איז אריינגעפיהרט געווארען פון א ערענסטען אבער זייער רוהיגען דינער. א קוקטוענדיג אויף זיינע ריכטער האט ער מאמענ־טאל, ביי זיך אין קאפ, זיי געגעבען נעמען פון ריכטער אין גהנים.

דער ערשטער דאקטאר, דער טעאלאג, האט איהם מיט א ציי־כען אנגעוויזען א פלאץ זיך צו זעצען. אורסוס האט זיך פארנויגט ווי מען דארף, דאס הייסט, ביז צום סאמע דיל, און וויסענדיג אז א בין האט ליעב האניג און א דאקטאר ליטיין, האט ער שטילערהייט געזאגט אין ליטיין: „איך באגרים די דריי גרויסע ריכטער“. און מיט א געבויגענעם קאפ איז ער צוגעקומען און זיך אוועקגעזעצט.

דער ערשטער האט אנגעפאנגען:

— דו האלסט עפענטליכע רעדעס?

— יע, ענטפערט אורסוס.

— מיט וואס פאר א רעכט.

— איך בין א פילאזאף.

— דאָס איז ניט קיין רעכט.

— איך בין א פּאַיאַץ.

— דאָס איז עפּעס אנדערש.

אורסוס האָט אָפּגעאָטעמט אבער דער דאָקטאָר האָט ווידער אָנגעפאנגען.

— ווי א פּאַיאַץ מעגסטו רעדען, אבער ווי א פילאָזאָף מוזטו שווייגען.

— איך וועל פּרובירען.

און פאַר זיך האָט ער געטראַכט: „איך קען רעדען אבער איך מוז האַלטען פאַרמאַכט די מויל.“

דער דאָקטאָר האָט ווייטער גערעדט:

— דו רעדסט לעסטערענדע ווערטער, דו רעדסט געגען רעליגיאָן, דו לייקענסט אַלע אמת'ען, דו פּראָפּאַגאַנדירסט פאַלשקייטען. דו זאָגסט אַז מיידעלשאַפט שליסט אויס מוטערשאַפט.

אורסוס האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען.

— ניט דאָס האָב איך געזאָגט, איך האָב געזאָגט אַז מוטערשאַפט שאַפט אָב מיידעלשאַפט.

דער דאָקטאָר האָט זיך פאַרטראַכט:

— אמת, עס איז דאָס געגענטייל.

עס איז געווען די זעלבע זאַך, נאָר אורסוס איז געוואָרען זיכערער.

דער דאָקטאָר האָט זיך פאַרטראַכט און עס האָט געהערשט א שטילקייט אין זאַל.

דאַן האָט דער צווייטער דאָקטאָר אָנגעפאַנגען:

— באַשולדיגטער, דיינע פעלערן זענען פון אַלע סאָרטען, דו האָסט אָפּגעלייקענט אַז די שלאַכט פון פאַרסאַליע האָט געקענט פאַרלאָרען געהן ווייל צעזאַר און ברוטוס האָבען אָנגעטראָפען א נעגער.

— איך האָב געזאָגט אַז עס איז אויך געווען דערפאַר, זאָגט אורסוס, וואָס צעזאַר איז געווען א בעסערער פיהרער.

— דו האסט אנטשולדיגט די אונמאראליטעט פון אקטאנען.

— איך דענק אז א מאן דארף ניט פארלירען זיין עהרע, ווייל ער האט געזעהן א נאקעטע פרוי.

— דאס איז פאלש, האט דער ריכטער שטריינג געזאגט.

דער ערשטער יאקמאר האט ווידער אנגעפאנגען צו ריידען:

— דו האסט געזאגט אז ארפימענט (די געלע סאלפאר פון אר־סעניק) איז איינע פון די ארסאנישע פראדוקטען, און אז מען קען זיך פאר'סמ'ען מיט אריפמענט. די ביבעל לייקענט דאס.

— די ביבעל לייקענט דאס, זאגט אורסוס, אבער ארסאניק בא־ווייזט דאס.

דער דריטער, וואס איז געווען א דאקטאר מעדיציז, און וועלכער איז ביז איצט געזעסען רוהיג האט זיך ארייגגעמישט, ער האט גע־זאגט:

— דער ענטפער איז ניט אויסערן וועג.

אורסוס האט איהם געדאנקט מיט א שמייכעל.

דער ערשטער האט פארטגעזעצט:

— דו האסט געזאגט אז א איד וואס ווערט א קריסט האט א שלעכטען גערוך.

— איך האב אבער צוגעגעבען אז א גוי וואס ווערט א איד, האט ניט קיין בעסערען.

דער דאקטאר האט געקוקט אין דעם באשולדיגונג דאקומענט.

— דו גלויבסט און פראפאגאנדירסט אונמעגליכע זאכען, דו האסט געזאגט אז עליען האט געזעהן ווי אן עלפאנד שרייבט.

— ניט אין גאנצען אזוי, מיין זעהר געהערטער הערר. איך האב בלויז געזאגט אז אפיאוס האט געהערט ווי א היפאפאטימוס דיסקו־טירט פילאזאפישע פראגען.

— דאס אלעס באווייזט א געוויסען גלויבען אין דעם טייפעל.

אורסוס האט געענטפערט:

— זעהר געערטער הער, איך לייקען ניט אז עס איז דא א טייר־פעל, דאס גלויבען אין טייפעל איז די צווייטע זייט פון גלויבען אין

גאָט. איינע באַווייזט די אַנדערע, דער וואָס גלויבט ניט אַביסעל אין טייפעל גלויבט ניט קיין סך אין גאָט. דער וואָס גלויבט אין דער זון גלייבט אויך אין שאָטען, דער טייפעל איז דער נאַכט גאָט, וואָס איז נאַכט דער באַווייז אויף טאָג.

אורסוסען איז געלונגען צו פאַרבינדען רעליגיע און פילאָזאָפיע דער דאָקטאָר האָט זיך ווידער פאַרטראַכט און עס האָט געהערשט א שטילקייט.

אורסוס האָט אָפּגעאָטעמט.

באַלד אָבער איז ער ווידער אַטאַקירט געוואָרען, דעם מאָל פון דעם דאָקטאָר וואָס האָט ניט לאַנג צוריק פאַרטיידיגט אורסוסען.

— עס איז באַוויזען געוואָרען אַז קרישטאָל איז פאַרפיינטע אייז און אַז דימענטען איז פאַרפיינטע קרישטאָל. עס ווערט געזאָגט אַז אייז ווערט קרישטאָל אין א טויזענד יאָהר און אַז פון קרישטאָל ווערט דימענט אין טויזענד יאָהרהונדערט. דו האָסט דאָס אָפּגעלייקענט.

— דורכאויס ניט. ענטפערט אורסוס. איך האָב בלויז געזאָגט אַז אין א טויזענד יאָהר קען נאָך די אייז צוגעהן און טויזענד יאָהרהונדערט איז פאַר א מענשען שווער צו רעכענען.

— דו האָסט אָפּגעלייקענט אַז פלאַנצען קענען רעדען.

— דורכאויס ניט. איך האָב בלויז געזאָגט, אַז אום צו רעדען דאַרפען זיי זיין אין שרעק.

דער צווייטער דאָקטאָר איז געוואָרען ערענסט.

— פּראַקטיצירסטו מעדיצין.

— יע, האָט אורסוס אָפּגעזיפצט.

— אויף לעבעדיגע ?

— בעסער ווי אויף טויטע.

אורסוס האָט געענטפערט אויף די פראַגען שטאַלץ אָבער העפליך, אַזוי העפליך אַז דער צווייטער דאָקטאָר האָט געהאַלטען פאַר נויטיג איהם צו באַליידיגען.

— וואָס פּעסטשעסטו דו ? האָט ער איהם גראָב געפרעגט.

אורסוס האָט זיך פאַרלאָרען און אויף'ן מאָמענט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען.

— פעסטשעז איז פאר יונגע און בורטשעז פאר אלטע. איך בין שוין אלט, איך בורטשע.

דער דאקטאר האט איהם שטריינג אנגעזאגט:

— זיי געווארענט, אויב א קראנקער מענש וועמעז דו וועסט קור־ירעז וועט שטארבעז וועסטו באשטראפט ווערעז מיט'ן טויט.

אורסוס האט זיך ערלויבט צו פרעגען א פראגע.

— און אויב ער וועט געזונט ווערען?

— אין דעם פאל, — האט דער דאקטאר געענטפערט ווייך מא־כענדיג זיין שטימע — וועסטו באשטראפט ווערען מיט טויט.

— דער אונטערשייד איז א גאנץ קליינער — האט אורסוס בא־מערקט.

דער דאקטאר האט ווייטער גערעדט.

— אויב דער טויט זינט ווערט די אונוויסענהייט באשטראפט, און אויב דער טויט ווערט באזיגט ווערט די השערה באשטראפט. איןביידע פעלע קומט הייגגען.

— איך האב די איינצעלהייטען ניט געוואוסט, איך דאנק פאר דער אינפארמאציע, ניט אלע ווייסען אלע גרויסקייטען פון געזעץ.

— היט זיך.

— רעליגיעז — האט אורסוס געענטפערט.

— מיר ווייסען וואס דו טוסט.

— איך, האט אורסוס געטראכט — ווייס מערסטע מאל אליין ניט וואס איך טו.

— מיר קענען דיר אריינזעצען אין געפיינגעניס.

— איך פארשטעה מיינע הערען.

— דו קענסט ניט אפלייקענען אז דיינע ווידערשפרוכען זענען פראפאגאנדע.

— מיין פילאזאפיע בעט אנטשולדיגונג.

— מענשען באשולדיגען דיר אין אונגעזעצליכקייטען.

— מענשען האבען א גרויסען טעות.

די דריי געלעהרנטע פנים'ער האבען זיך אויפגעהויבען, צונע־

גאַנגען איינע צו די אנדערע און עפּעס שטיל גערעדט. זיי זענען דאָרט געשטאַנען עטליכע סעקונדען. אורסוס האָט געוואָרפען אין היץ און אין קעלט. ענדליך האָט זיך איינער צו איהם אומגעקערט און א געשריי געטאָן:

— גענוג.

און דאַן האָט ער פאַרטגעזעצט:

—דו ביזט באַפרייט.

אורסוס האָט געזאָגט צו זיך.

— נאָך אמאָל וועלען זיי מיר שוין ניט כאַפּען. איך וועל זיך שוין אפּגעזעגענען מיט מעדיציז, און ער האָט צוגעגעבען:

— פון איצט אָן וועל איך ערלויבען מענשען צו שטאַרבען.

זי פאַרנייגענדיג צוויי מאָל איז ער הינטערווייליעכטס ארויסגע־גאַנגען.

פון דער געביידע איז ער ארויס לאַנגזאַם ווי אן אונשולדיגער מענש, קומענדיג אין גאַס האָט ער אנגעפאַנגען צו לויפען ווי א שול־דיגער, די ריכטער זענען אזוי אייגענאַרטיג אז אפילו ווען איינער איז אונשולדיג לויפט ער אויך.

אורסוס האָט זיך צוריקגעקערט צו דעם גרינעם קאַסטען און געזאָגט דעם הער ניקעלס אז ער איז מיד געוואָרען נאָכגעהענדיג נאָך א שעהנער פרוי, און מעהר צו קיינעם קיין וואָרט ניט געזאָגט.

---

## 30טער קאַפּיטעל.

די טאַדקאַסטער קרעטשמע איז געוואָרען מעהר און מעהר א מיטעלפּונקט פאַר פרייד און געלעכטער. קיין טומעל קען ניט זיין פרעהליכער. דער קרעטשמער און דער אינגעל האָבען ניט געקענט אנגיסען אזוי פיעל ביר און וויין און שנאַפּס וויפיעל מען האָט פון זיי פאַרלאַנגט. אין אבענט איז דער שיינק, וואָס איז געווען באַלויכטען

פון אלע זייטען, אזוי געפּאקט געווען אז עס איז ניט געווען קיין איין איבעריגער טישעל, מען האָט געטומעלט און געשריען און געליארעמט. פון ווייטענס האָט די קרעטשמע אויסגעקוקט ווי א הויז וואס ברענט.

אין הויף, דאס הייסט, אין טעאטער איז די מאַסע געווען נאָך גרעסער.

די איינוואוינער פון דער שטעדטעל איז דער „צורונענער כאָאָס" אזוי געפעלען געווארען, אז ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך אנגעפאנ־גען איז קיין מאָל ניט געווען קיין לעהר פּלאַץ. פון אלע פענסטער האָ־בען צושויער ארויסגעקוקט, דער באלקאן איז געווען געפּאַקט, מע: האָט ניט געקענט זעהן קיין שטיין אין הויף אזוי פיעל מענשען זענען דאָרט געווען.

נאָר די אפּטיילונג פאר דער אריסטאָקראטי איז געבליבען ליי־דיג.

דער ליידיגער פּלאַץ וואָס איז געווען אין מיטען פון באלקאן האָט דערפאר אויסגעזעהען, ווי א שווארצע לאָך. דאָרט איז קיינער ניט געווען, אומעטום געפּאקט און דאָרט ליידיג.

איין אבענט איז דאָרט אימיצער געווען.

עס איז געווען שבת, א טאָג ווען די ענגלענדער היילען זיך צו אמוזירען, ווייל זונטאג וועט זיי ווערען לאנגווייליג, דער טעאטער איז געווען געפּאקט.

אין דעם מאָמענט ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך פונאנדערגעני־מען צום פּראָלאָג פון „צורונענעם כאָאָס" אורסוס, האמא און גווינ־פּעלין זענען געווען אויף דער ביהנע, האָט אורסוס א קוק געטאָן אויף דאָס פּובליקום און האָט א ציטער געטאָן.

די אפּטיילונג פון דער אריסטאָקראטי איז פארנומען געווען.

א דאמע איז געזעסען אליין אין מיטען פון דער לאָזשע.

זי איז אליין געווען און האָט אויסגעפיהלט די לאָזשע.

מאנכע מענשען באזיצען ליכט. די דאָמע, ווי דיא האָט געהאט דעם גלאַנץ, אבער עס איז אנדערש געווען. דיא איז געווען בלייך, די דאָמע האָט געהאט קאָליר אין פּנים, דיא איז געווען פריהמאָרגען, זי איז געווען זונענשיין, דיא איז געווען שעהן, זי איז געווען וואונדער־

באַר, דיא איז געווען אונשולדיג, אָפּענהערציג, ווייסהייט, אַליבאַס. טער, די דאַמע איז געווען פּורפּור און מען האָט געזעהן אַז זי האָט ניט מורא פאַר אַ רויטען שימער.

איהר גלאַנץ האָט פאַרפלייצט די גאַנצע לאָזשע. זי איז געזעסען באַוועגלאָז אין מיטען אין אַן אונבאַשרייבליכע פּאָזע פון אַ געטין.

פון דער גרויסער מאַסע האָט זי אַרויסגעשיינט, זי האָט אַלעמען באַשטראַלט אַזוי אַז זיי האָבען אויסגעזעהן ווי שאָטענס. זי האָט זיי אַלעמען פאַרשטעלט.

אַלע האָבען אויף איהר געקוקט.

טאָם-זשים-דזשעק איז געווען צוזאַמען מיט דער מאַסע, ער איז ווי אַלע אַנדערע געווען אין שאָטען, קיינער האָט איהם ניט באַמערקט.

די דאַמע האָט אַזוי צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון דער מאַסע, אַז זי האָט פון אָנפאַנג קאָנקורירט מיט דער פאַרשטעלונג און האָט געשאַדט דעם עפעקט פון די ערשטע סצענעס.

פאַר'חלום'ט ווי זי איז געווען, איז זי אָבער לעבעדיג געווען צו די וואָס זענען נאָהענט געווען צו איהר. זי איז נאָך געווען צופיעל פרוי, זי איז געווען הויך און שלאַנק, זי האָט געטראָגען גרויסע איי-רינגלעך פון פּערעל, וואָס זענען געווען געמישט מיט דימענטען וואָס זענען באַקאַנט ווי „די שליסלען פון ענגלאַנד“. אַ גרויסע דימענטענע שפּילקע איז געווען ואיף איהר קלייד גלייך איבער איהר ביוסט. כמעט ווי איבער איהר גאַנצען קערפּער האָט זי געטראָגען קאָסטבאַרע שטיי-נער. צו דעם רעכענט צו איהרע ברעמען, באַשוואַרצט מיט אינדישע טינט, און איהרע אַרעמס, עלענבויגען, די ליפּען, איהרע הענט ביז די שפּיצען פון איהרע פינגער שאַרפער געמאַכט מיט ווייסען און אַביסעל ראָזעווען פאַרב.

און מעהר פון אַלעס אַז אונגעהויערע לוסט צו זיין שעהן, און זי איז דאָס געווען ביז ווילדקייט. איינע פון איהרע אויגען איז געווען בלוי און די אַנדערע שוואַרץ.

גווינפּעלין, ווי אורסוס האָבען געקוקט אויף דער פרוי.

די גרינע קאַסטען האָט געהאַט אַ פאַנטאַסטישען אויסזעהן, „צור-

רונענער כּאָס" איז געווען מעהר טרוים ווי פּיעסע: זיי זענען איינ־געוואוינט געווען צו מאַכען דעם איינדרוק פון א וויזיאָן, דעם מאָל האָבען זיי געזעהן א וויזיאָן און זיי זענען געווען פאַרוואונדערט, זיי זענען געוואָרען די צושויער.

די דאַמע האָט אויף זיי געקוקט און זיי אויף איהר.

קיין דעטאַלען האָבען זיי ניט געקענט זעהן, צו ווייט זענען זיי געווען און די ליכט איז געווען אויף זיי. דאס איז געווען ווי אַן אַלוציגאַציע.

אורסוס, גווינפּלען, ווינאַס, פיבי, די מאַסע, אַלע האָבען גע־פיהלט דעם איינדרוק וואס זי האָט אויף זיי געמאַכט, אויסער דיא, זי האָט איהר ליכט ניט געזעהן.

עס איז געווען עטוואס גייסטערהאַפטעס אין איהר אנוועזענהייט: נאר קיין איינע פון די פאָרשטעלונגען וואָס ווערט געוועהנליך ארויס־גערופען פון דעם וואָרט איז ניט פארווירקליכט געוואָרען, עס איז געווען א פרישע, ראַזעווע געזונטע ערשיינונג. און דאך אין דער אָפּ־טישער לאַגע אין וועלכע אורסוס און גווינפּלען זענען געווען איז דאָס געווען ווי א וויזיאָן, פליישיגע ערשיינונגען, מען רופט זיי וואַמ־פּירען, זענען דא אויף דער וועלט, אזא און אזא שעהנע קעניגין וואס איז אויך ווי אַן ערשיינונג פאר'ן פאָלק. פארשלינגט דרייסיג מיליאָן א יאָהר וואָס זי נעמט פון דער ארימער באַפעלקערונג זעהט אוים אזוי ווי זי.

הינטער דער דאַמע אין שאָטען איז געשטאַנען איהר פּאזש, א קליינער, קינדערשער מאַן, ווייס און שעהן מיט אַן ערענסטען אויס־זעהן. א זעהר יונגער און זעהר ערענסטער דינער איז אין יענער צייט געווען אין מאָדע. דער פּאזש איז געווען געקליידעט אין רויטען סאַ־מעט און אויף זיין האַלז, אויף זיין באַזוימטער היט איז געווען א בינ־טעל פעדערן, וואָס איז א סימן פון הויכער דינערשאַפט, און עס באַ־ווייזט אז דאָס איז א לאַקיי ביי א זעהר גרויסער דאַמע.

זי איז געווען אליין, דער יונגער שעהנער פּאזש זייענדיג א די־נער רעכענט זיך ניט.

ווי שטאַרק דער איינדרוק פון דער פּערזענליכקייט איז ניט גע־

ווען, איז אָבער די שלום סצענע פון „צורונגענעם כאַאָס“ נאָך שטאַר־קער געווען. מען האָט זיך פון דעם איינדרוק, ווי אַלע מאָל, ניט גע־קענט באַפרייען, אפשר האָט נאָך די אַנוועזנהייט פון דער דאַמע צוגעגעבן פייער צו דער פאָרשטעלונג, מען האָט זיך נאָך מעהר ווי אַלע מאָל אַנגענומען גווינפּלען׳ס געלעכטער, דאָס גאַנצע פּובליקום איז צושפּרונגען געוואָרען פון געלעכטער, דער טומעל איז געווען אי־בערראַשענד, צווישען די אַפּלאָדירער האָט מען געקענט באַמערקען טאָם־זשים־דזשעקען.

די אונבאַקאַנטע דאַמע וואָס האָט געקוקט אויף דער פאָרשטע־לונג ווי אַן אונבאַוועגליכע סטאַטוע איז געווען די איין איינציגע וואָס האָט ניט געלאַכט.

א גייסט אבער ניכטער.

די פאָרשטעלונג איז געווען געענדיגט, די ברעט אַראָפּגעלאָזען און אין דער גרינער לאַסטען איז ווידער שטיל געווען. אורסוס האָט גענומען און אויסגעליידיגט אויפ׳ן טיש די איינאַמע.

די איינאַמע איז באַשטאַנען פון א מאַסע פּענים צווישען וועלכע עס האָט זיך אַראָפּגעקייקעלט א גאָלדערנער ספּאַנישער דובלאָן.

„זי“, האָט אורסוס אויסגערופען.

דער דובלאָן צווישען די אַלע פּענים איז געווען ווי זי אַליין צווי־שען דער מאַסע.

„זי האָט באַצאָהלט א דובלאָן פאַר איהר פּלאַץ“, האָט ווידער אורסוס אויסגערופען.

אין דעם מאָמענט איז דער קרעטשמער אַריינגעקומען אין דעם גרינעם קאַסטען האָט צוגעפיהרט אורסוסען צום פענסטער דורך וועל־כען מען האָט געקענט זעהן א קאַרעטע מיט א לאַקיי אָפּפאָהרען.

אורסוס האָט געוויזען דעם קרעטשמער דעם דובלאָן און אויס־גערופען „זי איז א געטין.“

דאַן האָט ער א קוק געטאָן אויף דער קאַרעטע, וואָס האָט זיך פונקט דאַן אויסגעקירעוועט און ער האָט דערזעהן דעם גאָלדענעם קאַרנעט מיט אַכט בלעטער, האָט ער אויסגעשריען.

„זי איז מעהר, זי איז א הערצאגין.“

די קארעטע איז אוועקגעפאהרען. דער קלאנג פון די רעדער איז אפגעשטארבען.

אורסוס איז געבליבען זיצען אין עקסטאז פאר עטליכע סעקונדען האלטענדיג דעם דובלאן צווישען זיינע פינגער.

דאן האט ער איהם אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש, און גענומען רעדען פון דער מאדאם. זי איז געווען א הערצאגין. יע, איהר טיטול איז באקאנט, אבער איהר נאמען? דאס האבען זיי ניט געוואוסט.

דער קרעטשמער וואס האט זיך גוט צוגעקוקט צו דער קארעטע נאך פריהער האט זיי איצטער דערצעהלט וועגען דעם גלאנץ און רייכטום. ער האט אלעס אויסגערעכענט, דערצעהלט ווי זי זעהט אויס. איהר האלז, איהרע ארעמס, איהרע שולטערן, איהרע האר געפוידערט מיט גאלד, די צירונג, רובינען און דימענטען.

„ניט אזוי שעהן ווי איהרע אויגען“, האט אורסוס געזאגט.

גווינפלין האט געשוויגען.

דיא האט זיך איינגעהערט.

„און דו ווייסט וואס די ערשטוינענסטע זאך איז געווען?“ האט דער קרעטשמער געפרעגט.

— „וואס?“

„אז איך האב איהר געזעהן אריינגעהענדיג אין קארעטע.“

„נו איז וואס?“

„זי איז ניט אריין אליין.“

„מע“

„אימיצער איז מיט איהר אריין.“

„ווער?“

„טרעף.“

„דער קעניג.“

„ערשטענס“ האט ניקעלס געזאגט, „האבען מיר אין ענגלאנד איצט ניט קיין קעניג. טרעף ווער עס איז מיט דער הערצאגין אריין אין דער קארעטע.“

„יופּיטער.“

דער קרעטשמער האָט געענטפערט:

„טאָם־זשים־דזשעק.“

גווינפּלין וואָס האָט נאָך ביז איצט קיין וואָרט ניט גערעדט האָט אויסגערופען:

„טאָם־זשים־דזשעק!“

אַן ערשטוינענדע פּאַזע האָט געהערשט און דיא האָט שטילער־הייט געפרעגט:

„קען מען ניט פאַרווערען דער פרוי פון קומען אהער?“

---

## 31טער קאַפּיטעל.

„די ערשיינונג“ האָט זיך מעהר ניט צוריקגעקערט:

זי איז מעהר ניט געקומען אין טעאַטער, אבער זי איז יע געקו־מען אין גווינפּלין'ס געדאַנק.

גווינפּלין איז אונרוהיג געוואָרען, ביז א געוויסען גראַד.

עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער האָט איצט געזעהן א פרוי דעם ערשטען מאָל אין זיין לעבען.

באַלד איז ער באַהערשט געוואָרען פון מאָדנע חלומות. א מענש דאַרף זיך היטען פאַר טרוימען וואָס באַהערשען איהם. דער טרוים איז פאַר'ן געדאַנק וואָס דער פּערפום איז פאַר דער טיי בלום, דער טרוים פאַרברייטערט זיך אין אונז און נעמט ארום אונזער גאַנצען וועזען ווי א שלאַנג. מען קען זיך מיט טרוימען פאַרגיפטען פּונקט ווי מען קען פאַרגיפטען בלומען. פאַר'שכור'ענדער זעלבסטמאָרד, עס ווערט אַן אונגליק אויף'ן גאַנצען לעבען.

שלעכטע געדאַנקען זענען זעלבסטמאָרד פאַר דער נשמה, אין

דעם ליגט די גיפט. טרוימען ציהען צו פארשלעפערן, פאר׳שכור׳ן און דאן קען מען א פארברעכען באגעהן. עס באצויבערט און דאן קארופּ־טירט עס אונז, ווענען טרוימען קען מען זאגען דאס זעלבע ווי ווענען קארטען שפּיל, מען פאנגט אן ווי א נאר און מען ענדיגט ווי א שקלאף.

גווינפּלען איז געווען פאר׳חלומ׳ט.

ער האט נאך קיין מאל ניט געזעהן קיין פרוי.

דעם שאטען האט ער געזעהן ביי אלע פרויען פון פאלק, ביי דיאן האט ער די נשמה געזעהן.

און איצט האט ער געזעהן איהר ווירקליכקייט.

א ווארימע לעבעדיגע הויט, אונטער וועלכע רויטע בלוט איז געפלאסען, א טראציגער פּנים וואס וויל פון געדאנק ניט ארויס, צוציהענדיג און ענטזאגענדיג, פארוואס שפּיגעלט זיך אפּ ווי פון פייער, קליידער וואס האבען דעם גאנצען קערפּער ווי נאקעט געלאזען, און וואס האט ערוועקט אן אונריינעם פארלאנג צו באזיצען. א צוזאג פאר די חושים און א דראנג פאר׳ן געדאנק, א צווייזייטיגע אונרוהיגקייט איינע פון פארלאנגען די צווייטע פון שרעק. ער האט דאס איצט געזעהן ער האט איצט געזעהן א פרוי.

ער האט איצט געזעהן מעהר ווי דאס פרויענליכע. ער האט איצט געזעהן דאס ווייבליכע.

די געהיימנים, געשלעכט, האט אויפגעוואכט אין איהם.

און אין דער זעלבער צייט, אלימפּישעס.

א פרוי פון די געטער.

און וואו איז דאס אונדערגרייכבארע.

אין א געוואלדיגער ווייטקייט.

אירדישער שיקזאל, די נשמה, די ריינקייט, האט ער געהאט, געהאלטען אין זיינע הענט. דאס איז געווען דיא. דאס סעקזועלע, דאס ערדישע האט ער געזעהן אין די ווייטסטע טיפקייטען פון הימעל. עס איז געווען די פרוי.

א הערצאגין.

„מעהר ווי א געטין", ווי אורסוס האט געזאגט.

וואס פאר א טיפער אפּגרונט־!

די פאַנטאַזיע אַליין דערשרעקט זיך פאַר דער ווייטקייט.

האָט ער געהאַלטען ביין באַגעהרן די נאַרישקייט פון טרוימען וועגען דער פרעמדער — ער האָט געקעמפט געגען דעם.

ער האָט זיך דערמאָנט אַלעם וואָס אורסוס האָט איהם געזאָגט וועגען דעם קעניגליכען לעבען, דעם פילאָזאָפס אונטערזוכונגען וואָס זענען נוצלאָז געווען פאַר איהם. גאַנץ האָפט ליגט אין אונזער ערי־נערונג האַלב פאַרגעסענע זאַכען פון וועלכע מיר דערמאָנען זיך פון צייט צו צייט; ער האָט זיך פאַרגעשטעלט די וועלט וואו די לאָרדען לעבען, צו וועלכע רדי פרוי האָט באַלאַנגט, און פאַראַכטעט די פּראָס־טע וועלט צו וועלכער ער האָט באַלאַנגט. און איז ער אפילו געווען פון פאָלק? א פּאַיאַץ איז דאָך נאָך נידעריגער, דעם ערשטען מאָל זינד ער איז אַלט געוואָרען צו פאַרשטעהן האָט ער דערפיהלט דעם פאַר־דרוס פון זיין נידעריגקייט, וואָס מיר וואָלטען אָנגערופען ערנידערונג. די בילדער וואָס אורסוס האָט פאַר איהם געמאָלען, זיינע ענהוזיאַס־טישע לויב לידער, באַזינגענדיג זייערע פּאַלאַצען, שלעסער, גערטנער און פאָנטאַנען, זייער באַזיץ פון רייכטום און מאַכט, איז איצט דורכ־געגאַנגען דורך גווינפּעלינ׳ס געדאַנק, די הויכקייטען האָט איהם פאַר־פּאָלגט, אז א מענש קען זיין א לאָרד האָט אויסגעזעהן ווי אן איינ־רעדעניש, און דאָך איז דאָס אַזוי, עס איז אונגלויבליך אבער עס זענען דאָ לאָרדען. אבער זענען זיי פון פליישׁ און בלוט ווי מיר? דאָס איז צווייפעלהאַפט. ער האָט געפיהלט ווי ער אַליין איז אין אַפּגרונט, א וואַנט אַרום איהם, און אויבען אין דער ווייטסטער הויך איבער זיין קאָפּ, איז ווי די עפענונג פון א ברונעם, איז זי געווען, אונ־דערגרייכבאַר.

עס איז געווען מאָדנע אבער אַזוי האָט ער געפיהלט; דאָ נאָ־הענט צו איהם, וואָס ער קען דערגרייכען און אַננעמען מיט׳ן האַנט. אין דער אָרימער ווירקליכקייט איז די נשמה, נאָר דאָרטען ווייט אין דער אידעאַלער וועלט וועלכע ער קען ניט דערגרייכען איז דער קער־פּער, פליישׁ.

אָט די אַלע געדאַנקען זענען ניט געווען קלאָר ביי איהם, ווי פון א טומאַן פאַרשטעלט, דאָס האָט יעדען מאָמענט זיין צושטאַנד געענ־דערט, אבער די פינסטערניש איז געווען א טיפע.

אלענפאלס די אידעע אז דאס קען מען דערגרייכען איז קיין מאל ניט געקומען צו איהם. ער האט קיין פלענער ניט געמאכט אפילו ניט אין חלום, ווי מען קען צוקומען צו דער הערצאגין.

נאך מעהר: וועט ער ווען עס איז נאך אמאל זעהן די פרוי? ווארשיינליך ניט. אפילו משוגעה'ס געהט ניט אזוי ווייט ווי זיך צו פארליעבען אין א שימער וואס האט פארבייגעגלאנצט דער האריזאנט. מען קען פארשטעהן, אויב נויטיג ווי מען קוקט ביינקענדיג אויף א שטערען, מען זעהט עס נאך אמאל, עס ערשיינט ווידער, עס איז איי־ביג, אבער קען מען זיך פארליעבען אין א בליץ?

ער האט דערפיהלט דאס וואקלען פון די טרוימען. די אידיליע פון דער לאזשע איז דונקעלער געווארען. ער האט געטראכט פון איהר, ניט געטראכט זיך פארנומען מיט אנדערע זאכען, זיך צוריק אומגע־קערט צו איהר, ער האט געפיהלט א וואקעלדיגקייט ניט מעהר.

צוליעב דעם האט ער א סך נעכט ניט געשלאפען, שלאפלאזיגקייט איז אזוי פול מיט טרוימען ווי דער שלאף.

עס איז כמעט אונמעגליך צו ערקלערען פינקטליך די אפסטראק־טע אנטוויקלונג וואס קומען פאר אין אונזערע געהירען, די אונבאק־וועמליכקייט פון ווערטער ליגט אין דעם וואס זיי קענען ניט מעהר ווי באצייכענען און אנדייטען, ניט ווייזען. אויסדריקע זענען די גרע־נעצען, דער געדאנק ווייס ניט פון גרענעצען.

וואס איז פארגעקומען אין גווינפלינען, האט גאר ניט אנגע־ריהרט דיאן, דיא איז פאר איהם געווען דער מיטעלפונקט פון זיין געדאנק און היילינ, קיין זאך קען איהר ניט באריהרען.

די ווידערשפרוכען שטעלען צונויף די מענשליכע נשמה. א קאמף איז אין איהם אנגעגאנגען, האט ער געוואוסט דערפון? כמעט ווי ניט.

צוויי אינסטינקטען, אייגער אן אידיאלער דער צווייטער אן ער־דישער. האבען געקעמפט אין איהם. אזא קאמף קומט פאר אויפ'ן בריק פון אפגרונט צווישען דעם מלאך פון ליכט און דעם מלאך פון פינס־טערניש.

ענדליך איז דער מלאך פון פינסטערניש אראפגעווארפען געווא־רען.

איין מאָל, גאָר פּלוצלונג האָט גווינפּעלין אויפגעהערט טראַכטען וועגען דער מאַדנער פּרוי.

דער קאַמף צווישען ליכט און פינסטערניש איז פאַרגעקומען אין די טיפסטע ווינקלעד פון זיין נשמה, אזוי אז ער אליין האָט דאס גוט ניט פארשטאַנען.

איין זאַך איז זיכער. ער האָט קיין מאָל ניט אויפגעהערט ליעבען דיאַן.

די אונאָרדנונג האָט אין איהם עקזיסטירט און איז געווען טיף איינגעוואָרצעלט, זיין בלוט איז ווי אין פיבער געווען, אבער ווען דאָס איז אריבער, איז דיא אליין געבליבען פאַר איהם.

גווינפּעלין וואָלט געווען שטאַרק פארוואונדערט ווען מען זאָל איהם זאָגען אז דיא איז אויף איהם געווען אין כעס.

אין צייט פון א וואָך אדער צוויי האָט די ערשיינונג וואס האָט געלויערט איבער די צוויי נשמות, פארשוואונדען.

אין גווינפּעלינען איז געבליבען די הארץ וואָס וואָרעמט און ליעבע דער פלאַם, ניט מעהר.

נאָך מעהר ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, „די הערצאָגין“, איז שוין מעהר ניט געקומען.

אורסוס האָט דאָס געהאַלטען פאַר גאַנץ נאַטירליך, „די ליידי פון דעם דובלאַן“ איז אַן ערשיינונג. זי קומט אריין באַצאָהלט און פארשווינט.

און דיא האָט אפילו קיין באַמערקונג ניט געמאַכט וועגען דער פרוי וואָס איז שוין מעהר ניט דאָ, זי האָט זיך וואַרשיינליך איינגע־הערט, און זי האָט וואַרשיינליך א סך פארשטאַנען פון אורסוסעס זיפצען, און פון צייט צו צייט פול באַדייטענדע גלייכוועדטלעך ווי: „ניט אַלע טאָג קריגט מען גאָלד“ און נאָך אזעלכע, וואָס האָבען איהר קלאָר געמאַכט די לאַגע.

אָבער איצט איז שוין דער אינצידענט פארגעסען געוואָרען.

איז אַלעס געווען ווי פריהער? האָט מען געקענט זאָגען אז א שאָטען האָט געשוועבט צווישען דיא'ן און גווינפּעלינען? דיא האָט דערפון ניט געוואוסט און גווינפּעלין אויך ניט. ניין, עס איז גאָר ניט

געוועז. די הערצאגין איז פארשוואונדעז ווי אן אילוזיע, עס איז ניט געוועז מעהר ווי טרוימעז פון גווינפעלינעז, און פון וועלכע ער איז שוין ארוים, דאס פארשווינדעז פון טרוים ווי דאס פארשווינדעז פון נעבעל לאזט ניט איבער קיין סימן. ליעבע ווערט ניט פארמינדערט אין הארצעז ווי די זון ווערט ניט פארמינדערט אין הימעל.

---

## 32טער קאפיטעל.

נאך איינער וואס איז פארשוואונדעז געווארעז איז געוועז טאם־זשים־דזשעק. ער האט מיט אמאל אויפגעהערט צו קומעז.

די מענשעז וואס זענעז אביסעל באקאנט מיט דעם לעבעז פון דער העכערער געזעלשאפט, האבעז געווים באמערקט אין דער „וועכענטליכער גאזעט" א קורצע באמערקונג אז דער לארד דעוויד דירי מורא האט געמוזט אפפאהרעז אויף דעם פארלאנג פון דער קעניגין.

אורסום האט באמערקט אז טאם־זשים־דזשעק קומט ניט מעהר, און עס האט איהם שטארק פארדראסעז. ער איז מעהר ניט געקומעז זינט יענעם טאג ווען ער איז אפגעפאהרעז מיט דער הערצאגין, ס'איז געוועז א מאדנע רעטעניש, טאם־זשים־דזשעק זאל אוועקטראגעז א הערצאגין אין זיינע הענט, וואס פאר א וואונדערבארער פאל, וויפיל פראגעז מעז קעז שטעלעז, וויפיל קעז מעז דערפון רעדעז? דערפאר האט אורסום גאר ניט געזאגט.

דער קרעטשמער איז אויך געוועז פארוואונדערט און איין מאל האט ער צו אורסוסעז געזאגט.

„מיר זעהעז דא שוין ניט מעהר טאם־זשים־דזשעק'ן".

„ווירקליך". האט אורסוס געזאגט. „איך האב דאס גאר ניט באמערקט."

אורסוס איז אבער געווען צופיעל קינסטלער, איהם זאָל ניט פעהלען אזא פאַרעהרער ווי טאַם־זשים־דזשעק. ער האָט געפיהלט אביסעל ענטוישט, און איין מאָל האָט ער זיך מיט האמאן געטיילט זיין פאַרדרוס:

„זינט טאַם־זשים־דזשעק קומט ניט מעהר פיהל איך א פוסטקייט ווי א מענש און א קאַלטקייט ווי א דיכטער."

דער אויסרעדען זיך פאַר א פריינט האָט איהם אביסעל באַרו־היגט.

פאַר גווינפּעלינען האָט ער גאַרניט גערעדט.

אויף גווינפּעלינען האָט די אבוועזענהייט פון טאַם־זשים־דזשעק'ן גאַר קיין איינדרוק ניט געמאַכט. ער איז געווען צופיעל פאַרנומען מיט דיאַן.

גווינפּעלין האָט שוין אין גאַנצען פאַרגעסען, דיא האָט גאַר קיין אהנונג ניט געהאַט וואָס עס איז פּאַרגעקומען, זי האָט ניט געוואוסט וועגען דער פאַרשווערונג וואָס איז געמאַכט געוואָרען געגען דעם מענש וואָס לאַכט. זיי האָבען ביידע געלעבט צוזאַמען איינע מיט דעם אנ־דערען און פאַר דעם אַנדערען.

אורסוס האָט באַטראַכט די ליעבע פון דעם שטאַנדפּונקט פון א דאָקטאָר, ער פלעגט קוקען אויף דער בלייכער, מאָגערער דיאַן און פלעגט זאָגען:

„ס'איז א גליק וואָס זי איז גליקליך."

און אַנדערש מאָל פלעגט ער צוגעבען:

„גליק איז גוט פאַר איהר געזונט."

די מאַסע איז אַליץ געקומען זעהן די פאַרשטעלונג. דער ערפאָלג פון דעם מענש וואָס לאַכט, האָט אויסגעזעהן וועט זיך קיין מאָל ניט ענדיגען. עס איז שוין מעהר ניט געווען סאַוטוואַק אליין וואָס איז אהין געגאַנגען, נאַר גאַנץ לאָנדאָן. דאָס פּובליקום איז שוין געוואָרען א געמישטער, שוין ניט מעהר געווען בלויז ארבייטער און מאַטראָזען. הערר ניקעלעס מיינונג איז געווען אז עס קומען א סך מענשען פון דער העכערער געזעלשאַפט, נאַר פאַרשטעלט. פאַרשטעלען זיך איז א פאַר־

געניגען און דאן איז עס געווען אין דער מאָדע, דאָס וואָס די אריס־טאָקראַטי איז געקומען איז געווען א גוטער סימן, עס האָט באדייט אז דער ערפאָלג וועט זיין א דויערענדער, וועגען דעם מענש וואָס לאַכט האָט מען אומעטום איצט גערעדט אפילו אין דעם „מאלאַך קלוב“, דער פלאץ פון די לאָרדען.

אין דעם גרינעם קאסטען האָט מען דערפון גאר ניט געוואוסט. זיי האָבען זיך באנוגענט מיט זייער גליק. דיאס פארגעניגען איז באַשטאַנען אין אָנריהרען די באוואקסענע קאָפּ פון גווינפּלענען יעדען אבענט. אין ליעבע איז אלעסדינג געוואוינהייט. דער גאנצער לעבען באשטעהט אין דעם. דער אויפשיינען פון די שטערען יעדען אבענט איז א געוואוינהייט פון דעם אוניווערז. די באשאפונג איז ניט מעהר ווי א ליעבענדע פרוי און די זון איז דער געליעבטער.

די וועלט האלט זיך אין א געוויסער מאָס אויף ליכט.

דיא האָט געפיהלט די ליכט פון דער זון ווען זי האָט ארויפגעלייגט איהרע הענט אויף גווינפּלעינ׳ס קאָפּ.

צו זיין צוויי מענשען וואס פארגעטערען זיך איינע די אנדערע וואָס ליעבען זיך, אין דער אייביגער שטילקייט, דערפאר דארף מען אוועק געבען די גאנצע אויביגקייט.

איין מאָל אין אבענט נאָכ׳ן ספּעקטאַקעל האָט זיך גווינפּלעין געמאכט זיין געוועהנליכען שפּאציר אויפ׳ן גרינעם פלאץ, ער איז געווען פול אנגעלאָדען מיט זיין גליק, ווי שכור פון א שאַרף געוויר־ציגען ריח, ביז צום שמערצען. די נאַכט איז געווען שווארץ און דורכ־זיכטיג: שטערען האָבען קלאָר געפינקעלט, דאָס גאנצע מארק־פעלד איז געווען וויסט און לעהר, נאר איין ליכטעל האָט געברענט: דאָס לאמטערנעביין אכסאניא, ביי האלב אפענעם טירעל, ווארטענדיג אויף גווינפּלעינען.

אין אלע פינף גלאָגען טורמעס פון סאוטוואקער קירכע, האָט נאָר וואָס געשלאָגען צוועלף. יעדער גלאָק מיט אן אנדער קלאַנג און ניט צו דער זעלבער צייט.

גווינפּלעין האָט געטראכט פון דיאן, פון וועמען דען זאָל ער

טראכטען ? אין דעם אבענט איז ער אָבער געווען אנדערש ווי געוועהנ־ליך, משונה מטושטיש, מיט א סאָרט פיינליכער אנטציקונג האָט ער פון איהר געטראכט, ווי א מאנסביל טראכט פון א פרויענצימער, ער האָט זיך דאָס פֿאַרגעוואָרפען, דאס האָט ניט געפאסט פארביידען, די טעמפּע, רויע אַטאַקע אין דעם מאַן האָט זיך ביי איהם אָנגעהויבען. זיסע און געוואַלדיגע אונגעדולד, ער איז אריבער דעם אונזיכבארען גרעניץ: פון דער זייט איז די מיידעל פון יענער — די פרוי. ער האָט זיך אליין אונרוהיג געפרעגט, ער האָט געהאט דאס וואָס מען קען אָנרופען: איינוויינייג רויט ווערען פון בושה.

דער אמאָליגער גווינפּעלין האָט זיך אליין ניט וויסענדיג פאר־ענדערט: ער איז מענעריש געווארען, דאס שטילער און אונוויסענ־דיגער בחור'ל, האָט דערשפּירט אז ער ווערט אונרוהיג און צורודערט, מיר האָבען צוויי אויערען: איינס א ליכטיגען וואו דער גייסט רעדט, איינס א פינסטערען וואו דער אינסטינקט רעדט, אין יענעם לינקען אויער האָבען איהם אונבאקאנטע שטימען מיטגעגעבען, ביי א יונגען מאַן וואָס טרוימט פון ליעבע, ווי ריין ער זאָל ניט זיין, קומט עפּעס ממשות'דיגעם פאר און שטעלט זיך ווי א וואַנט צווישען איהם און זיין חלום. די באגערען פארלירען זייער לויטערקייט, די נאַטירליכע נייגונ־גען, וואָס מען האָט ביז איצטער פארלייקענט, פאדערן זייער רעכט. גווינפּעלין האָט דערשפּירט א ריין קערפּערליכען פארלאנג, וואָס האָט כמעט אין גאנצען געפעהלט ביי דיאן, און זיין פיבער, היץ וואָס ער האָט אליין גערעכענט פאר אומגעזונט, האָט ער זיך פארגעשטעלט דיאן אין גאר אן אנדער געשטאלט, געפּרובירט צו פארענדערען די איי־דעלע פארמען פון א מלאך, אין א מגושמ'דיגע ווייבליכע פאָרמע.

דאס ביזטו ווייב ווען מיר דארפען !

פון צופיעל גן־עדן דערגרייכט די ליעבע דערצו, אז עס ווערט איהר שווין איבערדריסיג. די צניעות'דיגע ליעבע ווערט א געשייטער חשק, וואָס דארף דאָס פיבערהאפטע הויט דאס צאפּעלדיגע לעבען. דעם עלעקטרישען קוש, וואס ברענט אויס אן אייביגען שפּור ניט אפּ־צומעקען, דאס ארומנעמען און האלזען איז נויטיג: דאָס הימלישע ליעבע איז שליסליך, ברען מאַטעריאל אין פייער, די פלאם ליידעט דערפון. דיא — א פרוי צו באקומען, צו האָבען. גווינפּעלין האָט גע־

האט דעם זיס פיינליכען קאשמאר פון סוד היצורה, א ווייב! עס האט זיך טיף געהערט דאס דאזיגע אויסגעשריי פון דער נאטור, אין דעם באהעלטעניש פון זיין גייסט פלעגט ער איבערשטרייכען דיאס פיגורליינס — קאנטורען וואס זענען צו הימליש און ניט גענוג גן־עדנ׳דיג: ווייל גן־עדן איז חוה: און חוה איז געווען א פרוי, א ווייב — די מוטער חוה, א געבענשטער בויך מיט דורות מענשען, א קוואל פון מוטער מילך, ניט אויסצושעפען, ביים וויגעלע פון דער נייגעבארענער מענשהייט, און וואו א ברוסט איז ניט שייך קיין פליגלען, יונגפרויליכקייט איז ניט מעהר ווי האפענונג אויף מוטערשאפט. אין גווינפעלינס מיראזש איז דיא ביז איצט געשטאנען העכער ווי דער קערפער, אין דעם איפגערעגטען מאמענט נאר האט ער איהר אין געדאנק בלויז אראפגעלאזען נידעריגער, און ער האט געצויגען דאס רויטע שנירעל, דאס געשלעכט. וואס האלט אלע פריילינגס צוגעבונדען צו דער ערד, קיין איינציגע פון די אלע פויגעלעך האט ניט קיין קרעפטען זיך אפ־צורייסען דערפון. דיא איז אויך ניט געשטאנען אויסער דעם אלגעמיינעם געזעץ, און גווינפעלין האט אונבאוואוסט געהאט דעם אונבאשטימטען ווילען: זי זאל זיך אונטערגעבען דעם נאטור געזעץ. דאס דאזיגע ווילען איז צו איהם געקומען אונגערען און ער האט זיך דערמיט געראנגעלט, ער האט זיך פארגעשטעלט דיאן — מענשליך, א משונה׳דיגע אידעע, דיא — א באשעפעניש שוין ניט בלויז פון עקסטאז, נאר אויך פון וואויל לוסטיגקייט, דיא — מיט׳ן קאפ אויפ׳ן קישען און ער האט זיך געשעהמט מיט אזעלכע פאנטאזיעס; זיי האבען איהם אויסגעוויזען ווי ווילדע פראפענאציע, ווי פרעכע לעסטערונג פון זיין אייגענעם הייליגטום, ער האט זיך געפרובירט אפקערען און איז ווידער צוריק דעראויף געקומען. ער האט געפיהלט אז ער טוט אז ארבע עקירה בלויז מיט זיין צולאזענער פאנטאזיע, דיא איז פאר איהם געווען א וואלקען קומט ער צוגעהן און פארבייט דעם וואלקען, ווי ער וואלט פארביטען א העמד!

עס איז געווען חודש אפריל.

ער האט געשפאנט גלאט אין דער וועלט אריין מיט דעם צוטראגענעם פלאטערן, וואס מען האט ביז התבודדות, די איינזאמקייט העלפט מיט צו פארשמארקערען די פיבער־היץ, וואוהין איז זיין געדאנק געגאנגען? ער וואלט זיך ניט דערוועגט צו זאגען עס זיך אליין.

אין הימעל? ניין אין בעט אריין און איהר שטערן אין הימעל זאָל עס צוזעהן!

פאר וואָס זאָגט מען „א פארליעבטער“? מען האָט געדארפט זאָגען א דבוק! האָבען אין זיך דעם דבוק פון א רוח איז אן אויסנאם. פון א פרוי איז א כלל, קיין מאַן קען דאס ניט אויסמיידען דער דבוק געהט אין איהם אריין און ער ווערט אויסער זיך.

ס'ארא מכשפה דאָס איז א יונגע פרוי, דער אמת'ער נאָמען פון ליעבע איז געפאנגענשאפט.

מען זיצט אין תפיסה, געפאנגען פון דער פרוי'ס נשמה, פון איהר גוף אויך, טיילמאָל נאָך מעהר פון לייב ווי פון דער זעל, די זעל איז אונזער ליעבהאָבערן, דאס לייב איהרס — די הערשעריז.

א פאַלשען בלבול האָט מען אויסגעטראכט אויפ'ן שטן, דעם שלאַנג, ניט ער האָט חוה'ן אנגערעדט אויף שלעכטס, זי האָט איהם פארפיהרט, די פרוי האָט אנגעהויבען.

דאָס לייב איז דאָס אויבערשטע פון דאס אונבאקאנטע, עס פראַוויצירט, רייצט און קיצעלט אָט די חוצפה מאכט שעמעוודיגע חנ'דלער.

וואס האָט איצט גווינפעלינען געריי צט און געצויגען? אין דעם אויגענבליק האָט ער טאַקע געגארט מיט חשק אָט דעם לייבליכען אויבערפלאַך, א געפערליכער מאָמענט איז דער ווען מען באגערט די נאַקעטקייט, אָטאָ האלט מען זיך אויף און אָט גליטשט מען זיך אראפ אין זינד אריין.

עפעס האָט אין גווינפעלינען אויסגערופען מיט הילכיגע קולות: דיא — א מיידעל, דיא — די צווייטע העלפט פון מאַן, דיא — פלייש און פלאם, דיא — מיט א בלויזען בוזעם, דער מלאך איז שוין כמעט פארטריבען געווארען, א קריטישער מאָמענט וואס יעדער ליעבע כמעט דארף איהם דורכמאַכען. דעמאָלט איז דער אידיאל אין געפאהר, דאס איז דער פאראויס באשטימטער גורל פון אויביג אָן.

א מאָמענט ווען דער הימעל שפאַלט זיך און ווערט געבאָרען.

גווינפעלינס ליעבע איז פון הימעל אראָפּגעפאַלען צום הימעלבעט, גייסטיגע ליעבע האלט ניט אָן אייביג, דער מאָמענט איז געקומען ווען גווינפעלין האָט געדארפט אין דיאַן די פרוי.

ער האָט געדארפט א פרוי.

א באַרג אראָפּ וואס מען זעהט פון איהם נאר דעם אנהויב, דער אינסטינקט, דער רוף פון דער נאַטור.

די גאַנצע פרוי — ס'אַרא אפּגרונט.

גווינפּעלינס גליק איז געווען וואס עס איז קיין־אנדער פרוי ניט געווען נאר דיא, די איינציגע וואס ער האָט באגערט, די איינציגע וואס האָט איהם באגערט.

גווינפּעלין האָט איבערגעלעבט גרויסע אונבאשטימטע ציטערניש, וואס איז דער לעבעדיגער אנהויב פון א סוף.

ער האָט געשפּירט אין זיך די שפּע אָהן א נאָמען, וואס קוואַלט פון דעם פינסטערן הימעל, ער איז געווען פול אנגעלאָדען מיט זיסער אונבאשטימטקייט די וואנדערלדיגע ריחות פון דעם וועלט־זאַפט אין דער ארבייט, די שווידערליכע אויסשטראַלונג וואס שוועבט ארום אין דעם שאָטען, די ווייטע פאַנאַנדערעפענונג פון נאַכט בלומען, די מיט־שולדיגקייט פון די קליינע פאַרבאָרגענע פויגעל נעסטען, דאס ברומען פון וואסער און בלעטער, דער אָטעם וואס הויכט ארום איהם, די פרישקייט און ווארימקייט, אָט דאס מיסטעריעזע ערוואַכען פון אפּריל און מאַי — דאס איז דער גרייסער סוד, דאס געזעץ וואס פּראָפּאַנירט אין דער שטיל, תאוה, לוסט, ליידענשאַפט. שטורמישע פּראָוואָקאציע וואס מאַכט שטום די נשמה, דער אידעאל וויים שוין מעהר ניט וואס ער רעדט.

ווער עס וואָלט געזעהן גווינפּעלינען ארומגעהן, וואָלט געזאָגט: האַלט! א שכור'ער!

ער האָט וויקליך כמעט געפּלאָנטערט מיט די פיס אונטער דער דרייפאכער משא; פריהלינג, נאַכט און זיין אייגען הארץ.

די איינזאמקייט אויף דעם פעלד איז געווען אזוי בשלוה'דיג רוהיג, אז ער האָט צייטענווייז אויך גערעדט צו זיך אליין.

פיעלט מען אז קיינער הערט ניט — ווילט זיך ריידען.

ער האָט געשפּאַנט לאַנגזאם, דער קאָפּ אראָפּגעלאָזען, די הענט פאַרלייגט אויף הינטען, די לינקע אין דער רעכטער, די פינגער צו־שפּרייט.

פּלוצלונג דערפיהלט ער ווי עפּעס גליטשט זיך אריין אין דער האַנט זיינער.

ער האָט זיך פלינק אומגעקערט.

אין די הענט האָט ער געהאַלטען א פאַפירעל, און פאַר איהם איז א מענש געשטאַנען.

יענער איז צוגעקומען הינטען ארום צוגע'גנב'עט זיך ווי א קע־צעל און אריינגעלייגט דאָס פאַפירעל צווישען זיינע פינגער.

דאָס פאַפירעל איז געווען א בריוועלע.

דאָס איז געווען א קליין מענשעל, יונג, ערנסט, געקליידעט אין א ליווערי פון פייער קאָליר, וועלכען מען האָט ארויסגעזעהן פון אויבען ביז אראָפּ דורך א לאַנגען שפּאַלט אין זיין גראָען מאַנטעל. אויפ'ן קאָפּ האָט ער געטראָגען א רויט מיצעל ענליך צו א יאַרמולקע פון א קאַר־דינאַל, וואו די קנעכטשאַפט איז אונטערגעשריבען מיט א שמוק־לערשען שנירעל. אויף דער יאַרמולקע איז געווען פעדערן פון וועב־פויגעל.

ער איז אונבאַוועגליך געשטאַנען פאַר גווינפּעלינען. מען האָט געקענט מיינען א פיליעט פון א חלום.

גווינפּעלין האָט דערקענט דער הערצאָגינס פּאַזש.

איידער גווינפּעלין האָט צייט געהאַט א געשריי צו טאָן פון איי־בערראַשונג האָט ער דערהערט א גרילצענדע שטים, קינדעריש־ווייבע־דיש מיט אמאָל, דער פּאַזש האָט איהם געזאָגט:

„זייט מאָרגען אין דער זעלבער צייט ביים אריינגאַנג פון לאָנ־דאָנער בריק, איך וועל דאָרט זיין, און וועל אייך פיהרען."

„וואוהין?"

„וואו מען וואַרט אויף אייך."

גווינפּעלין האָט אראָפּגעלאָזען די אויגען אויפ'ן בריעף, וואָס ער האָט מאַשינעל געהאַלטען אין האַנט.

געקומען צו זיך איז דער פּאַזש שוין ניט געווען.

אין דער טיעף פון פעלד האָט מען געזעהן ווי עפּעס א פינסטער־ער שאָטען, דערווייטערט זיך שנעל און ווערט אַלץ קלענער, דאָס האָט דער קליינער לאַקיי זיך אפּגעטראָגען, ער האָט זיך פאַרקירעוועט אין א ווינקעל גאַס און — ווידער ניטאָ קיינער.

גווינפּעלין האָט געקוקט אהין וואו דער פּאַזש איז פאַרשוואונ־

דען און שפעטער א קוק געטאן אויפ'ן בריוועלע. פאראן מאָמענטען אין לעבען וואו אלץ וואס פּאסירט מיט אייך קומט צו אייך ניט אָן, עפּעס א פארגליווערטקייט האט אייך פון דערווייטענס. גווינפעלין האט דאָס בריוועל צוגעטראגען צו די אויגען ווי ער וואָלט דאָס וועלען לייענען, האט ער באלד באמערקט אז ער קען דאָס ניט לייענען צוליעב צוויי אורזאכען: ערשטענס איז דאָס פאר'חסמ'עט און צווייטענס איז פינסטער. עס האט געדויערט עטליכע מינוט ביז ער האט זיך דערמאָנט אז לאמטערן אין קרעטשמע, ער האט געמאכט עטליכע טריט אבער אן א זייט, ווי ער וואָלט ניט געוואוסט וואוהין ער געהט, א לבנה-וואנדלער וואס באקומט א בריעף פון יענער וועלט וואלט אזוי געשפאנט.

ענדליך האט ער באשלאָסען, ער איז מעהר געלאָפען ווי געגאנגען צוגעקומען צו דער קרעטשמע, געשטעלט זיך ביי דער ליכט, און ווידער אמאָל באטראכט דאָס פארמאכטע געשריפט, קיין אפּדרוק אויפ'ן זיי־געל און אויפ'ן קאָנווערט א קורצע אויפשריפט — צו גווינפעלינען.

ער האט צובראכען די חסימה, צוריסען דעם קאָנווערט צולייגט דאָס שריפט אין פולער שיין און אט וואס ער האט געלייענט:

„דו ביזט מיאוס — איך בין שעהן, דו ביזט פּאיאץ — איך בין הערצאָגין, איך בין די ערשטע — דו דער לעצטער. איך וויל דיר האָ־בען, איך ליעב דיר, קום.“

---

## 33טער קאַפּיטעל.

איין פונק צינט אמאָל אָן א גאנצען וואולקאן, אזא העליש פייער האט אויפגעפלאמט ביי גווינפעלינען אין הארצען פון יענעם קליינעם צעטעלע.

ער האט געלייענט, און איבערגעלייענט אבער און ווידער פּאראן דאָרט די ווערטער „כ'ליעב דיר.“

ער האָט געשפּירט צווייערליי שרעקן. ערשטענס ער איז משוגע. יע משוגע, דאָס איז זיכער. ער האָט גאָרניט געזעהן, עס האָט זיך איהם נאָר אויסגעדאַכט. דאָס קליין מענשעלע אין רויטען איז ניט מעהר ווי אַ פאַנטאַזיע. עפּעס אַ לץ אַ ניט גוטער האָט זיך פאַרשטעלט און איהם אויסגעלאַכט. פאַרשוואונדען און איהם איבערגעלאָזען אַ משוגענעם.

דער צווייטער שרעק איז געווען נאָך שרעקליכער. ער איז פאַרט ביים פולען זינען.

אַ חלום, אַן איינבילדונג, ער זעהט דאָך דאָס בחוש, אַזעלכע קלאָרע סמנים: אַ קאָנווערט אַ חסימה, פּאַפּיר, אותיות, ווערטער. דאָס פּאַפּיר שמעקט פיין, דאָס קליין מענשעלע האָט איהם באַשטימט אַ ראַנדע־וואו אויף מאָרגען ביי דער בריק.

אַלץ איז קלאָר.

אויב אַזוי איז שרעקליך!

פאַראַן אַ פרוי וואָס גלוסט צו איהם.

אַ פרוי וואָס האָט געזעהן זיין פּנים, אַ פרוי וואָס איז ניט בלינד! איצט קאָן מען שוין אַלץ גלויבען אויף דער וועלט. און ווער איז די פרוי אַ מיאוסקייט? ניין אַ שעהנהייט. און וואָס איז זי אַ ציגיינערין? ניין אַ הערצאָגין!

אַ פונק וואָס האָט נאָך געצאַנקט פון דעם ערשטען באַגעגעניש מיט איהר, איצט האָט עס זיך אויף דאָס ניי צופלאַקערט, דאָס איז זי די משונה'דיגע אונבאַקאַנטע, וואָס האָט איהם דעמאָלט נאָך אַזוי שטאַרק אויפגערעגט. דאָס איז ניט מעהר ווי אַ שפּיעל אין באַהעלט־ניש, פּאַסירט עטוואָס און דאָס פאַרבאָרגענע ווייזט זיך ווידער ארום די לינעס פון דעם ערשטווינטען זכרון.

שטעלט זיך אַרויס אַז די פרויס געשטאַלט איז געבליבען איינ־געקריצט ביי איהם אין מח, ניט אויסצומעקען, ער האָט ניט גע־מערקט, ניט געשפּירט ווי די דאָזיגע פרוי האָט זיך נאָך טיעפער אַריינגעריסען, איצט איז פאַרפאַלען.

די פּרינצעסין איז אַראָפּ פון איהר טראָהן, דער אפּגאָט פון זיין אַלטאַר, די סטאַטוע פון איהר פּעדעסטאַל, דאָס גייסטער־בילד פון זיין

וואלקעז, די הויפדאמע שטרעקט אוים איהרע ארעמס און וויל איהם דאס פארזעהעניש צודריקען צו איהר ברוסט. דער אלימפ — פראס־טיטוּאירט זייערע מאיעסטעטען ווערען קיין מאל ניט שווארץ, געטער וואשען זיך אריין אין זייער שטראלענדער שיין.

איהם, גווינפעלינען ליעבט זי, ער איז מעהר ווי געליעבט, ער איז געלוסט, ער איז מעהר ווי אנגענומען, אויסגעוועהלט איז ער.

וואס געפינט זיך אונטערן בריעף? אפענע טירען און אין דער זעלבער צייט, באאונרוהיגענדע פארשלאפענקייט, פון איין זייט א ודוי פון דער אנדער זייט א רעטעניש.

ודוי און רעטעניש, די צוויי מיילער וואס איינס פראוואצירט און איינע דראהט, און ביידע צוזאמען זאגען: פרוב, דערוועג זיך!

קיין מאל האט נאך דער יצר־הרע ניט אזוי קלוג געשטעלט א נסיון, אזוי קונציג פארפיהרעריש, און אזוי טרעפען אקוראט צו דער צייט. פריהלינג און גווינפעלין חלום׳ט פון דאס קערפערליכע, דער אור־מענש וואס איז פארבארגען אין יעדען פון אונז האט איצט ער־וואכט אין דעם פארשפעטיגטען יונגען מאן, וואס איז ביז 25 יאהר געבליבען א תם א בחור, און אין דעם אונרוהיגען אויגענבליק פון מענשליכען קריזים רופט מען איהם, און ווער? א ספינקס, האלב מענש, האלב חיה רעה אדער געטין, וואס פארבלענדט מיט איהר, פארשייט נאקעטען לייב.

יוגענד איז א משופע גליטשיגער בארג אראפ, וואו מען האלט זיך אויף משקולת, גווינפעלין איז געווען אין דער געפערליכער לאגע. האט מען איהם נאך אונטערגעשטויסען, ווער? דער סיזאן, ווער? די נאכט, ווער? יענע פרוי ווען עם וואלט ניט געווען קיין חודש אפריל וואלטען מענער געווען ווענינער מעניש און מעהר לייטיש, בליהענדע און בלומען — א מתנה פארפיהרערישע מיטשולדיגע, ליעבע איז א גנב — פריהלינג איז פארפאסער וואס נעמט צו די גנבות און פאר־בארגט זיי אין זיין פלאטערענדען בוזים.

א מענש טוט ניט קיין עברה סיידען עס געהט אין איהם אריין א הויך נארישקייט. דאס בייזע גיט פון זיך ארוים א רויך, נאר פון אנפאנג קומט עס ניט צו צום באוואוסטזיין, דער עהרליכקיים גע־שטעלט אן נסיון דערשפירט אינסטינקטיוו אז דער גיהנם עפענט זיך

— אזש א רויך געהט, עס ווארענט דעם שטאַרקען און באַטויבט דעם שוואַכען. גווינפּעלין האָט גענומען די ,זתראה און אין אנפאנג דער־פיהלט אז ער איז בארוישט, שכור.

פאר'עקשנ'ט איז די עברה פאר איהם געשטאַנען, זיך אַנגעבאַ־טען מיט עזות און אנגענומען בולטע פאָרמען, מארגען האַלבע נאַכט. לאָנדאָן בריק, דער פאַזש, וועט ער געהן? יאָ שרייט דער גוף ניין! ענטפערט די נשמה.

מיר מוזען אבער באמערקען אז ווי וואונדערליך עס זאָל נאר ניט אויסווייזען אויפ'ן ערשטען בליק, די פראגע: צו וועט ער געהן? האָט ער זיך קיין איינציגען מאָל קלאָר און שארף ניט געשטעלט.

זיכער איז נאר געווען, אז עס שטויסט איהם הינטערווייל׳עכטס אין דאָס אונבאַקאַנטע, און ער האָט געציטערט. דערזעהענדיג דעם אַפּגרונט וואו עס טרייבט איהם. און ער האָט זיך מיט שרעק צוריק א כאַפּ געטאָן, די אויגען פאַרמאַכט, ער האָט זיך באַמיהט צו לייַ־קענען עס פאר זיך זעלבסט, צו צווייפלען טאָמער איז ער ניט ביים קלאָרען זינען, דאָס איז ווירקליך געווען דאָס בעסטע וואָס ער האָט געקענט טאָן, דאָס גרעסטע שכל איז געווען גלויבען אז ער איז משוגע.

פאַטאַלער פיבער, ווער האָט עס ניט געהאַט ווינציגסטענס איין מאָל אין זיין לעבען, ווען דאָס מזל האָט איהם געפּאַקט אונגעריב־טערהייט און געשטעלט זיין געוויסען אויף פּראָבע.

און גווינפּעלין האָט די פּראָבע ניט אויסגעהאַלטען, ער האָט גע־קווייִנקעלט, וואו דער חוב איז ניט און מען ווייסט קלאָר וואָס מען האָט צו טאָן איז דאָס גופא שוין אז עולה דאָס פרעגען שאלות.

נאָך א פּרט דאַרף מען פארצייכענען די חוצפּה פון דער גאַנצער מעשה וואָלט שאַקירט יעדען פאַרדאַרבענעם מענשען, ער האָט דאָס דוקא ניט געשפּירט ער האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס איז אזעלכעס ציניזם, ער האָט ניט געקענט פאַרשטעהן אז דאָ האַנדעלט זיך וועגען פּראָסטיטוציע אין גאָלד איינגעפּאַסט. ער איז געווען צו ריין אום צו מאַכען פאַרפּלאָנטערטע השערות, ער האָט נאר געזעהן די גדלות פון יענער פרוי, עס האָט איהם געשמייכעלט, גע'חנפ'ט, זיין עהרענגייץ האָט מעהר ניט געזעהן ווי זיעג, ער זאָל איינזעהן אז דאָס איז ניט קיין ליעבע, נאר א ווילדע אומריינע תאוה, דארויף האָט ער געדאַרפט

פארשטעהן פיעל מעהר ווי אן אונשולדיגער תם. ער האט נאר געזעהן דאס געשריבענע „כ'ליעב דיר" און ניט איבערגעלייענט פון צווישען די שורות: „איך באגער דיר", „איך וויל דיר האבען."

באמערקט די געטין און פארזעהן די בעסטיע.

דער גייסט קען איבערטראגען אן אנפאל, די נשמה האט איהרע רויבערשע באנדעס, ראס זענען די בייזע געדאנקען. וואס באפאלען אונזער יוגענד און ווילען זיי פארניכטען, טויזענד אידעען האבען זיך ביי גווינפעלינען געראנגעלט, אט שטורעמען זיי איינע געגען די אנדערע, אט ווערען זיי שטיל ווי זיי וואלטען שלום געמאכט צווישען זיך.

פלוצלונג באמערקט ער אז ער טראכט שוין מעהר ניט, זיין חלום האט דערגרייכט דעם שווארצען פונקט וואו אלעס ווערט פארשוואונדען.

ער האט אויך באמערקט אז ער שטעהט נאך אלץ אין דרויסען עס האט שוין געדארפט זיין ארום צוויי פארטאג. ער האט דאס ברייוועלע אריינגעלייגט אין בוזעם קעשענע. באלד זיך פארטראכט אז עס קומט אויס פונקט געגען הארצען, האט ער דאס איבערגעלייגט אין אן אנדער ארט, דערנאך איז ער שטילערהייט אריין אין קרעטשמע, אויסגעלאשען דאס פייער פארינגעלט די טיר און אריין אין זיין שלאפצימער אין דער אלטער קאיוטע, געטראפען אורסוסען שלאפענדיג און זיך אליין ניט געלייגט.

אזוי איז אריבער א שעה צייט ענדליך אויסגעמאטערט האט ער געמיינט אז א בעט הייסט שוין אויך שלאפען, האט ער זיך צונעשפארט אויף'ן קישען ניט אויסגעטאן ווי פארמאכט די אויגען, קיין שלאף האט איהם ניט גענומען. ער האט שטארק געליטען, צום ערשטען מאל אין זיין לעבען איז ער געווארען אומצופרידען מיט זיך אליין א שטילער פיין, וואס האט פארביטערט זיין פריהעריגען עהרענ־גייץ.

ווען די נשמה שטורעמט, זענען אונזערע מחשבות — אן אפגרונט וואסער, עס וויגט זיך, הויפט זיך, רוישט, צופלוס, אפפלוס, צוזאמענשטויס, קעסעל־גרוב, שטראם און ווינט, האגעל און רעגען, וואלקענס מיט דונערן און בליצען. אונגעהויערע אנשטרענגונג וואס ווערען אהן נוצען פארלארען. שאטען און שרעק — אלץ וואס דרויסען אין

אָפּגרונט, געפינט זיך אויך אינווענינ אין מענשען. גווינפּעלין האָט איבערגעלעבט אזא אינוועניגסטען שטורעם.

אין מיטען דערינען הערט ער א זים קול: „גווינפּעלין שלאָפסט?“ ער עפענט די אויגען און דערזעהט דיאן אין טיר מיט איהר בע'חנ'טען שמייכעל אויף די ליפּען. ער איז אויפגעשפּרונגען פון געלעגער, דאָס איז געווען א מין הייליגע מינוט. גווינפּעלין האָט זי אנגעקוקט ציטערנדיג, פאַרבלענדעט, ערוואכט, פון וואָס ערוואכט? פון שלאָף? ניין פון שלאָפלאָזיגקייט. און דער גאנצער שטורעם איז פאַרביי, אלע וואלקען — פאַרשוואונדען, און ער איז ווייטער דער פריהערדיגער גווינפּעלין, אונשולדיג גוט און גליקליך.

---

## 34טער קאַפּיטעל.

דער וואונדער ערקלערט זיך אָפּט, אין גרינעם קאסטען איז שוין געווען פרישטיק צייט, און דיא איז געקומען געוואהר ווערען צו גווינפּעלינען פאַרוואָס ער געהט ניט צום טיש.

„דו“ האָט גווינפּעלין אויסגעשריען און דערמיט האָט ער אלעם אָפּגעזאָגט, ניטאָ מעהר קיין אנדער האַריזאנט, קיין אנדער טרוים־בילד, אויסער דעם הימעל וואו דיא שיינט ווי א ליכטיגער שטערן.

ווער עס האָט ניט געזעהן ווי דער ים שמייכעלט נאָך א שטורעם, דער קאן ניט האָבען קיין באגריף װעגען די רוה, וואס האָט איצט גווינפּעלינען באהערשט. קיין זאַך זיך קאן אזוי גיך ניט בארוהיגען, ווי דער אָפּגרונט, דעם מענשענס הארץ איז אזא טהוט אמת ניט שטענדיג.

איינינע מינוטען שפּעטער זענען זיי שוין געזעסען איינע נעבען די אנדערע ביים טיש, אורסוס אין מיטען און האָמאָ צופוסוענס. אויפ'ן טיש האָט געזאָטען א טיי־קענדעל, די ציגיינערינס האָבען באַדינט.

דאס שמאלע טישעל איז געשטאנען אין דער מיטען אפטיילונג. דיאס רוקען איז אויסגעקומען צום דורכגאנג. הינטער איהר איז געווען די דרויסענדיגע טיר פון דעם גרינעם קאסטען.

זייערע קניען האבען זיך באריהרט, גווינפעלין האט אנגעגאסען טיי אין שאל.

דיא האט גראציעז געבלאזען אויף איהר שאל, פלוצלונג צוהוסט זי זיך, אין דעם מאמענט האט זיך איבערן פלאם באוויזען א רויך און עפעס ווי א פאפירעל איז צופאלען אין אש.

„וואס איז עס ?" פרעגט זי.

‚גאר נימ" ענטפערט ער מיט א שמייכעל.

דאס האט ער פארברענט דער הערצאגינס בריוועלע.

דער קלארער געוויסען פון דעם ליעבענדען מאן איז דער מלאך הגואל דער שוץ ענגעל פון דער געליעבטער פרוי.

ער האט דערפיהלט ווי מיט דעם קליינעם שטיקעל פאפיר איז פון איהם א משא אראפגעפאלען.

גוויניפעלין האט געפיהלט זיין עהרליכקייט ווי דער אדלער פיהלט זיינע פליגלען.

עס האט זיך איהם געדאכט אז דער שווערער נסיון איז אויך אוועק מיט רויך, און פון דער גאנצער געשיכטע איז געבליבען ניט מעהר ווי דאס ביסעלע אש פון פארקוילטען פאפיר.

זיי האבען גערעדט טרינקענדיג פון איין שאל, פארליעבטע פלוי־דערן, פויגלעך פיפסען, צוויי הערצער ליעבען זיך: זוכט ניט מעהר קיין פאעזיע, צוויי קושען ווערטלען זיך, זוכט ניט מעהר קיין מוזיק.

„הער נאר א מעשה."

„וואס ?"

„א שעהנע מעשה, גווינפעלין מיר האט זיך גע'חלומ'ט."

„גע'חלומ'ט ?"

„יא, אז מיר זענען חיות און מיר האבען פליגלען."

„פליגלען האבען פויגעל". האט גווינפעלין געזאגט.

„חיות זענען מלאכים," האט אורסום ארויסגעברומט.

דער געשפרעך איז פארטגעזעצט געווארען.

„ווען דו וואלסט ניט געלעבט גווינפעלין."

„וואס וואלט געיוען ?"

„ווייל דאָס מיינט, אַז עס איז ניטאָ קיין גוטער גאָט.“

„די טיי איז צו הייס, דו וועסט זיך אָפּבריען, דיאַ.“

„בלאָז מיר אויס די טיי.“

„ווי שעהן דו ביזט היינט.“

„שטעל זיך פאָר, אַז עס זענען דאָ אַזוי פיעל זאַכען וואָס איך וויל דיר זאָגען.“

„זאָג זיי.“

„איך ליעב דיך.“

„איך פאַרגעטער דיך.“

אורסוס האָט זיך פון זייט אַריינגעמישט: —

„ביי גאָט, עס זענען דאָ עהרליכע מענשען אויף דער וועלט.“

די פאַרליעבטע מענשען איז דער שווייגען אינטערעסאַנט. עס קלייבט זיך אַן אַ סך און דאַן ברעכט עס אַרויס אין אַ שטילען פּליס־טערן.

עס איז געוועזן שטיל, און דאַן האָט דיאַ אַרויסגעפּלאַצט.

„ווען דו וואָלסט וויסען גווינפּעלין! יעדען אָבענט ביים שפּילען, ווען איך ריהר אַן דיין שטערען — אָה, דו האָסט אַזאַ נאָבעלען קאָפּ גווינפּעלין, — אין יענעם מאָמענט ווען איך פיהל דיינע האָר הינ־טער מיינע פינגער, לויפט אַ ציטער אַדורך מיין גאַנצען קערפּער. איך פיהל דאַן אַ הימלישע פרייד, איך זאָג צו זיך אַליין: „אין דער גאַנ־צער וועלט פון פינסטערניש וואָס וויקעלט מיך אַרום, אין דער וועלט פון איינזאַמקייט, אין דער אונענדליכער רואינע אין וועלכער איך לעב, אין דעם געפערליכען שרעק אין וועלכען איך לעב, האָב איך איין פעס־טען אַנהאַלט, אַט איז עס — עס איז ער“ — דאָס ביזט דו.“

„אָה, ווי דו האָסט מיך ליעב“, האָט גווינפּעלין געזאָגט, איך האָב אויך בלויז דיך אויף דער גאַנצער וועלט. דו ביזט אַלעס פאַר מיר, דיאַ, וואָס וואָלסטו געוואָלט איך זאָל טאָן? ווילסטו עטוואָס? וואָס דאַרפסטו נויטיג?

„איך ווייס ניט, איך בין גליקליך.“

„מיר זענעןביידע גליקליך.“

אורסוס האָט גענומען ריידען שטרייננג:

„אָה! איהר זייט גליקליך! דאָס איז געגען געזעץ, איך האָב אייך דאָך שוין איין מאָל געוואָרענט! אָה, איהר זייט גליקליך, דאַן

פארבאהאלט זיך לאָזט קיינעם ניט זעהן, פארנעמט אזוי ווינציג פּלאַץ ווי נאר מעגליך. גליק דארף ליגען באהאלטען אין א לאַד, מאכט זיך קלענער ווי איהר זייט, אויב איהר קענט, גאָט מעסט די גרויס פון גליק נאָך די קליינקייט פון דעם גליקליכען. צופרידענע מענשען דאר־פען זיך באהאלטען ווי פארברעכער. אָה, איהר שיינט, פארברעכערשע פייער־פויגלעך וואס איהר זענט! זיי וועלען אייך מיט די פיס טרעטען און זיי וועלען רעכט האָבען, וואס באדייט די אלע צערטליכקייטען? איך בין ניט קיין אויפזעהערין איך זאל היטען אייער יעדען ריהר און קער, איהר דערעסט מיר, דאס יע, געהט צום טייוועל!"

פיהלענדיג אז זיין שטריינגער טאָן ווערט ווייכער ביז צערט־ליכקייט, האָט ער זיינע געפיהלען דערטרונקען מיט א טיפען ברום.

„פאָטער, ווי דו שרייסט היינט" האָט דיא געזאָגט.

„ס'איז דערפאר וואס איך האָב ניט ליעב מענשען זאָלען זיין צו גליקליך."

איצט האָט האמא געגומען ברומען ווי אורסוס, א ברום איז דער־פיהלט געווארען פון אונטער די פיס פון די געליעבטע.

אורסוס האָט זיך אראָפּגעבויגען און האָט ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף האמא'ס קאָפּ.

„אָט אזוי, דו אויך, דו ביזט אויך אין כעס, דו ברומסט, דו האָסט ניט ליעב קיין ליעבעס ערקלעהרונגען, דו ביזט א הייליגער, נו זאָל זיין גענוג, זאל דיר ניט ארען, האלט דיין צונג, דו האָסט שוין דיינס געזאָגט, דו האָסט שוין דיין עצה געגעבען, טו זאל זיין גענוג, ווער שוין שטום."

דער וואָלף האָט אבער אלץ געברומט.

אורסוס האָט זיך אראָפּגעבויגען אונטערן טיש.

„רוהיג האמא, דו האָסט שוין דיינס געזאָגט, זיי שטיל."

אבער דער וואָלף האָט אלץ געברומט אוי געוויזען זיינע ציין צו דער טיר.

„וואָס איז מיט דיר האמא?"

און ער האָט דעם וואָלף אנגעכאפּט ביים קאַרק.

דיא האָט ניט אכטענדיג אויף דעם ברומען פון וואָלף, איז איינגאנצען געווען פארנומען מיט איהרע געדאנקען. און הנאה האָבענדיג פון גווינ־פּלינס שטימע, האָט זי זיך נאָך אלץ צוגעהערט מיט דעם ענטו־

זיאזם פון בלינדע וואס הערען זיך צו צו אנגענעמע קלאנגען, און ווען ס'איז שטיל הערען זיי זיך צו צו אינערליכע קלאנגען, וואס פארנעמט ביי זיי דעם אָרט פון ליכט. בלינדקייט איז א תהום, וואו מען הערט די טיפע אייביגע האַרמאָניע.

אין דער צייט וואָס אורסוס האָט געהאלטען האמאן מיט א געבויגענעם קאָפּ, האָט גווינפּעלין אויפגעהויבען די אויגען.

ער האָט געוואָלט טרינקען זיין טיי אבער ער האָט ניט געטרונקען, ער האָט דאס פּאמעלעך אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש און אוועקגעלייגט זיין האנט, ער איז געבליבען באַוועגלאָז, קוקענדיג גלייך מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם.

א מאן איז געשטאַנען גלייך אויסגעצויגען הינטער דיאן ביים טיר.

דער מאן איז געווען אנגעטאָן אין שווארצען, ער איז געגאנגען אָנגעטאָן אין א פאריק ביז איבער די אויגען, אין האַנט האָט ער געטראָגען אן אייזערנעם שטעקעל אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעקריצט די קעניגליכע קרוין.

דער שטעקעל איז געווען קורץ אבער שווער.

זאָל זיך דער לעזער פאָרשטעלען מעדוזא ארייןשפּארענדיג איהר קאָפּ צווישען צוויי צווייגען אין גן־עדן.

אורסוס, וואס האָט דערפיהלט אז א פרעמדער איז דא אין הויז, האט אויפגעהויבען זיין קאָפּ, ניט אפּלאָזענדיג, האמאַן, ער האָט איהם גלייך דערקענט.

ער האָט גענומען ציטערען פון קאָפּ ביז די פּיס.

ער האָט ארייגעשושקעט אין גווינפּעלינ'ס אויער:

„דאָס איז דער וואפּענטרעגער."

גווינפּעלין האָט געדיינקט.

ער האָט געוואָלט אויסשרייען, נאָר ער האָט זיך איינגעהאלטען.

דער אייזערנער שטעקעל מיט'ן קרוין אויפ'ן עק האָט געהייסען דאָס אייזערנע וואפּען.

אויף דעם אייזערנעם וואפּען האָבען די ציווילע פּאָליציי גענומען זייער שבועה ווען זיי טרעטען אריין אין דינסט.

הינטער דעם מאן מיט'ן פּארוק איז געשטאַנען דער קרעטשמער א דערשראָקענער.

דער מאן ניט רעדענדיג קיין וואָרט, האָט אויפגעהויבען זיין רעכטע האַנט איבער דיאן און מיט'ן אייזערנעם שטאַנג אנגערירט גווינפעלינען, און מיט'ן גראבען פינגער פון זיין לינקער האַנט האָט ער אנגעוויזען אויף דער טיר. אָט די צווייפאַכיגע באוועגונג האָט גע־הייסען „פאָלג מיר נאָך."

דער יעניגער וועמען דער אייזערנער שטאַנג האָט אנגערירט, האָט ניט געהאַט קיין אנדער רעכט ווי די רעכט פון פאָלגען. מען האָט אָט דעם שטומען באַפעל ניט געקענט ענטפערן, א שטאַרקע ענגלישע שטראָף האָט געדראָהט יעדען איינעם וואס וואָלט ניט נאָכ־געפאָלגט.

אונטער דעם ריהר פון געזעץ האָט גווינפעלין א ציטער געטאָן, און דאָן איז ער געבליבען ווי פארגליווערט.

ווען ער וואָלט, אנשטאָט דעם ריהר פון דעם אייזערנעם שטעקעל געקראָגען א שטאַרקען זעץ וואָלט ער ניט געווען מעהר צוטומעלט, ווי ער איז געווען. ער האָט געזעהן אז ער מוז נאָכגעהן דעם פאָליציי מאן. ווארום? ער האָט ניט פארשטאַנען.

אורסוס איז אויך געווען אונרוהיג, ער האָט עטוואס באשטימטעס געזעהען און גאר ניט פארשטאַנען, ער האָט געטראַכט פון די קונצען מאַכערס זיינע קאָנקורענטען, פון די קלאָגען וואס זענען געבראַכט גע־וואָרען. פון דעם וואָלף, פון זיין געשפּרעך מיט די דריי דאָקטוירים, די צענזורען און, ווער ווייס — אבער דאס איז דאָך שרעקליך — וועגען גווינפעלין'ס פּלאַפּלען, וועגען די אויטאָריטעט פון קעניגע. ער האָט געציטערט פון שרעק.

דיא האָט געשמייכעלט.

ניט גווינפעלין און ניט אורסוס האָבען א וואָרט ארויסגערעדט. ביידע האָבען געטראַכט פון דער זעלבער זאַך ניט צו שטערען דיאן. דער וואָלף האָט אויך אויפגעהערט צו ברומען, אורסוס האָט איהם ניט אָפּגעלאָזען.

גווינפעלין האָט זיך אויפגעהויבען, קעמפען קען מען ניט, גווינ־פעלין האָט דאס געוואוסט, ער האָט זיך דערמאַנט וואס אורסוס האָט איהם געזאָגט.

ער האָט זיך אוועקגעשטעלט געגען דעם וואפּענטרעגער.

דער וואפּענטרעגער האָט אראָפּגענומען דעם וואפען פון זיין אק־

סעל און דאס אויסגעצויגען צו זיך און געהאַלטען גלייך, אין דער פּאָזע פון פּאָליציי, די פּאָזע האָבען אַלע פארשטאַנען, עס האָט גע־מיינט: —

„זאָל דער מאן מיר נאָכפּאָלגען, איהר אַלע בלייבט וואו איהר זייט. שווייגען.“

קיין נייגעריגע מענשען, די פּאָליציי פון אַלע צייטען האָבען פיינט געהאַט נייגעריגקייט.

אזא סאָרט ארעסט האָט מען אנגערופען „די אפּזונדערונג.“

דער וואַפּענטרעגער מיט אַן איינציגע באוועגונג, ווי א מאַשין האָט זיך אומגעקערט און גלייך גענומען געהן צום ארויסגאַנג פון דעם גרינעם קאַסטען.

גווינפּעלין האָט א קוק געטאָן אויף אורסוסען.

אורסוס האָט געצויגען מיט די אקסלען און געמאַכט באוועגונגען מיט די הענט וואס האָט געהייסען: —

מען מוז פּאָלגען, וואס קען מען טאָן?

גווינפּעלין האָט א קוק געטאָן אויף דיאַן, זי איז געווען פאר־טראַכט און האָט אַליין געשמייכעלט.

ער האָט ארויפגעלייגט די שפּיץ פינגער אויף זיינע ליפּען און איהר געוואָרפען א קוש.

אורסוס קומענדיג צו זיך האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט וואָס דער וואַפּענטרעגער האָט איז געווען אומגעקערט צו זיי מיט'ן הינטען און האָט אריינגעשושקעט אין גווינפּעלינ'ס אויער:

„אום גאָטעס ווילען, רעד גאָרניט ביז מען פרעגט דיר.“

גווינפּעלין היטנעדיג זיך ער זאָל קיין טומעל ניט מאַכען, האָט גענומען זיין הוט, זיך איינגעוויקעלט אין דעם מאַנטעל, און אראָפּגע־צויגען זיין הוט ביז די אויגען, אזוי ווי ער האָט זיך נאָך ניט אויס־געטאָן האָט ער נאָך געטראָגען זיינע ארבייטס קליידער פון נעכטען: ער האָט נאָך אמאָל א קוק געטאָן אויף דיאַן. דער וואַפּענטרעגער צוקומענדיג צום טיר האָט אויפגעהויבען די האַנט ער זאָל איהם נאָכ־פּאָלגען, דאַן האָט גווינפּעלין אנגעפאַנגען איהם נאָכגעהן, ווי ער וואלט איהם געצויגען מיט א אונזיכבאַרען שטריק, אורסוס האָט איהם נאָכ־געקוקט ביז זיי זענען ארויס פון טיר, אין דעם מאָמענט האָט דער

וואָלף א ברום געטאָן, אורסום האָט איהם אָנגעכאפּט און האָט שטי־
לערהייט איהם אין אויער אריינגעזאָגט:

„ער וועט צוריק קומען."

דער וואפּענטרעגער איז געגאנגען מיט א פּאָר טריט פריהער פון
גווינפּעלינען, ניט ארום דרעהענדיג זיך און ניט קוקענדיג אויף גווינ־
פּעלינען איז ער געגאנגען מיט דער זיכערהייט פון געזעץ.

ביידע זענען פארביי געגאנגען דעם הויף אין א קברים שטיל־
קייט, און אדורך דעם שיינק וואו א פּאָר פארבייגעהער האָבען זיך
אָפּגעשטעלט קוקען אויף זיי. מיט אן ענגלישער דיסציפּלין איז דער
וואפּענטרעגער געגאנגען און דורכגעגאנגען די קליינע געסלעך ארום
דער טעמזע, גווינפּעלין האָט איהם נאָכגעפאָלגט, ניט מאכענדיג קיין
באוועגונג אויסער זיינע טריט, בלייך, ארומגעוויקעלט מיט זיין מאנ־
טעל און זיין הוט. ער איז געגאנגען שטיל און רוהיג ווי א סטאַטוע
געהט נאָך נאָך א גייסט.

# פערלאג מאקס יאנקאוויץ

179 E. BROADWAY, N. Y.

| | בראש. | געבונדען |
|---|---|---|
| **מ. ארציבאשעוו:** | | |
| סאנין | | $1.30 |
| מיליאנען | | .70 |
| פרויען | | .70 |
| אייפערזוכט | .30 | .60 |
| דער לעצטער שטריך (אין 2 בענדער) | | 3.20 |
| **אסקאר ווײלד:** | | |
| דאס בילד פון דאריאן גרעי | | 1.20 |
| **איסכילאס:** | | |
| דער געשמידעטער פראמעטעאוס | .15 | |
| **מ. אדערשלעגער:** | | |
| וועלטלאד (ערצעהלונגען און בילדער) | .30 | |
| **לעאניד אנדרעיעוו:** | | |
| דער רויטער געלעכטער | .25 | .55 |
| **פ. דאסטאיעווסקי:** | | |
| ארעמע מענשען | | .90 |
| ערנידעריגטע און באליידיגטע, (אין 2 בענדער) | | 2.25 |
| פארברעכען און שטראף (אין 2 בענדער) | | 3.25 |
| אידיאט, אין 2 בענדער, 1,000 זייטען | | 4.25 |
| **וויקטאר הוגא:** | | |
| דער מענש וואס לאכט (אין 2 בענדער) | | 3.00 |

אויגוסט סטרינדבערג:

| | | |
|---|---|---|
| דער רויטער צימער — — — — — — — — — — — | | 1.10 |
| געזאמעלטע דראמעז (אין 2 בענדער) — — — | | 1.80 |
| ליטעראַרישער דעקלאַמאַטאַר און פאַרלעזער — — | .25 | .60 |

מאַרק אָרענשטיין:

| | |
|---|---|
| מיין ווייב׳ם משוגעת — — — — — — — — — | .20 |

ה. זודערמאַן:

| | |
|---|---|
| יאָהאַנעס פייער — — — — — — — — — — — | .25 |

ל. קאָברין:

| | |
|---|---|
| יאַנקעל בוילע — — — — — — — — — — — — | .25 |

פר. א. פאָרעל:

| | |
|---|---|
| די געשלעכטס פראַגע קאָמפּליט אין 2 בענדער | 3.50 |

סיני ליכט:

| | |
|---|---|
| הומאָריסטישע שריפטען — — — — — — — — | 1.00 |

סט. פשיבישעווסקי:

| | | |
|---|---|---|
| דעם טייפעל׳ס קינדער — — — — — — — — | | 1.00 |
| פונ׳ם אפגרונד — — — — — — — — — — | .15 | |